# חורבן בילגורײַ

מאטעריאלן געזאמלט דורך
אברהם קראנענבערג

**מיט 85 בילדער**

תל־אביב  התשט״ז  ישראל

# הקדמה

דער נוסח פון די זכרונות, וואס ווערן דערציילט דורך זייערע מחברים, איז אַ האַרציק־פאַלקסטימלעכער און דאס אַליין, איז שוין אַ הייליקע אַרבעט.

אַן אומבאַקאַנט בלאַט, דעקן אויף די געשילדערטע מאָמענטן פון די טראַגישסטע איבערלעבונגען פון די בילגאַרייער יידן, וועלכע האָבן מיט עלית־הנשמה ווירדיק געטראָגן די שווערע געטאָ־לאַסט.

דער זאַמלער פון די זכרונות ה׳ א. קראַנענבערג, האָט בלי ספק מיט זיין אַרבעט געהאָלפן צולייגן אַ שטיינדל צום קומענדיקן מאָנומענט, וועלכן יידישע היסטאָריקער וועלן אַמאָל אויפשטעלן דורך פאַר־אייביקן מיט דער פעדער די יידישע מאַרטיראָלאָגיע אין די טעג פון היטלעריסטישן בין השמשות.

י. ד. מיטלפונקט

תל־אביב, כ״ה אדר ה׳תשט״ז.

# אין דבר נגד הרצון

שווער איז עס אָנגעקומען, אבער דאך איז אונז מיט געמיינ־זאמע כוחות געלונגען אוועקצושטעלן אַ מצבה אונזערע קדושים וואס זענען אומגעקומען דורך די דייטשע מערדער.

מיר האבן געאַרבעט שווער, אבער נישט אָפּגעשטאנען, געזאַמעלט, געשאפן, געבעטן און פאַרלאנגט פון יעדן איינעם און די ברייטע מאסן פון אונזערע שטעטישע האבן טאקע אַ גרויסן ביישטייער געגעבן און עס איז אונז געלונגען אוועקצושטעלן אַ מצבה אין פאָרם פון אַ בוך פון קנאפע 400 זייטן, אבער וואס זענען 400 זייטן פאר אונזערע טייערע יידן אומגעקומענע דורך די דייטשע מערדער, עס איז דאך נישט דא קיין שיעור צו שרייבן פון זיי, דעריבער האבן מיר זיך באגניגנט מיטן ארויסנעמען דאס פערלדיקסטע.

מיר האבן צוזאמענגענומען בילדער, וואס פון זיי איז קיין זכר נישט געבליבן נאר טאקע דאס בילד, און דאס האבן מיר געגעבן, זאלן אונזערע דורות נישט פארגעסן, אז עס זענען אמאל געווען טייערע יידן. פרומע און פרייע, סוחרים און בעלי־מלאכות אלע זענען אונז געווען אזוי ליב און טייער, און אלע זענען אומגעקומען ווייל זיי זענען געווען יידן.

מיר האבן זיך אנגעשטרענגט און געשאפן אַ בילד פון אונזער שטאט מיט אירע טייערע יידן. פון די פארטייען, אינסטיטוציעס און אירע טיפן. זאלן מיר נישט פארגעסן וואס מיר האבן געהאט און וועט שוין קיינמאל נישט זיין.

מיר בעטן זייער, אז מען זאל נישט האלטן פאר שלעכט, אויב עס פעלן אין דער רשימה נעמען פון די אומגעקומענע, ווייל דאס איז נישט אונזער שולד, פיל מאל האבן מיר זיך געווענדעט צו אונזערע שטעטישע וועגן דעם, און פיל ווייניק האבן זיי די נעמען אנגעגעבן, און אפילו די פעלנדע אין דער רשימה, זאלן זיי אויך אין אונזער זכרון איבערבלייבן.

אַ הארציקן דאנק דעם קאמיטעט פארן ארויסגעבן דאס בוך פאר זיין ארבייט. אויך דעם ה׳ שולדינער אברהם יעקב,ביים צו העלפן מאַכן די רשימה פון די אומגעקומענע.

שווער איז געווען ביים שאַפן די בילדער פון אונזער שטאט מיט די פארטייען, אויך דאס איינציקע איבערגעבליבענע באַשעדיקטע בילד פון „חלוץ״. אבער דאך „אין דבר נגד הרצון״.

**אברהם קראנענבערג**

# באשיידענע ווערטער פאר גרויסע טאטן

געווען אַ שטעטל בילגוריי, ווי אַלע שטעט אין פוילן, מיט איר געבוי און אויסזען, אנשטאלטן און אינסטיטוציעס, די זעלבע באַשעפטיקונג און פּראָפּעסיעס, און איבערהויפּט די זעלבע מענטשן, די זעלבע ליבע הארציקע יידן, און געגוי ווי אלע יידישע שטעטלעך ענלעכע איינס צום צווייטן, זענען ביי די זעלבע אומשטענדן און גרוילן פאַרשניטן געווארן, האט אויך אונזער געבורט־שטאָט בילגוריי זייער גורל געטיילט.

דאס שטעטעלע מיט די יידן איז מער נישט דא! עס איז פארשוואונדן אין די גרויזאמסטע פּיין און ליידן, מיטנעמענדיק מיט זיך אלע ווערטן, אלץ וואס איז געשאפן געווארן דורך לאנגע דורות, ביז דעם לעצטן דור פון אומקום.

געראטעוועט האט זיך אַ קליין הייפעלע בילגורייער יידן, וועלכע זענען ביי פארשידענע אומשטענדן, צעשיט, און צעזייעט געווארן איבער אלע עקן וועלט.

מיר דא אין מדינת־ישראל לעבנגעבליבענע בילגורייער, זענען אויך נישט גרופירט אין איין צענטער, ווו עס טרעפט ביי געוויסע לאנדס־מאנשאפטן, ס'רוב בילגורייער זענען צעשיט איבערן גאנצן לאנד, אין שטעט און דערפער, עס איז זייער שווער צווישן זיך אַ סטאבילן קאנטאקט צו געפונען, אַ חוץ דעם איינציקן יזכור־אָוונט, ווו דער גרעסטער רוב קומט זיך צוזאמען, בכדי צו דערמאנען און באַוויינען אונזערע קדושים וטהורים.

אזוי ארום איז אוועק העכער אַ צענטליק יאר וואס ביי פארשידענע צוזאמענטרעפן, איז געווארן ארומגערעדט און פראיעקטירט דאס שאפן אַ מאנומענט, אין פאָרם פון אַ „יזכור־בוך", וועלכעס זאל זיך קענען געפונען אין יעדער שטוב, פון אונזערע געוועזענע מיט־בירגער, אז אין מאמענט ווען אַ בענקשאפט וועט דעם בילגורייער זון אדער טאכטער זיין אנגעוויטיקט הארץ נאָגן, זאל ער קענען דאס טרויער־בוך עפנען און צווישן די בלעטער די אלטע היים געפונען, דאס שטעטעלע און אירע גאסן, אנשטאלטן און אינסטיטוציעס, אירע מענטשן און אלע שאטירונגען, פארשידענע פיגורן און שטאטישע פערזענלעכקייטן, זייער באשעפטיקונג און פראפעסיעס, זייער וויר־

קונג און זייער עקזיסטענץ און דאס לעצטע, דער מאַרטירער־וועג, דער טרויעריקער אומקום.

און אַט די אויפגאַבע פון שאַפן אַזאַ מאָנומענט האָט אויף זיך גענומען אונזער פריינט אברהם קראַנענבערג, אַנהייבנדיק פון אלף, האָט ער זיך פאַרבונדן מיט בילגורייער אין לאַנד און אין אויסלאַנד, ער האָט צו זיך מאָביליזירט העכער פערציק פעדזאַן, וועלכע האָבן אָנגעשריבן פאַרשידענע מאַטעריאַלן, ווי: זכרונות און דערציילונגען פון פאַרלאָפענע צייטן, ער האָט צוזאַמענגענומען פאַרשידענע בילדער פון אומגעקומענע, וועלכע האָבן נאָך זיך קיין זכר נישט געלאָזט, נאָך וועלכע עס איז קיינער נישט געבליבן, וואָס זאָל זייער נעמען דערמאָנען, ער האָט זייערע נעמען און ענלעכקייטן אויף דער מצבה אויסגעקריצט און פאַראייביקט, און געזאָרגט פאַר דער פויבער־קייט פון בוך, פאַר זיין היסטאָרישער ווערט און ליטעראַרישן גע־שמאַק.

עס מוז געזאָגט ווערן, אַז די הייליגע אַרבעט האָט ער געטון אומדערמידלעך, טאָג־טעגלעך נאָך פיזישער דערשעפּונג ביז אין די שפּעטסטע נעכט אַריין, און אַ דאַנק דער אַרבעט איז געלונגען צו פאַראייביקן אין בילד און אין וואָרט די פאַרגאַנגענהייט פון שטעטל און אַלע אירע צייטן ביז דעם אויסראָטן פון לעצטן ייד.

מיר ווילן אים נישט דאַנקן פאַר זיין גרויסן טאַט, ווייל צו קליין וואָלט געווען דער אויסדרוק, מיר ווידמען אים בלויז אַפּאַר באַשיי־דענע ווערטער.

קאָמיטעט פאַר אַרויסגעבן דאָס בוך

שלמה וויינבערג
שמעון אַבליגענהאַרץ
מרדכי ראַפּאַפּאָרט
שמואל בראָן
יצחק ראַפּאַפּאָרט
משה טייער
ישראל גייסט

# אינהאלט:



## האנדל און אינדוסטריע



## אינסטיטוציעס און פּארטייען



## זכרונות

## מלמדים און הדרים



## געשטאלטן

## בילגורייער בלל־טוער



## טיפּן



## דער חורבן



## לעבן געבליבענע דערציילן

# מיין שטעטעלע

אין קאנגרעס פוילן, הארט ביי דער אמאליקער גרענעץ פון עסטרייך, נישט ווייט פון זאמאשטש, לובלינער קרייז, האט זיך געפונען די שטאט בילגוריי.

א שטאט וואס האט געציילט ביי 12,000 איינוואוינער. 65% יידן, וו מען איז געגאנגן און געשטאנען האט מען געהערט יידיש, כמעט דער גאנצער האנדל און האנדווערקערטום איז אייג־געשטאנען אין יידישע הענט.

אין אלע גאסן האט מען געזען ארומלויפן אונזערע באַחנ׳טע יידישע קינדער. טויזנטער חן׳ען האט בילגוריי געהאט, וויל פון אלץ האט ארויסגעשיינט יידישקייט. א שטאט וואס האט געהאט הונדערטער יארן יידישע דערציאונג און קולטור.

כמעט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען גאנץ פוילן איז שוין געווען באהערשט פון אנטיסעמיטיזם, האט מען עס אין בילגוריי כמעט ווי נישט געפילט, וויל בילגוריי איז געווען יידיש. פון אלץ האט אראפגעקיקט דער יידישער חותם, עס איז נאר געווען צו באמערקן די עטלעכע פרישע קריסטלעכע געוועלבער, וואס האבן אפילו ביי די קריסטן כמעט נישט געלייזט.

א נחת איז געווען צו זען ווי אונזערע יידן זענען געזעסן אין שטאט־ראט מיט די יארמולקעס אויף זייערע קעפ, און מיט זייערע פאטריאכאלע בערד, פארטרעטן פון אלע יידישע פארטייען פון רעכטס ביז לינקס.

א גרויסן קאמף פלעגן די קריסטן פירן ביי די שטאט־ראט וואלן. נישט וועלענדיק דערלאָזן צו א יידישע מערהייט, האבן זיי צוגעשריבן די פויערים פון די ארומיקע דערפער. מיט דעם האבן זיי אויסגעמיטן צו זיין באהערשט פון א יידישע מערהייט.

בילגוריי איז געווען א שטאט, וואס האט פארמאגט א סך בתי-מדרשים, חסידים־שטיבלעך, ישיבה, חדרים, חדר יבנה, בית־יעקב, עטלעכע יידישע בענק, פיל וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס, און אסך יידישע פארטייען. א שטאט וואס האט געאטעמט מיט יידישקייט, מיט א ריין יידיש לעבן. א שטאט וואס האט געהאט א רבנים דינאסטיע פון די אנגעזענסטע גדולי הדור פון הונדערטער יארן, וואס דער לעצטער רב איז געווען דעם בעלזער רבינס זוהן ר׳ מרדכי רוקח זצ״ל.

בילגוריי איז געווען א שטאט פון תורה וגדולה במקום אחד, דא זיינען געקומען די היטלערישע מערדער און אלץ פארניכטעט, אזוי אז עס איז קיין זכר נישט געבליבן, — אויסער דאס ביסל שארית הפליטה וואס האט זיך געראטעוועט אין פארשידענע וועלט טיילן.

ווען מען דערמאנט זיך אין דעם אומגליק דאכט זיך אז עס איז א חלום געווען, אבער לײדער איז עס א טרויעריקער אמת, זיי האבן געמאכט פון א גאנצן איינגעפונדעוועטן יידישן קיבוץ פון הונדערטער יארן, איין גרויסן בארג אש. וועלכער שוועבט כסדר פאר אונזערע אויגן, מיר און אונזערע דורות וועלן עס קיינמאל נישט פארגעסן, דער רוף פון אונזערע טייערע קדושים „זכור את אשר עשה לך עמלק״!

נישט געלונגען איז אונזערע שונאים צו פארניכטען דאס יידישע פאלק, די איבערגעבליבענע גליענדע קוילן האבן זיך ווידער צעפלאמט, און עס וועבט זיך ווייטער די יידישע קייט, און טאקע אין אונזער אייגן לאנד.

זאל דאס בוך זיין ווי א מצבה פון א יידישן קיבוץ וואס איז אומגעבראכט געווארען פון די דייטשע רוצחים.

כבוד דיין אנדענק אונזער ליב שטעטל בילגוריי.

י. ח. קראנענבערג

# אמצבה מיין שטעטעלע

בילגוריי, מיין שטעטעלע,
ווו איך האב מיין יוגנט פארבראכט.
דאס אָרט ווו מיינע טייערסטע זענען אומגעקומען
און זייערע קינדער פאר זייערע אויגן אויסגעשלאָכט.

צו דיין אנדענק טו איך א בוים פלאנצן:
א מצבה פאר דיין קהלה־קבר שטעלן.
געוועלבט מיט הימל־בלויען־זייד בייטאג
און מיט ליכטיקע קינדער־אויגן באשטערנט ביינאכט.

אינם בלאָז פונם ווינטל צווישן די צווייגן, הער איך די
שטום פון מיינע טייערע,
אינם שאָרך פון די בוימער־בלעטער — זייער סודות׳דיקן שמועס,
און אינם טרויער־געזאנג פונם פויגל צווישן די מצבה־בלעטער —
זייערע זויג־קינדערס געוויין.

אינם פרי־מארגן, מיטן זון־אויפטויכן אויף די טויאיקע פעלדער ארום,
פארשוווּנדן די ליכטיקע קינדער־אויגן — די שטערן,
מיט זיי פון די בוימער־בלעטער, די טוי־טראָפנס — זייערע טרערן.

---

# רבנים אין בילגוריי

לויט די היסטארישע באוויזן, איז בילגוריי זייער אן אלטע שטאט. לויט דעם בוי פון די הייזער וואס האבן זיך געפונען: איינס אויף דער 3־טער מאי גאס, דאס צווייטע אויף דער שול־גאס און דאס דריטע אויף פילסודסקי גאס. די קליינע פענסטער מיט די פעסטע קיילעכיקע טירן און דער בוי פון די קוימענס באווייזן, אז זיי שטאמען נאך פון די טאטארישע אנפאלן, נאר צוליב די פיל שריפות וואס זענען פארגעקומען אין בילגוריי, זענען געבליבן נאר די עטלעכע הייזער.

אבער ווען עס איז געגרינדעט געווארן א יידישע קהלה אין בילגוריי, קענען מיר נישט פעסטשטעלן, ווייל דער קהלה פנקס איז אומגעקומען צוזאמען מיט דער קהלה.

אלס שטאט ווערט בילגוריי דערמאנט נאך אין שנת ת״ח (1648) און אזוי שרייבט דער ספר „יון מצילה״: „ווען די קאזאקן האבן באלאגערט זאמאשטש, האבן זיי זיך צעשפרייט איבער דער גאנצער אומגעגענד און געמארדעט און בארויבט די שטעט, בילגורי, טארנאגראד, פראמפאל און נאך...״ וועלכע האבן זיך נישט באוויזן צו ראטעווען אין באפעסטיקטע ערטער? און טאקע צוליב דעם פלעגט מען אמאל בויען די שולן אין פארם פון פעסטונגען.

אויך אין פנקס „ועד ארבע ארצות״ ווערט דערמאנט אז אין יאר תצ״ב (1731) איז אין בילגוריי געווען א יידישע קהלה.

אויך איז באוווסט, אז אויף דעם אלטן בית־הקברות, אויף דער 3־טער מאי גאס, נעבן אליעזר מיצנער, האבן זיך געפונען מצבות פון איבער 2 הונדערט יאר. און עס איז דאך נאך געווען א פריצרדיקער בית־הקברות נעבן דער שול, ווו עס זענען נאך געווען 2 מצבות וועלכע מען האט זייער דאטע נישט געקענט איבערלעזן.

נישט האבנדיק דעם קהלה פנקס, קענען מיר נישט וויסן גענוי ווער עס זענען געווען די רבנים וועלכע האבן פארנומען דעם בילגורייער כסא־הרבנות, מיטן אנטשטייאונג פון דער בילגורייער

קהלה. דעריבער מוזן מיר זיך באנוגענען מיט דעם וואס מיר ווייסן:

דער גאון ר׳ משה צבי, דער זון פון זאלקווער רב ר׳ שמשון מייזליש, איז געווען רב אין בילגוריי. א לענגערע צייט האט ער קיין זון נישט געהאט. און ווען עס איז ביי אים געבוירן געווארן א זון, וועלכן מען האט א נאמען געגעבן אביגדור, איז דער ברית געפראוועט געווארן מיט גרויס שמחה, און די שטאט לייט האבן צו געווינטשן דעם רב און דער רביצן, אז „איבער הונדערט יאר זאל דער זון פארנעמען זיין ארט, אלס רב״. די עלטערן האבן געענטפערט: אמן!

ווען ר׳ שמשון מייזליש איז נפטר געווארן, האט די זאל־קווער קהלה איינגעלאדן זיין זון ר׳ משה צבי, דעם בילגורייער רב, ער זאל קומען פארנעמען זיין פאטערס ארט. נאך זיין פארלאזן בילגוריי, ווייסן מיר נישט ווער עס איז געווען נאך אים רב, און צי עס איז בכלל געווען א רב. אבער ווען דער יינגער אביגדור איז אלט געווארן 18 יאר, און איז באוויסט געווארן מיט זיין תורה און חכמה ווייט ארום, זענען געקומען פארשטייער פון דער בילגורייער קהלה קיין זאלקווע, בעטן ר׳ אביגדור׳ן, ער זאל קומען קיין בילגוריי ווערן ביי זיי רב. ער איז אבער געווען זייער צוגעבונדן צו זיינע עלטערן וועלכע ער האט נישט געוואלט פארלאזן און ער האט זיך אפגעזאגט פון ווערן רב. די פארשטייער פון דער בילגורייער קהלה זענען נאכדעם געקומען צום זאלקווער רב און אים דערמאנט די ברכה וואס זיי האבן אים צוגעווינטשן, אויף וועלכער ער האט אין זיינער צייט געענטפערט אמן.

דאמאלס האט דער יינגער ר׳ אביגדור שוין נישט געהאט קיין ברירה און ער איז אויפן באפעל פון זיין פאטער געפארן קיין בילגוריי, ווי ער איז געווען רב ביזן טיפן עלטער און געזען אייניקלעך און אוראייניקלעך.

נאך אים האט פארנומען דעם כסא־הרבנות זיין איידעם ר׳ יצחק נתן נטע בערלינער, ער איז געווען דער זון פון ר׳ הער־שעלע בערלינער, דער בערלינער רב. ער איז געווען בערך 50 יאר רב אין בילגוריי, און ער איז נפטר געווארן י״ד אייר שנת תרכ״ד.

נאך אים איז געווען רב זיין איידעם ר׳ נחום פאלאסט, וועלכער איז געווען באוווסט אלס גרויסער צדיק.

נאך דער פטירה פונם רב ר׳ נחום פאלאסט, זענען געווען עטלעכע רבנים קאנדידאטן, און ווי געוויינלעך, איז געווארן א שטיקל מחלוקת צווישן די אנהענגער פון די רבנים קאנדידאטן. צום סוף איז אויסגעוויילט געווארן אלס בילגורייער רב ר׳ שמואל ענגל, דער איידעם פון ר׳ שמואל מענדל ווייסמאן, וועלכער איז געווען פון די וויכטיקע בעלי־בתים אין בילגוריי.

ר׳ שמואל ענגל איז געווען א גרויסער תלמיד־חכם, און איז געווען באוויסט אלס שפעטערדיקער ראדאמישלער רב. אבער אפילו נאכן אויסוויילן אים אלס רב אין בילגוריי, האט דאס מחלוקת נישט אויפגעהערט, ביז עס האט דערגרייכט צו די אויערן פון דער דאמאלסדיקער רוסישער מאכט, וועלכע האט גערודפט אויס־לענדישע בירגער, און אזוי ווי ר׳ שמואל ענגל איז געווען פון גאליציען, וואס האט דאמאלס געהערט צו עסטרייך, איז ער ארעסטירט געווארן און צוגעשטעלט געווארן צו דער עסטרייכישער גרענעץ. דערמיט האט זיך געענדיקט דאס מחלוקת ארום דעם כסא־הרבנות אין בילגוריי.

נאכדעם איז געווארן רב אין בילגוריי דער גרויסער תלמיד־חכם ר׳ יעקב מרדכי זילבערמאן, וועלכן מען האט גערופן דער מאציוווער עלוי. יומם ולילה פלעגט ער זיצן און לערנען. פיל רבנים האבן זיך צו אים געווענדעט מיט שאלות ותשובות וועלכע זענען געדרוקט געווארן אין פארשידענע ספרים. לאנגע יארן איז ער געווען רב אין בילגוריי.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה י״ז תמוז אין יאר תרע״ה ווען דאס עסטרייכישע מיליטער האט צום צווייטן מאל אקופירט בילגוריי, איז דער רב אוועק קיין לובלין, ווי ער איז נפטר געווארן אין דער חאלערע עפידעמיע וואס האט געבושעוועט אין דער גאנצער געגנט.

געבליבן איז אין בילגוריי דעם רב׳ס זון ר׳ יוסף, וועלכער איז געווען דיין, נאך ביים פאטערס לעבן.

ווען דאס עסטרייכישע מיליטער האט אקופירט בילגורייער

געגנד, און עס זענען פארגעקומען די שלאכטן ביים סאַן, איז דאס שטעטל קרעשעוו פארברענט געווארן פון די הארמאטן קוילן. די קרעשעווער יידן וועלכע זענען פלוצים געבליבן אן א דאך איבערן קאפ, זענען אמייסטן געקומען קיין בילגוריי, צווישן זיי דער קרעשעווער רב ר׳ חיים הויכמאן.

ווען דאס עסטרייכישע מיליטער איז אריין קיין בילגוריי, האבן זיי מיטגעבראכט די חאלערע־עפידעמיע, און פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באב תרע״ה, 3 וואכן, זענען אין בילגוריי אויסגעשטארבן פון דער עפידעמיע העכער 500 נפשות. מאסן מענטשן פון די הייזער ווי עס איז געשען א חאלערע פאל, זענען איזאלירט געווארן אין ספעציעלע הייזער אויפן „זאמד״, צווישן די קראנק געווארענע איז אויך געוועזן דעם בילגורייער רב׳ס זון ר׳ יוסף. אזוי איז דער קרעשעווער רב געווארן דער גייסטיקער בילגורייער פארשטייער לגבי דער אקופאציאנס־מאכט. און ווען עס האט עפעס געטראפן ביי א ייד, פלעגט ער לויפן אינטערווענירן ביי דער מאכט, נישט קוקנדיק אויף זיין טיפן עלטער, און פיל מאל מיט דערפאלג.

ווען ר׳ יוסף זילבערמאן איז געזונט געווארן און ער איז געווארן שטאט־רב, איז אויך דער קרעשעווער רב געבליבן רב אין בילגוריי.

נאכדעם ווען ר׳ יוסף זילבערמאן איז פרייטאג צונאכטס י״ג אדר 1926 פלוצים געשטארבן, איז אויפגענומען געווארן אלס בילגורייער רב דער גאון און צדיק דער ברודער פון בעלזער רבין שליט״א, ר׳ מרדכי רוקח זצ״ל.

ער איז געזעסן אויף דער בילגורייער כסא־הרבנות ביז צום אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, אין יאר תרצ״ט, אין וועלכער עס זענען חרוב געווארן אלע יידישע קהלות און צווישן זיי אויך די בילגורייער קהלה.

י. ת. קרונענבערג

---



# הרב הגאון ר׳ יעקב מרדכי זצ״ל

## (שכיהן רב בבילגוריי עד המלחמה הראשונה)

הרב הגאון והצדיק ר׳ יעקב מרדכי בן ר׳ יוסף ואמו פראדיל, נולד בעיר מעזריטש, ואז שימש ברבנות בעיר זו הגאון הקדוש ר׳ אליעזר חרל״פ זי״ע שהי׳ רגיל לקבל פדיונות בעד הברכות שבירך. ובהיותו ר׳ יעקב מרדכי ילד בן ג׳ שנים ביקש הוא מאמו שתתן מטבע של ג׳ גרוש והלך להרב הצדיק הנ״ל שיברכנו. הצדיק בירך אותו שיהי׳ גדול בתורה ויר״ש.

הרב הצדיק ר׳ יעקב מרדכי זצ״ל למד בנערותו אצל מלמד מחסידי קוצק. אחר חתונתו הי׳ המלמד הזה בקוצק ושאל אותו הרה״ק מקוצק זצ״ל שיחשוב על תלמידיו מי הם הטובים, ומסר לו את כולם ובתוכם את ר׳ יעקב מרדכי ושיבחו שהוא עילוי גדול. בשיחה זו סיפר המלמד הנ״ל להרבי מקוצק זצ״ל שהתחתן

עם גביר אחד מעיר מצ׳וב, נאנח הרבי ואמר: חבל שנפל למקום שאינו מקום תורה.

אחרי זמן בא הוא לבקר אצל הוריו במזריטש ובמקרה הי׳ הרבי מקוצק שם, שלח הרבי לקרוא לו, והוא בהיותו אז מתנגד גדול לדרך הקוצקאי, לא רצה הוא לבקר אצל הרבי.

וכשסיפר לי הרב על זה, נאנח ואמר, שעד היום הוא מתחרט על שלא הלך אצל הרבי מקוצק זצ״ל.

ועוד סיפר לי, שאחר חתונתו התחיל להתנהג לפי דרכי החסידות והתורה ע״פ מנהגי הצדיקים הקדמונים, בתעניות וסיגופים, ועי״ז עזב קצת מהתמדתו הנפלאה. ומני אז היה מסתופף בצל כבוד קדושת המגיד מטוריסק זי״ע, ובהיותו בבית המדרש בסיעת אברכים, בא לשם איש זקן אחד שלא היה מכירו ואמר לו, שיש לו לדבר אתו בענין נחוץ, ואמר לו האיש הזקן בזה הלשון: „אם בטלת מן התורה, יש לך הרבה בטלים כנגדך״, ותיכף נעלם מעיניו, ומני אז, התחיל חותנו שהיה גביר גדול, לרדת מנכסיו מטה מטה, וקצרה ידו מלספק לו די צרכו, ובגלל זה הוכרח הוא לקבל עליו עול רבנות, בתחלת היה מצטער על זה מאד והיה בוכה כשהביאו לפניו שאלה, כיון שאחרי כל פסק שפסק, היה נדמה לו שטעה בדבר הלכה.

על גדלותו בתורה: אמר הרב הגאון ר׳שניאור זלמן זצ״ל אבד״ק לובלין, שבכל המחוז אין לו עם מי לדבר בדברי תורה, אלא עם הרב דבילגוריי או שברשין, שהי׳ שם הרב הגאון ר׳ שמואל זק זצ״ל, שנתקבל אח״כ לרב בעיר ביאלא הגדולה, ובילדותו כשלמד בפרוצק אצל הרב דמתא בעל הביאור על המהר״ם שיף, כתב הוא שו״ת להרה״ג ר׳ יוסף שאול נאטנזאן ונדפס בשו״ת „אבני נזר״ בכבוד גדול.

עם כבוש בילגוריי על־ידי האוסטרים בפעם השניה בשבעה עשר בתמוז שנת תרע״ה, ברח הרב ללובלין ובמגפת החולירע ר״ל שפרצה בכל הסביבה, שבה נספו אלפי יהודים, נפטר גם הרב זי״ע.

הרב ר׳ יצחק הכהן הוברמן

---



# דער לעצטער בילגורייער רב

דער בילגורייער רב, הרב ר׳ מרדכי רוקח זצ״ל, א זון פון בעלזער רב הרב ר׳ ישכר דב רוקח זצ״ל און אן אייניקל פון אלטן בעלזער רב הרב ר׳ שלום זצ״ל און אויך א ברודער פון פון היינטיקן בעלזער רב המבדיל בין חיים לחיים ר׳ אהרן רוקח שליט״א, וואס געפינט זיך אין ישראל, — איז אויפגענומען געווארן אלס בילגורייער רב אין יאר תרפ״ז (1927). ער האט פארנומען דעם בילגורייער כסא־הרבנות ביז דעם חורבן פוילן, ווי ער איז אוועק פון בילגוריי קיין בעלז, און צוזאמען מיט זיין ברודער דער היינטיקער בעלזער רבי שליט״א, געוואנדערט און אויך געוועזן אין געטא באכניא, ביי קראקא און פון דארט, נאך גרויסע

אנשטרענגונגען פון אונגארישע יידן, בראש פון סאטמארער רבין שליט״א, וואס געפינט זיך אין אמעריקא, אין אויך פון סאנזער רב׳ס זון ר׳ ישעיה׳לע דער צעכויוער רב, איז געלונגען זיי ארויסצונעמען קיין בודאפעסט (אונגארן). און פון דארט אנגעקומען צוזאמען מיטן ברודער, דער היינטיקער בעלזער רב אין יאר תש״ד קיין א״י.ליידער זייענדיק אייניקע יאר אין א״י, איז ער נאך א שווערער קרענק נפטר געווארן אין יאר תש״י, איבערלאזנדיק אן אלמנה מיט א קינד פון 2 יאר פון זיווג שני.

ווי באוויסט איז דער בילגורייער רב געווען אן איידעם פון קאברינער רבין און נאכן אויסברעכן פון דער קריג איז זיין פרוי די רביצן מיטן קינד געפארן צו אירע עלטערן, קיין קאברין, און דארט אומגעקומען מיט אלע קדושים פון קאברין.

דער בילגורייער רב, הרב ר׳ מרדכי רוקח זצ״ל, איז געווען איינער פון די אנגעזעענסטע רבנים וואס בילגוריי האט פארמאגט אין די לעצטער צייט, זייענדיק א זון פון בעלזער הויף האט ער געהאט א גרויס אנזען צווישן דער בילגורייער באפעלקערונג, וועלכע איז באשטאנען אויך פון בעלזער חסידים, אויך איז אויף יעדן יו״ט געקומען א גרויסער צולם פון די ארומיקע שטעט, ער איז געווען באליבט ביי דער בילגורייער באפעלקערונג און מען האט אים געקויפט א הויז נישט ווייט פון ביהמ״ד און שול. דארט האט ער געפירט דאס רבנות בכבוד וביד חזקה.

דער בילגורייער רב זצ״ל אלס גאון בתורה, האט אין זיך געהאט די מזיגה פון חסידות און תורה, און האט געהאט א פה מפיק מרגלית, געווען א גוטער רעדנער, האט ארום זיך גרופירט אלע שיכטן פון דער בילגורייער באפעלקערונג: חסידים, לומדים, בעלי־בתים און סתם יידן. אלע האבן אים געאכטעט און שטענדיק געפינען אין רב א יועץ ועוזר אין אלע ענינים, הן אין כלל ענינים ווי אויך אין פריוואט לעבן.

אין דער צייט פון בילגורייער רב הרב ר׳ מרדכי רוקח זצ״ל איז אויפגעשטעלט געווארן פיל מוסדות התורה, ווי דאס חדר וואס איז געווען באוויסט אין דער גאנצער געגנט מיט זיין 3 שטאקיקן גרויסן בנין, ווי אויך א בית־יעקב שולע, וואס האבן זיך זייער גוט

אנטוויקלט און געשטאנען אויף א געהעריקע הויך, מיט דער מיטהילף פון א ועד מיטן רב אין שפיץ.

דער בילגורייער רב אלס עסקן, האט געזארגט פאר אלע אינסטיטוציעס אין שטאט, איז געווען דער שביל הזהב צווישן אלע פארטייען און אפגעהיטן די אומפארטייאישקייט אלס רב, אזוי, אז אלע האבן אים געאכטעט און אים אבגעגעבן גרויס כבוד.

ווי געזאגט איז דער בילגורייער רב זצ״ל געווען א גרויסער ת״ח און צווישן די גרויסע טרדות האט ער נאך באוויזן מחדש צו זיין אין תורה און יעדן טאג געשריבן נייע חידושים. עס איז געבליבן פיל כתבי־יד פון רב זצ״ל, חידושים אויף ש״ס און תורה שבכתב.

דער בילגורייער רב זצ״ל האט געשריבן א יומן, פון אלע זאכן וואס זענען ביי אים דורכגעגאנגען יעדן טאג, אויך אין צייט פון קריג, אפילו ווען ער האט געוואנדערט האט ער אויך אויפגעשריבן אלץ, ביזן לעצטן טאג פון הסתלקות. דער יומן געפינט זיך ביי דער אלמנה הרבנית תחי׳.

די איבערגעבליבענע בילגורייער יידן באקלאגן די אלע בילגורייער קדושים און ביחוד זייער אומפארגעסלעכן בילגורייער רב, וועלכער האט זיך אויך דא אין א״י, געשטעלט אין שפיץ פון קאמיטעט פון בילגורייער יידן, און איז געווען דער רוח־החיים אין קאמיטעט, ער האט געזארגט פאר אלע איבערגעבליבענע, ער איז געשטאנען אין קאנטאקט מיט אלע בילגורייער קאמיטעטן אין דער וועלט, און אויפגעפאדערט זיי פאר אומבאדינקטע הילף און שטיצע פאר די איבערגעבליבענע נויטבאדערפיקע בילגורייער יידן.

אויך די יאר־צייט נאך די בילגורייער קדושים, כ״ב מרחשון וועלכע איז איינגעפירט געווארן, איז אויך דורך דעם רב זצ״ל אויסגערעכנט געווארן.

נאך א שווערער קרענק איז ער פלוצים נסתלק געווארן, כ״ה מרחשון תש״י.

שמואל פעלער

# בילגוריי

די שטאָט בילגוריי האָט אויסגעזען ווי אַלע מיטעלע שטעט אין פּוילן, נידריקע הילצערנע און איין שטאָקיקע געמויערטע הייזער, מייסטנס דעכער באַדעקטע מיט שינדלען. דער מאַרק, אַ פירעקיקער גרויסער פּלאַץ אין צענטער פון שטאָט, אַרומגע־רינגלט פון אַלע פיר זייטן מיט יידישע הייזער און געוועלבער, ווי די יידישע סוחרים זענען געשטאַנען מיט זייערע געשעפטן און געוואַרט אויף קונים.

מיט יאָרן צוריק איז אין מיטן מאַרק געווען דער שטאָט גאָרטן, און אין די זייטן צוויי פּלומפּן פון וועלכע די באַפעל־קערונג האָט גענומען וואַסער. דער מאַרק איז דאַן נאָך נישט געווען אויסגעברוקירט אַפילו, און אַז עס האָט זיך געמאַכט אַ רעגן, איז דער גאַנצער מאַרק געווען איין שטיק בלאָטע, אין וועלכן די מענטשן האָבן אַרומגעטאַפּטשעט ביזן גאַרטל.

די איינציקע אַפּטייק, מיט די 2 סקלאַד־אַפּטעצניס האָבן זיך אויך געפינען אַרום דעם מאַרק.

אין מיטן מאַרק איז געווען נאָך 3 שורות געוועלבער אויס־געשטעלט ווי אַ „חית", וואָס אין די מערסטע פון זיי איז געווען צו פאַרק יפן זאַלץ, נאַפט, און אייזן, אויך קאַשע מילן זענען דאָרט געווען. אין פראַנט, אין דעם הויז פון ר' שמואל אליהו שווערדשאַרף, (דאָס הויז האָט ער זיינער צייט באַקומען אַ געשאַנק פון גובער־נאַטאָר, און שפּעטער פאַרקויפט אַ האַלבס דעם שטאָט־ראַט) איז געווען דער מאַגיסטראַט. דערנעבן איז געווען דער לעצטנס־אויפגעבויטער שטאָטישער קינאָ. אין מיטן פון דער חית, ווי עס איז אַמאָל געווען דער שטאָט־גאָרטן, איז געווען דער טורעם פון די פייער־לעשער מיט דער סירענע, ווי זיי פלעגן יעדן זונטיק מאַכן די איבונגען, און ווען עס האָט זיך אַמאָל געמאַכט אַ שריפה אין שטאָט, איז טאַקע פון דעם טורעם געגעבן געוואָרן די סירענע פייפן אַז עס ברענט.

לעצטנס האָט מען אין מאַרק אויפגעשטעלט אַ שורה געוועלבער האָרט ביי דער קאַשציושקע גאַס, און דאָס האָט מען גערופן די



דער מארק (קאמינערס זייט און די הארמאנס זייט)



די פילסודסקי גאס (גראסמאנס הויז)

פוילישע געװעלבער. דארט איז טאקע געװען בלויז קריסטלעכע געװעלבער און אויך די פוילישע „ספולדזעלנע״.

אונטער די געװעלבער זענען געװען אויסגעזעצט יידישע פרויען מארק־הענדלערינס מיט פארשידענע גוטע פרוכטן, און די גארייער לעזשעלקעס, װעלכע די קינדער האבן זייער ליב געהאט.

אביסל װייטער זענען געװען אויסגעזעצט אויף זייערע װעגעלעך די הויכע פעסטע יידישע טרעגער, ארומגעבונדן מיט די גראבע שטריק און געװארט אויף א פארדינסט. אלעמאל זענען זיי געגאנגען קוקן צי עס קומען נישט אן די פירן צו יחזקאל קאנדעל, ליפא װאקשאל און די לייכטערס, אדער די מאשינען מיט סחורות, װאס די בילגורייער יידישע סוחרים פלעגן ברענגען פון װארשא. נישט איינמאל האט זיך געמאכט, אז אבזיצנדיק א גאנצן טאג, זענען זיי בײנאכט אהיימגעגאנגען כמעט אן א פארדינסט.

אין דעם צװייטן זייט מארק זענען געװען די פלייש־יאטקעס מיט בלויז יידישע קצבים, אויסער די עטלעכע קריסטלעכע חזיר געװעלבן.

הארט פאר דער צװייטער װעלט־מלחמה האט מען אויפגעשטעלט קעגן איבער די יאטקעס א שורה געװעלבער, אין װעלכע עס זענען כמעט אין אלע געװען צו פארקויפן חזיר און ביר.

ביז דער ערשטער װעלט־מלחמה האט בילגוריי געהערט אונטער רוסלאנד, װי עס זענען געװען איינקװארטירט אן אפטיילונג קאזאקן, פון װעלכע בילגורייער יידן האבן שיין פארדינט.

אין מיטן שטאט האט זיך אדורכגעשניטן די הויפט־גאס קושציושקא, פריער טארנאגראדער, אדער װי יידן פלעגן זי רופן די שפאציר־גאס. װי עס איז אויך געװען דער שטאט גארטן, װי מען פלעגט אים רופן דער שפאציר־גארטן, פאריייניקט זיך מיט דער פילסודסקי גאס, פריער זאמאשטשער. און אזוי געשאפן א גלייכע ליניע, װי א רוקן־ביין איבער דער גאנצער לענג פון שטאט, װאס האט זיך געצויגן ביז אויפן װעג קיין טארנאגראד. מיט יארן צוריק האט מען עס גערופן דאס „זאמד״, דאס האט דאמאלט געהייסן אונטער דער שטאט.

װעגן דעם „זאמד״ פלעגט מען פארציילן פארשידענע מעשיות,

ווי עס וואלט געווען אונטער די הרי־החושך, מען פלעגט מורא האבן צו גיין אליין אויפן זאמד. חדר־קינדער וואס האבן געוווינט אויפן זאמד פלעגן ביינאכט נישט גיין אין חדר, אדער דער מלמד פלעגט אבפירן די קינדער מיט א לאמטערן, און דארט זענען טאקע געשטאַנען די קאזאקן.

שפעטער האט מען אויף דעם זאמד אויפגעשטעלט הערלעכע שיינע שטאקיקע הייזער, די שטאטישע עלעקטראוויניע מיט איר שיינעם סקווער, ווי די יידישע יוגנט פלעגט פארברענגען ביז שפעט אין די נעכט. דארט איז אויך געווען די סטאציע פון דער קאלייקע, וואס פלעגט פארן צו דער ברייטער באן קיין זווערזשיניעץ.

---

בילגוריי האט געהאט א שיינעם רואיקן טייך, וואס האט זיך לאנגזאם געשלענגלט כמעט איבער דער גאנצער לענג פון שטאט באוואקסן פון ביידע זייטן מיט גרינע שיינע לאנקעס און בוימער, וואס יידן פלעגן טאקע נוצן די ערבות אויף הושענה רבא. די שכנים נעבן טייך פלעגן דארט וואשן דאס געשיר נאכן עסן און די וועש. דער טייך האט געהאט 3 גוטע ערטער זיך צום באדן, ווי מען האט זיי גערופן: אבגעשטאכענער טייך, לאסע־גורי, און דער ביידל־ט׳יך, דארט איז געווען זייער טיף. נאר גוטע שווימער האבן זיך דארט געבאדן, ביי דעם טייך פלעגט דער יידישער עולם פארברענגען אין די זומערדיקע הייסע טעג.

די צוויי איינציקע יידישע מילנער האבן אויך אויסגענוצט דעם טייך, אויף צו באוועגן זייערע מילן.

און חאטש בילגוריי האט געהאט א טייך, האט מען זיך אין בילגוריי נישט געקענט גט׳ן, ווייל דעם קיסר ניקאליי, איז איינגעפאלן צו טוישן דעם נאמען פון טייך, וואס האט צום סוף געהייסן לאַדאַ. (לויטן דין קען מען דורכפירן א גט, נאר דארט ווי סאיז דא א טייך מיט א באשטימטן נאמען), און צוליב דעם פלעגן זיך טאקע בילגורייער פארפעלקער ווינציק גט׳ן, ווייל פארנדיק קיין גאריי זיך גט׳ן, האבן זיי זיך אויפן וועג איבערגעבעטן און זענען צוריקגעקומען בשלום.

בילגוריי האט קיין וואסער־לייטונג נישט געהאט, עס זענען געווען פלומפן וועלכע האבן געגעבן וואסער בשפע, נאר נאך טיי־



דער בילגורייער טייך און די פלאושע



דער בנין פון סטאראסטווי (שפעטער איז געווארן ארויפגעצויגן נאך א שטאק)

וואסער פלעגט מען אפילו אין די גרעסטע פרעסט גיין נעמען ביי ישעיה־נטע׳ס פלומפּ. יעדן פרייטיק איז דארט געווען א גרויסער תור מיט קריגערייען. ערב פסח פלעגט מען דארט זען יידן אנגעטון אין זיידענע קאפּאטעס מיט עמער אין די הענט און נעמען מצה־וואסער (מים שלנו). מען פלעגט אויך נעמען טיי־וואסער ביים קוואל וואס איז געווען נעבן טייך. פרויען פלעגן דאס קוואל־וואסער האלטן פאר א רפואה צו די אויגן. מיידלעך פלעגן עס אויך נוצן צום וואשן די האר פון קאפּ.

נעבן טייך איז אויך געווען דער ספּארט־פּלאץ, ווי עס פלעגן פון מאל צו מאל פארקומען ספּארט־פארמעסטן צווישן יידישע און קריסטלעכע ספּארט־קלובן און אויך ספּארט־פארמעסטן פון בלויז יידישע קלובן. נעבן ספּארט־פּלאץ איז געווען דער טעניס.

---

די בריק גאס (לובעלסקי), דאס איז געווען א ריין יידישע גאס, אפילו די עטלעכע קריסטן וואס האבן דארט געוווינט, האבן גערעדט יידיש פונקט ווי יידן, דאס איז געווען א גאס פון בלויז הילצערנע נידריקע הייזער, מיט שינדל־דעכער, די באפעלקערונג דארט איז געווען זייער א געדיכטע, פאמיליעס מיט א סך קינדער אין איין קליין צימערל, כמעט די גאנצע ארעמקייט פון בילגוריי האט געוווינט ביי דער בריק. אלע ארבייטן פלעגן די פרויען טון אויסגעזעצט אויף די שוועלן נעבן די שטובער.

די זייטיקע געסלעך פון דער בריק, ווי מען האט עס גערופן די זאבאשטא, איז געווען באוווינט פון בלויז ארעמע ארבייטס־מענטשן. עס איז דארט געווען אזוי געדיכט אז עס האט אויסגעזען ווי איין גרויסער צימער. די וועגן, די פערד, די הינער, די קאזעס מיט לאנגע בערד האבן זיך ארומגעדרייט צווישן די קינדער, יעדעס מאל איז געווארן א געוויין פון א קינד, וואס א קאזע האט עס א שטיקל ברויט אויסגעכאפּט, די מוטער איז באלד ארויס מיט א בעזעם, אבער די קאזע האט זיך חוצפה׳דיק געשטעלט אויף צוויי פיס, און אויסגעשטעלט די הערנער צום קאמף, דאן האט די פרוי נישט געהאט קיין ברירה און זיך צוריקגעצויגן.

דארט האבן געוווינט פיל זיפער. אלע זיפּערקעס פלעגן

זיצן אין דרויסן און „מיעטן" (איינפעדעמען די האר), די הילכיקע געשרייען פון די קינדערלעך און די קולות פון די מוטערס האבן נישט אויפגעהערט א גאנצן טאג. אבער אז עס איז געקומען ביינאכט, איז דארט געווען א טויט־שטילקייט, א פינסטערניש, אז איינער האט דעם צווייטן נישט געזען, א סך הייזער האבן אפילו קיין עלעקטרישע באלייכטונג נישט געהאט, בלויז דורך די פארהויכטע שויבן האבן שיינען פון לאמפן די פינסטערניש באלויכטן.

אז עס האט זיך געמאכט די רעגנס, איז דארט געווען ליהודים, עס איז פשוט נישט מעגלעך גצווען צו גיין. נישט איינער האט איבערגעלאזט די קאלאשן אין די בלאטעס און קוים אליין ארויס א לעבעדיקער.

ווינטער צייט ווען עס איז געקומען די גרויסע פרעסט איז דארט געווען פריילעך, גאנצע טעג פלעגן די ארומיקע פויערים פירן דאס האלץ פאר די יידישע האלץ־סוחרים אויף זייערע פלעצער נעבן דער קאלייקע־סטאציע און פארנאכט זענען די קינדער פון דער גאנצער שטאט, זיך דארט צוזאמענגעקומען מיט זייערע שליטע־לעך און פלעגן זיך אראבלאזן פון דעם בארג וואס די בריק־גאס איז געווען, ווען איין שליטן האט זיך אנגעשלאגן אין צווייטן און ביידע האבן זיך איבערגעקערט, האט מען געהערט פון ווי ווייט, די קולות און געלעכטער.

נישט איין בעל־עגלה פלעגט פון דעם פאלן א קרבן, א חברה פלעגן אים דעם שליטן צו'גנב'ן אראפלאזן זיך מיט אים פון בארג און אין דער פרי האט ער אים געפונען א צעבראכענעם.

*

ערב פסח, ווען די פרויען האבן זיך גענומען קאלכן די צימערן, האט מען אלץ ארויסגעטראגן אין גאס, עס איז געשטאנען אויסגעשטעלט אלטע שאפעס, הילצערנע בעטן. די פרויען האבן געהאלטן אין איין גיסן נאפט, דאס בעטגעוואנט איז געלעגן אויס־געלייגט אויף די בענקלעך. און מען האט געקלאפט מיט א ברעטל עס זאל ארויס פון דעם דער שטויב.

די פרויען אויסגעווייסט מיט קאלך, פארבונדען די קעפ מיט טיכלעך פלעגן פוצן די שויבן וואשן, די פאדלאגעס, אויפגעהאנגען די פלאכטע מצות, וואס איז זיי אנגעקומען שווער ווי קריעת ים־סוף און

יעדער שטוב האט באקומען א יום־טוב׳דיקן אויסזען, עס איז באמת געווען א וואונדער פון דער ארעמער יידישער פרוי ארויסצוווארפן אזא אומארדנונג נאכן ווינטער און אריינברענגען א ביסל ליכט אין די קליינע צימערלעך.

ראש השנה פלעגט זיין ביי דער בריק־גאס פרייליך. די גאנצע שטאט פלעגט גיין מיט געזאנג צום טייך צו תשליך און די איינוווינער פון דער בריק פלעגן שטיין נעבן זייערע שטיבער אנגעטון יום־טוב׳דיק און אויפנעמען דעם עולם מיט שמחה.

---

בילגוריי האט פארמאגט א וואלד וועלכער האט געשם׳ט אין דער גאנצער געגנט. ער איז געווען זייער רייך מיט יאגאדעס, וואלאכעס, שוואמען און בערעלעך. דער וואלד איז געווען כמעט אין שטאט און האט זיך געצויגען פון יאנאוו ביז זאמאשטש.

דער וועג אין וואלד אריין איז געווען די פילסודסקי גאס (זאמאשטשער) דאס איז געווען אן אלייע פון ביידע זייטן מיט ביימער. דארט פלעגט די יוגנט פארברענגען ביז שפעט אין די נעכט, עס פלעגן דארט זיצן ראמאנטישע פארלעך און חלום׳ן וועגן זייער גליקלעכער צוקונפט. די געזאנגען פון דער יוגנט האט מען געהערט אין דער גאנצער שטאט.

דער וואלד איז געווען א גרויסער פארגעניגן פאר דער בילגורייער באפעלקערונג, דער געשמאקער טרוקענער ריח פון די סאסנע־בוימער און דאס סוויפטשען פון די פויגל האט זיך צעטראגן איבער דער גאנצער שטאט. שבת איז געווען דער וואלד פול, כמעט די גאנצע שטאט יידן זענען געווען אין וואלד, מען האט דארט אפילו געטראפן פרומע יידן צוגעבונדן די פארטשיילע אויפן האלדז מיטנעמענדיק א קליין קינד איבערצוטראגן א ספר, (ווייל דער וואלד איז געווען מחוץ לתחום), ליגנדיק ברחבות אויף דער ווייכער ערד, אריינקוקנדיק אין ספר און חאפן דערביי א שבת׳דיקן דרימעל.

די יוגנט פלעגט ארומשפאצירן אין די וועלדער, מען פלעגט גיין אין וואַליע, ווי עס איז געווען א גרויסער יידישער טאַרטאַק און אנקומען דורך דעם באגנער־וואלד, ווי עס איז געווען דאס קליינע מילעכל, וועלכעס האט אויך געהערט צו יידן.

---

# דער שול-הויף

ביים אנפאנג פון דער בריק־גאס איז געווען דער שול־הויף, דארט איז געווען דער גייסטיקער צענטער פון יידישקייט.

אין דער לינקער זייט פון אריינגאנג איז געווען דאס בית־המדרש, דאס איז געווען דער באליבסטער און טייערסטע ארט ביי די בילגורייער יידן.

פארנאכט האבן די בילגורייער יידן אלץ אוועקגעווארפן און אריין אין בית־המדרש אריינכאפן א קדושה וברכו. פיל פלעגן קומען א ביסל פריער, אריינקוקן אין א ספר, ווער לערנען א פרק משניות, און עין יעקב. אין דער צווייטער זייט זענען געשטאנען יידן און זיך צוגעהערט צום נייעס און פאליטיק וואס ר׳ פנחס פלעגט יעדן טאג פארציילן פון צייטונג.

ארום די טישן זענען געזעסן אויסגעזעצט די בית־המדרש בחורים ביי אפענע ש״ס גמרות און געשמאק געלערנט מיט א קליני־געניגן מתיקות׳דיקן גמרא ניגון וואס האט זיך צעטראגן איבערן גאנצן בית־המדרש, ביז שפעט אין דער נאכט.

ווען עס פלעגט קומען דער מגיד ר׳ ברוך־טעבל, איז דאס בית־המדרש געווען פול, מען איז געקומען פון אלע בתי־מדרשים אים הערן, דער עולם האט זייער הנאה געהאט פון זיינע דרשות און משלים וועגן ביאת־המשיח, וואס ער האט באוויזן מיט פאר־שידענע פסוקים און גימטריאות, אז אט שטייט שוין דער גואל־צדק אונטער אונזער שטאט.

צווישןביידע טישן איז געשטאנען ר׳ מרדכי־יוסף ביי זיין שטענ־דער, איינגעוויקלט זיין פנים אין דער רויטער פארטשיילע אריינגעקוקט אין א ספר, מאכנדיק פארשידענע העויות, געווען פארטון אין קבלה. פלוצים פלעגט ער אויפהייבן זיין גראבן שטעקן און אנהויבן קלאפן אין שטענדער און שרייען—„געוואלט, עס ברענט״, ביז עס איז זיך צוזאמען געקומען דער גאנצער עולם. דאן פלעגט ער נאך העכער שרייען, „געוואלט, עס ברענט״, פרויען גייען מיט קורצע ארמעל. דאס אלאר־מירן אויף די דאזיקע „שריפה׳ס״ פלעגט ער אפט מאל איבערחזר׳ן.

אונטערן אויוון, זענען געזעסן אויסגעזעצט די ארעמע־לייט איבערגעציילט דעם אנגעזאמלטן פדיון פון טאג. אייניקע פלעגן עסן נאכטמאל טריקן ברויט מיט הערינג, פארציילן מעשיות פון זייער וואנדערן איבער שטעט און שטעטלעך און אויך וועלכע בעל־הבית׳טע גוט א בעסער מאלצייט.

ביי דער טיר איז געשטאנען ר׳ וואלף מיט א קיישל וואס איז געווען אויסגעלייגט: פארפרוירענע עפעל, באניקערן, נאנט, הייסע ארביס און בריקעוו, דאס קליינוווארק איז געווען ביי אים ארום און אלע האבן געשריגן מיטאמאל — ר׳ וואלף גיט מיר, ר׳ וואלף גיט מיר.

אין הויז פון בית־המדרש (אין פויליש, ווי מען האט עס גערופן) איז געווען דאס שניידערישע־שולכל, באמת האבן זיי דארט קיינמאל נישט געדאוונט. נאר שמחת־תורה פלעגן זיי דארט מאכן די הקפות (פארשטענדלעך אז איידער עס איז געווארן אויפגע־שטעלט דאס קליינע בית־המדרש, פלעגן זיי דארט דאווינען, און עס איז טאקע ביי זיי אזוי געבליבן א מנהג צו מאכן דארט די הקפות).

אין דער רעכטער זייט איז געווען דער פריש אויפגעבויטער 3 שטאקיקער בנין פון שטאט־חדר „זכרון יעקב ובית משה" (אויף די נעמען פון פארן לעצטן בילגורייער רב יעקב מרדכי זצ״ל און דער בילגורייער מתנדב אין אמעריקא ר׳ משה פראסט ז״ל), דער חדר האט גע׳שמ׳ט אין דער גאנצער געגנט. דארט האבן טאקע געלערנט די קינדער אין שיינע באקוועמע צימערן, אונטער דער אנפירונג פון א ועד, אין וועלכן סהאט זיך אויך באטייליקט דער בילגורייער רב ר׳ מרדכי רוקח זצ״ל און אונטער דער השגחה פון א מנהל א גרויסער למדן.

בכדי די קינדער זאלן נישט דארפן גיין אין דער רעגירונגס־שול, וועלכע איז געווען א צוואנגס־שול, האט מען אויסגעפועל׳ט ביי דער רעגירונג, צו אנארקענען דאס חדר און עס פלעגן קומען די לערער פון דער רעגירונגס־שול אין חדר, בכדי צו לערנען מיט די קינדער די פוילישע שפראך.

פון אויבן, אויפן לעצטן שטאק, איז געווען די קהלה, ווי די שטאט־פארזארגער (דאזארעס), פלעגן פירן די זיצונגען און באזארגן די שטאט מיט אלע אירע הצטרכות'ן.

א ביסל ווייטער אין דער זעלבער זייט, איז געווען דאס קליינע בית־המדרש'ל, פון פארנט א געשניצטער ארון־הקודש מיט א סאמעטענעם פרוכת, אין מיטן א באלעמער און אונטן ארום מיט בענק. א געשאנק פונם בילגורייער גרויסן נדבן און כלל־טוער ר' שמואל אליהו שווערדשארף ז"ל, ער האט אפילו איבער־געלאזט עטלעכע געוועלבער אין מארק־רינג אויף עולמות, אז פון דער הכנסה זאל זיין אויסצוהאלטן דאס בית־המדרש'ל. דארט האבן געדאווענט „נוסח אשכנז" כמעט אלע בעלי־מלאכות פון שטאט ווי: שניידער, שוסטער, זיפער, קאוואלעס, מולער, בעלי־עגלות, קצבים און סתם יידן.

יעדער פארנאכט האבן די בעלי־מלאכות זיך מקדים געווען, אוועקגעלייגט די ארבייט אביסל פריער, אריין אין בית־המדרש'ל בכדי ארינצוחאפן עטלעכע קאפיטלעך תהילים פאר מנחה ומעריב, נאכן שווערן ארבייטס־טאג.

פרייטאג צונאכטס נאכן עסן, פלעגט זיך צוזאמענקומען דער גאנצער עולם אין בית־המדרש'ל לערנען חומש מיט רש"י ביי ר' הערשעלע מלמד, וואס האט זיי געגעבן צו פארשטיין מיט זייער שיינע משלים, פון וועלכע זיי האבן זייער הנאה געהאט. מען פלעגט לערנען ביז שפעט אין דער נאכט און נישט איינער א מידער פון דער גאנצער וואך ארבייט איז אנטשלאפן געווארן. נאכן ענדיקן די סדרה, איז דער עולם א היים א צופרידענער.

קעגן איבער דעם קליינעם בית־המדרש'ל איז געשטאנען א ביסל אויף א בערגל די שטאט־שול מיט איר שיינעם פירעקיקן הויכן בנין.ביים בויען די שול אין יאר תר"מ האט ר' שמואל אליהו שווערדשארף ז"ל וואס האט זיינער צייט באקומען א בריל־יאנטן רינג פון קייסער ניקאליי, אראבגעבראכט דעם גובערנאטאר פון לובלין, וועלכער האט געלייגט דעם ערשטן שטיין מיט א זיל־בערנע קעלניע.

דער ארייגאנג אין שול איז געווען דורך צוויי ברייטע

טירן מיט קאלירטע שויבן, מיט אן אויפשריפט פון גאלדענע אותיות „מה טובו אוהליך יעקב, משכנותיך ישראל", נעבן דער טיר איז געווען אויסגעהאקט אין וואנט דער קופת רמבנ"ס, ווי בילגורייער יידן פעלגן ארייננווארפן די אבגעשפארטע גראשן פאר א"י. די שול האט געהאט פון אלע זייטן גרויסע שיינע רונדע פענסטער מיט פארשידענע קאלירטע שויבן אין מיטן א מגן־דוד. אויף דער מזרח־וואנט איז געווען פון אונטן ביזן באלטן, א שיינער געשניצטער ארון־הקודש מיט פארשידענע חיות און אויפשריפטן, דער לויתן מיטן פאר'חתמ'טן עק אין מויל. קינדער זענען געווען זייער באזארגט ער זאל נישט אמאל ארויסלאזן דעם עק פון מויל און מאכן א תל פון דער וועלט. עלטערע יידן פלעגן לעקן די ליפן ווענלדיק טועם זיין א שטיקל פון אים. פון אויבן זענען געווען אויסגעשניצט די לוחות מיט די עשרת הדברות מיט א כתר־תורה. דער ארון־הקודש איז געווען פארהאנגען מיט א שיינעם פלושענעם פרוכת, געשאנקען פון פארשידענע שטאט בעלי־בתים.

אויף די ווענט איז געווען אויסגעמאלט תנ"כ'ישע בילדער פון אלטע היסטארישע צייטן. אויפן הויכן קיילעכיקן באלטן, איז געווען אויסגעמאלן די צוועלף מזלות. אין מיטן ארויפצוגיין אויף טרעפלעך, איז געווען דער באלעמער מיט דער כסא־אליהו, ווי מען פלעגט אמאל פראווען די ברית־מילה.

ביים ארייננגאנג אין שול איז געהאנגן דער נר־תמיד געמאכט פון פארשידענע קאלירטע שויבן און ארום פון צוויי זייטן איז געווען די ווייבער־שול.

ערב יום־כפור פלעגט זיך פארזאמלן ביים רב'ס הויז נעבן דעם שול־הויף כמעט די גאנצע שטאט, יידן אין די בלויזע זאקן, אנגעטון דעם טלית און קיטל, פרוי'ען באלאדן מיט מחזורים און תחינות, פארבונדן די קעפ מיט ווייסע זיידענע שאלן, איינער האט דעם צווייטן געווינטשן א כתיבה וחתימה טובה און די געוויינען האט מען געהערט איבער דער גאנצער שטאט.

ווען דער רב אנגעטון אין ווייסן, מיטן טלית איבערן קאפ, איז ארויס פון בית־דין שטוב, וואס איז געווען פול געפאקט מיט מענטשן, האבן זיך אלע פארזאמעלטע מיטגעריסן. דער רב

איז אריין מיט שנעלע טריט און באלד ביים שוועל פון שול האט ער גלייך אנגעפאנגען „אור זרוע לצדיק ולישרי לב שמחה״.

די שול איז געווען איבערפילט מיט מתפללים, די פלעמעלך פון די נשמה־ליכט האבן טאנצנדיק זיך געצויגן צום באלטן גלייך מיט די תפלות, און דער עולם איז געשטאנען אימה׳דיק און געדאווענט.

יום כפור פלעגן פיל קריסטן קומען צו כל־נדרי אין שול אריין, און צוהערן זיך מיט גרויס דרך־ארץ צו די תפילות.

פריילעך פלעגט זיין אין שול שמחת־תורה, כמעט די גאנצע שטאט, מענער און פרויען זענען געקומען אין שול זען ווי דער רב פראוועט די הקפות און מען פלעגט טאנצן ביז שפעט אין דער נאכט.

ווען עס פלעגט פארקומען א חתונה אין שטאט, פלעגט זיין ביי דער שול פריילעך, מחותנים טאנצענדיק מיט ליכט אין די הענט, האבן געפירט דעם חתן מיט דער כלה, מיט מוזיק איבער דער גאנצער שטאט צו דער חופה, וועלכע פלעגט פארקומען ביי דער טיר פון שול.

דער בוי פון דער שול האט זיינערצייט אבגעקאסט זייער פיל געלד און איז טאקע געווען די צירונג פון שטאט. די שול האט געשמ׳ט אין דער גאנצער געגנט ארום.

הארט ביי דער וואנט פון שול, איז געווען דער ערשטער בילגורייער בית־הקברות, פארשטענדלעך אז דאס איז אמאל געווען אונטער דער שטאט, עס זיינען דארט נאך געווען צוויי מצבות, אבער זיי זענען שוין נישט געווען לעזבאר, דער בית־הקברות איז געווען באוואקסן מיט גראז ווי עס האבן זיך געפאשעט קאזעס, אין דער זייט איז געשטאנען איין בוים, אויסגעזען פונקט ווי מען האט אים פאר א שומר איבערגעלאזן, קינדער פלעגן פארציילן אז מען האט אמאל א צווייג אבגעבראכן, האט מען געהערט א קול,— רייסט מיר נישט מיין בארד. — א סימן אז דארט האט מען אמאל קובר געווען א גרויסן צדיק.

אראפ ווייטער אין שול־הויף איז געווען דער מרחץ (באד), מיט דער מקוה, דאס איז געווען דער איינציקער באד אין שטאט,

און האט אויך געהערט צו דער יידישער קהלה. דארט האט אלע צייטן געארבעט א באד־גוי, וועלכער פלעגט דרייען דאס ראד ביים שעפן וואסער, אים פלעגט מען אויך נוצן צו היטן די ליכט יום־הכפור אין די בתי־מדרשים און אויך צום פארקויפן דאס חמץ ערב־פסח.

ערב יום־כפור פלעגט זיין אין באד פול, יידן זענען אין גרויס איילעניש געלאפן אויסגעווייקטע פון מקוה, צוגעגאנגען צו אלע צדקה פושקעס וואס זענען געווען אויסגעשטעלט אויפן שול־הויף, אריינגעווארפן אין אלע נדבות, און פון דארט אריין מיט גרויס התלהבות אין די בתי־מדרשים.

ערב פסח פלעגט זיין אין באד א גרויסער געדראנג, קינדער זענען געקומען מיט פולע קוישן נייע כלים טובל'ן אין מקוה, אדער אלטע כלים כשר'ן אין באד־אויוון.

כמעט הארט פאר דער לעצטער וועלט־מלחמה, האט מען אויפגעשטעלט אויפן שול־הויף א בית־השחיטה פאר עופות און אזוי האט זיך געהאט קאנצענטריעט דער גאנצער רעליגיעזער צענטער אויף איין ארט.

•

דאס צווייטע בית־הקברות וואס איז געווען נעבן אליעזר מיצנער, איז אמאל געווען ארומגענומען מיט א פלויט פון ברעטער, ווען דער פלויט איז איינגעפאלן, האט דער מאגיסטראט געוואלט אויסגלייכן די גאס, צונעמען א שטיק בית־הקברות, די יידן זענען אויף דעם נישט איינגעגאנגען, און עס האט זיך אנגעפאנגען משפטים צווישן מאגיסטראט און דער קהלה, נישט האבנדיק קיין ברירה, איז ביינאכט ארויס די גאנצע שטאט יידן און מען האט איבער דער נאכט אויפגעשטעלט א מויער פון רויטע ציגל, און עס איז געווארן א געשענער פאקט און אזוי איז ער שוין פארבליבן. אויפן בית־הקברות זענען געווען האלצערנע און שטיינערנע מצבות אין גאנצן באוואקסן מיט מאָך, עלטער פון 200 יאר.

דער לעצטער בית־הקברות איז געווען אויפן זאמד, ווייט אונטער דער שטאט, ארומגעצוימט מיט א מויער פון שטיינער,

וואס איז געווען פול מיט הויכע צעוואקסענעביימער, מיט נעסטן פון שווארצע קראָען. יעדעס מאל האט א קראָע איר מויל מיט א געשריי געעפנט, וואס דער ווידערקול האט זיך צעטראגן ווייט, ווייט ארום. אויפן בית־הקברות זענען כסדר געווען מענטשן — ווער אין א יאר־צייט, ווער אין אן עת־צרה בעטן פאר א קראנקן. חנקהל׳צ האט ארומגעפירט צו די קברים פון משפחה, גוטע־יידן. צום סוף פלעגן יידן ארייגגיין אין אוהל, וואס איז געווען באווארפן פיל מיט קוויטלעך, אנגעצונדן א ליכט, אויסגעוויינט זיך דאס ביטערע הארץ, ארויסגעשארט זיך אונטערווילעכץ, אויפגעהויבן עפעס פון דער ערד און צוריקגעווארפן, אבגעוואשן זיך די הענט און א היימגעגאנגען מיט א גרינגער הארץ.

דער שומר פון בית־הקברות איז געווען א קריסט, ער האט געוווינט ביים ארייגאנג. יעדן פרייטאג פלעגט ער גיין איבער דער שטאט צוזאמענעמען פאר זיך חלות, וואס מען פלעגט אים געבן מיט כבוד.

*

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז בילגוריי געווען אבגעריסן פון דער גאנצער ארומיקער וועלט, עס איז קיין באַן נישט געווען. די איינציקע קאמוניקאציע זענען געווען די קאָטש׳ן (פארמאכטע וועגנער) געשפאנט אין דריי אדער פיר פערד, וועלכע פלעגן פארן אין די זאמדיקע וועגן ביז רייאָוויעץ, און פון דארט מיט דער באַן ווייטער. אזא רייזע קיין ווארשא פלעגט דויערן צוויי וואכן און אמאל מער. נישט איינמאל פלעגט טרעפן אז א פערד איז אין מיטן וועג אבגעשטאנען און דער בעל־עגלה פלעגט מוזן א פערד אין וועג צודונגען, און דאס איז אויסגעגאנגען צו די רייזנדעס קעפ. אזא רייזע איז אויך געווען פארבונדן מיט סכנות־נפשות, ווייל עס פלעגן כסדר פארקומען באנדיטן־אנפאלן אויף די רייזנדע. נאך אזא רייזע פלעגן יידן צוריקקומענדיק בענטשן גומל, דערפאר פלעגט טאקע אין אלע בתי־מדרשים הענגען טאוולן מיט ברכת־הגומל.

אפילו די פאסט פלעגט מען פירן מיט וועגנער, באוואכט מיט מיליטער, אנקומענדיק אין שטאט פלעגן זיי טראמפייטערן,

מודיע געווען אז די פּאָסט איז אנגעקומען, וועלכע בריוו־טרעגער פלעגן זי שפּעטער צעטראגן.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען בילגוריי איז געווען אָקופּירט דורך עסטרייך, האבן זיי אויסגעבויט א שמאָלע־באן ביז זווערזשיניעץ און פון דארט א ברייטע באַן ביז רייאָוויעץ.

אזוי האט בילגוריי באקומען א ברייטן צופאר צו דער ארוי־מיקער וועלט, און דער גאנצער האלץ טראנספּארט איז טאקע געגאנגען מיט דער שמאלער־באן. ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האט בילגוריי געהאט א ברייט פארצווייגטע אויטאבוסן־קאמוניקאציע מיט אלע ארומיקע שטעט און שטעטלעך.

נאך ביז לעצטנס האט מען אין בילגוריי אלץ מודיע געווען דורך פּויקן, עס איז ארומגעגאנגען קאסיבוצקי מיט דער גרויסער פּויק און געקלאפּט, ביז עס איז זיך צוזאמענגעקומען א גרויסער עולם, האט ער אנגעטון די ברילן, ארויסגעליינט פון א פּאפּיר די מודעות, צוגעבנדיק זיינע גלייך־ווערטלעך פון וועלכע דעם עולם האט זייער הנאה געהאט.




יידישע גרוסטֿשיקעס ביים לאדן דאס האלץ

# דער האלץ־מסחר

אין בילגורייער געגנט זענען געווען אנגעהויפּע שטחים פון וועלדער, וועלכע האבן זיך אנגעפאנגען פון קרעשעוו ביז יאנוב, קראשניק, וועלכע האבן געהערט צום גראף־זאמויסקי און אויך א סך מלוכה־וועלדער. א סך וועלדער האבן אויך געהערט צו פּויערים, וועלכע זיי האבן באקומען פון „סערוויטוט" (דער צאר אלכסנדער דער 2־טער, וואס איז געווען א ליבעראלער, האט אבגעשאפן די „פּאַנשציזנע", וואס די פּויערים האבן געמוזט ארבייטן ביי די פּריצים, און דער קיסר האט ארויסגעגעבן אן „אוקאז" אז יעדער פּויער האט באקומען אויף זיין אייגנטום 24 מארג פעלד און א חלק אין וואלד – דאס האט געהייסן „סערוויטוט"). אין יאר 1918 נאכן אנטשטיין פון דער פּוילישער רעגירונג, זענען א חלק פון די וועלדער צעטיילט געווארן צווישן די פּויערים, דעריבער איז געווען אין בילגוריי א גרויסער האלץ־מסחר.

דער האלץ־מסחר אין בילגוריי ציט זיך פון זייער לאנגע יארן, און האט זיך געפונען בלויז אין יידישע הענט, אין שפּיץ זענען געשטאנען גרויסע יידישע פירמעס ווי: הארמאנעס, האניגבוים, שפּער, ארביספעלד און הירשנהארנס.

כמעט פון די ערשטע יידישע האלץ־סוחרים אין בילגוריי איז געווען ר' שמואל־אליהו שווערדשארף ז"ל, וועלכער פלעגט פירן האלץ קיין דאנציג. ער האט אויך פארמאגט אייגענע גיטער און א סך וועלדער אין די סענדלאַרקעס ביי פּראַמפּאָל, וועלכע ער האט אין די עלטערע יארן פארקויפט ענדעלמאנען פון ווארשא, און צום סוף האט די וועלדער אבגעקויפט פאליק פאבריקאנט.

מיט יארן צוריק האט בילגוריי קיין באַן־ליניע נישט געהאט און דאס גאנצע האלץ איז געפירט געווארן מיטן וואסער.

אין זומער פלעגט מען דאס האלץ פירן מיט וועגנער, ווינטער מיט שליטנס ביז צום טייך טאַנעוו אין דאָרף האַרשעקי (פון דאָרט איז געגאנגען א גרעסערער טייך). דאָרט האט מען עס אריינגע־ווארפן אין וואסער און עס איז געשווימען ביזן סאַן קיין אוליאַנאָוו דורך קרעשעוו. דאָרט פלעגט מען עס צוזאמענעמען, שליסן דערפון „טראטוועס", אויף וועלכע עס זענען געזעסן מענטשן און האבן זיי געפירט מיטן וואסער ביז צו דער ווייסל און מיט דער ווייסל ביז דאנציג. אזא רייזע מיטן וואסער פלעגט דויערן א לענגערע צייט און איז אויך געווען פארבונדן מיט פארשידענע סכנות.

שפעטער, פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין 1901 איז אראבגעקומען קיין בילגוריי א דייטשע פירמע פראנקא, וועלכע האט אבגעקויפט גרויסע שטחים וועלדער ביים גראף־זאמויסקי (לויטן רוסישן געזעץ, האט די פירמא פראנקא נישט געקענט פיגורירן, אזוי, אז אלע געשעפטן זענען געווען אויפן נאמען פון ר׳ איצי פלא־מענבוים, וועלכער איז געווען אנגעשטעלט אין דער פירמא), זיי האבן באשעפטיקט פיל ארבייטער, אויך יידישע אנגעשטעלטע צווישן זיי יחזקאל ארביספעלד, וועלכן מען האט גערופן יחזקאל דעם דייטשס. שפעטער איז ער אליין געווען א גרויסער האלץ־סוחר.

א שרעקלעכן איינדריק האט זיינערצייט געמאכט דער פאל מיט משה איידלשטיין, אן אנגעשטעלטער ביי דער פירמע פראנקא. פאר פסח 1913 איז ער געפארן איבערן טייך, וואס האט דאן געהאט אויסגעגאסן, און פארנדיק איבער דער בריק אין אָסוכי וואס איז געווען פארגאסן מיט וואסער, האט אים דאס וואסער אריינגעשלעפט און ער איז דערטרינקען געווארן, מען האט אים נישט געקענט געפונען. די עלטערן זענען דאמאלס געפארן צו רביים, וועלכע האבן געגעבן סגולות, מען זאל נעמען א מילטער אריינלייגן אין אים א ברויט, און אין ברויט אריינשטעלן א ברענענדיק ליכט, און לאזן עס

אויפן וואסער. ווי די מילטער וועט זיך אבשטעלן, דארט דארף דער דערטרינקענער ליגן. נאך לאנגע זוכעניש האט מען אים געפונען.

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האט זיך די פירמע פראַנקא ליקווידירט, און אלע דייטשע אנגעשטעלטע זענען צוריק אנטלאפן קיין דייטשלאנד. שפעטער האט מען געזאגט אז די פירמע איז געווארן אויפגעשטעלט צוליב שפיאנאזש.

נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט דער האלץ־מסחר צוריק אויפגעלעבט. רייכע יידן, גרויסע האלץ־סוחרים פלעגן אבקויפן גרויסע שטחים וועלדער ביי דער מלוכה און ביים גראף זאמויסקי. זיי פלעגן אויסארבעטן פארשידענע בוי־מאטעריאלן און באַן־שוועלן. די פויערים פון די ארומיקע דערפער זענען געווען באשעפטיקט ביי דער ארבייט: ווער אלס טשעסלאר, ווער אלס פורמאן ביים פירן דאס האלץ.

נאכן אויסארבעטן דאס האלץ, פלעגן די סוחרים עס פארקויפן צו גרויסע פירמעס אדער דער מלוכה, וועלכע פלעגט קויפן באַן־שוועלן. זייער פיל האלץ איז אויך עקספארטירט געווארן קיין אויסלאנד.

עס זענען געווען אסך קליינע סוחרים, וועלכע פלעגן אבקויפן ביי די ארומיקע פויערים צו עטלעכעביימער, וואס זיי האבן באַקומען פון „סערוויטוט", זיי פלעגן עס אויסארבעטן און שפעטער פארקויפן צו די גרעסערע יידישע סוחרים אין שטאט.

ווינטערצייט, ווען עס זענען געווען די פרעסט, איז ביים האלץ־מסחר געווען א גרויסע באוועגונג, ווייל נאר מיט שליטנס האט מען געקענט צו קומען אין אלע ערטער. מען פלעגט ארויספירן דאס אויסגעפארטיקטע האלץ פון די וועלדער, אויף די פלעצער וואס די יידישע סוחרים האבן געהאט ביי דער באן־סטאציע אין בילגוריי, אדער ביי דער „סטאציע ראַפּאַ".

פון דארט פלעגט מען דאס האלץ לאָדן אויף וואגאנען,

וואס זענען געגאנגען צו דער ברייטער באן קיין וווערזשיניעק, די טרעגער (גרוסטשיקעס) וואס פלעגן לאדן דאס האלץ זענען אויך געווען יידן.

עס זענען אויך געווען סוחרים וואס פלעגן לאזן שניידן ברעטער אין די צוויי יידישע טאַרטאַקן. איינער איז געווען ביי שאַרף׳ס פאַראָווער־מיל און דער צווייטער, גרינאַפּל אין דער קליינער וואָליע.

אן אומגליקס־פאל איז פארגעקומען אין בילגוריי, וואס האט דאן אויפגערודערט די גאנצע שטאט. ווען דער קליינער סוחר פוקס, האט געקויפט עטלעכע ביימער ביי די פויערים און ווען עס איז געקומען די באשטימטע צייט און די פויערים האבן דאס האלץ נישט געבראכט, איז דער סוחר אוועק צו די פויערים פאדערן די געקויפטע סחורה, אדער צוריק דאס געלט. די פויערים ווילנדיק פטור ווערן פון דעם בעל־חוב, האבן זיי אים ארויס־געפירט אין וואלד אריין, מכלומרשט צו פארקויפן פרישע ביימער און דארט אים דער׳הרג׳ט. ווען ער איז נישט צוריקגעקומען האט מען געמאלדן פאליציי, וועלכע האט באלד אנגעהויבן אן אויספארשונג. דאן האט זיך אריינגעמישט דער אנטיסעמיטישער רייענט (נאָטאַר) פון שטאט און האט געזאגט, אז יידן ווילן מאכן א בלבול אויף די פויערים און אז ער האט אליין געזען פוקסן אין ווארשא. שפעטער האט מען דעם הרוג געפונען, און די פויערים וואס האבן זיך אליין מודה געווען, זענען פאר׳משפט געווארן צו שווערע שטראפן.

אן ענלעכער פאל איז פארגעקומען מיט שיימע לומערמאן, וועלכן די פויערים האבן גע׳הרג׳ט ביי די זעלבע אומשטענדן און אויך אין דעם פאל זענען די פויערים פאר׳משפט געווארן.

שפער ש. י. — קראנענבערג א.

# דער זיפּן-מסחר

## די ספּעציפישע בילגורייער אינדוסטריע

די גענויע דאטע ווען עס האט זיך אין בילגוריי אנטוויקלט דער זיפּן מסחר איז נישט באקאנט, אבער אין דער היסטאריע פון דער שטאט, איז בילגוריי באצייכנט אלס די שטאט פון זיפּן (מיאַסטאָ שיט), פון גאר אלטע צייטן.

און מיט דעם האט זיך בילגוריי אויסגעצייכנט פון אנדערע שטעט, און איז געווען די איינציקע שטאט מיט דעם בארוף, נישט נאר אין פוילן, נאר אויך אין אייראפּא.

ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה האט זיך די זיפּן אינדוסטריע באזירט נאר אויף האָר-זיפּן, און דער אבזאץ-מארק איז געווען נאר דאס גרויסע צארישע-רוסלאנד.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, און שפּעטער די אנטשטייאונג פון פוילן, ווען דער רוסישער אבזאץ-מארק איז פון בילגוריי געווארן אבגעשניטן, האט מען געגלייבט אז עס איז א ענדע צו דעם בארוף.

און מענטשן וועלכע האבן זיך דערנערט פון זיפּן ארבייט, האבן שוין געזוכט אנדערע באשעפטיגונג, אבער לאנג האט די דאזיקע לאגע נישט געדויערט. די ענערגיע פון די בילגורייער יידן פון דעם בארוף, האט די רעזיגנאציע נישט דערלאזט. די ספּעציאליטעט פון דורות האט מען נישט דערלאזט ליקווידירן.

נאכן ענדע פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, האבן די פּיאנערן פון דער בראנזשע זיך גענומען מיט דער גאנצער ענערגיע און מוט, צו אנטוויקלען דעם בארוף, מען האט ערווארבן נייע אבזאץ-מערק, אנטוויקלט נייע צווייגן, פילפאכיק פארגרעסערט, אויסגעברייטערט און צעצווייגט.

עס האט זיך אויסגעבילדעט צוויי באזונדערע ריכטונגען: איין טייל וועלכע עס האבן ארגאניזירט און אנטוויקלט זענען געווען: מיכאל טייער ז"ל (געשטארבן אין רוסלאנד), אברהם הארמאן (היינט אין ישראל), פאמיליע שיער ז"ל (אומגעקומען אין בילגוריי) און אנדערע, זיי האבן זיך באזירט אויפן פוילישן אינערלעכן מארק.

זיי זענען נישט געבליבן שטיין ביי בלויז האר-זיפן, זיי האבן ארגאניזירט און אנטוויקלט א פארצווייגטע פראדוקציע פון דראט-געוועבע, אין גרויסן מאסשטאב, וואס דאס האט געשטעלט אין שאטן די פריערדיקע זיפן-פראדוקציע. עס איז פראדוצירט געווארן דראט-געוועבע פון פארשידענע סארטן און מוסטערן, פון רשת צו גדר און רשת צו בוי-צוועקן, פארשידענע ראפיס, ביז די פיינסטע געוועבע, ווי אויך פארשידענע פילטער פון קופער-דראט און אויך האר-זיפן.

מיט דער פראדוקציע איז בילגוריי געווארן דער הויפט פאק-טאר אויפן פוילישן מארק און עס זענען ביי דעם געווען באשעפ-טיקט הונדערטער ארבייטער יידן און קריסטן פון דער סביבה.

א צווייטע גאנץ באזונדערע טייל האט זיך פארנומען און אנטוויקעלט אן עקספארט פון האר-זיפן, דאס זענען געווען: אריש זילבערבערג ז"ל (געשטארבן אין בילגוריי), משה ווייסמאן ז"ל (אומגעקומען אין לעמבערג) און זאב טוכמאן (היינט אין ישראל), זיי האבן אנטוויקלט א גרויסן עקספארט פון האר-זיפן אין גאנץ אייראפא און אויסער אייראפא.

מיט יעדעס יאר האבן זיי ערווארבן מער אבזאץ-מערק אין פארשידענע לענדער.

ביי דער אויסארבייטונג פון די זיפן אויף עקספאָרט, זענען

געוועז באשעפטיקט, און געצויגן פרנסה, עטלעכע הונדערט פאמיליעס אויסשליסלעך יידן.

אין 1930 האט זיך ארגאניזירט א נייער צווייג, אן אבצהייג פון דער זיפן בראנזשע, דאס איז געווען ראָסהארשטייף, אזוי גערופענע „וולאָשאַנקאַ״. די ארגאניזרטארן פון דעם צווייג זענען געווען: אביגדור לעווינקאפ און משה טייער (ביידע אין ישראל). דער צווייג האט זיך אנטוויקלט און אויסגעברייטערט. ער האט זיך ערווארבן א אפזאץ-מארק אויף גאנץ פוילן. די בילגורייער „וולאשאנקא״ האט גע׳שמ׳ט אויפן פוילישן מארק מיט איר גוטן קוואליטעט.

ביי דעם זענען געווען באשעפטיקט הונדערטער ארבעטער יידן און קריסטן, יעדעס יאר איז דער צווייג פארגרעסערט געווארן און זיך אנטוויקלט.

א באזונדערער קרייז פון צענדליקער פאמיליעס האבן זיך פארנומען מיטן צוזאמענברנגען און צוגרייטן דעם רוי־מאטעריאל (די פערד־האר), מיט דעם האבן זיך באשעפטיקט די ברידער שניצער ז״ל פאמיליע קארן ז״ל, די ברידער שפער ז״ל און אנדערע (אלע אומגעקומען). זיי פלעגן פארן אין די גרעסערע שטעט פון פוילן אויפקויפן די האר, רייניקן און צוגרייטן זיי צום וועבן.

אויך איז געווען א קרייז וואס האבן אויסגעארבעט בויגנס צו פידלן (סמיצקעס), מיט דעם האבן זיך פארנומען בעריש פעדער (היינט אין אמעריקא) און אליהו דארפמאן (אומגעקומען אין רוסלאנד), די פראדוקציע איז פארוועגדעט געווארן אויפן פוילישן מארק און אויך אויף עקספארט.

דער באגריף זיפן־בראנזשע אין בילגוריי, האט מיט זיך פארגעשטעלט א גרויסע שעפערישע טעטיקייט, א ברייטע פאר-

צווייגטע וויכטיקע אינטערנעמונג, צום גינסטן פון דער שטאט און אומגעבונג.

מיט דער ברוטאלער פארפלייצונג פון דייטשן ווולקאן וואס האט מיט איר פייער־לאווע געברענגט טויט און פארניכטונג אויף איירָאפּא, האט צוזאמען מיט דער טאטאלער פארניכטונג פון אייראפעאישן יידנטום, אויך דעם שיין אנטוויקלטן בוים מיט אירע צווייגן ברוטאל פארניכטעט, און מיט אירע ווארצלן ארויסגעריסן.

משה מייער

# די יידישע דרוקעריי

די גרויסע יידישע דרוקעריי פון ר׳ נטע קראנענבערג וואס האט לאנגע יארן עקזיסטירט אין פיעטרקוב, האט ער אין יאר 1906 איבערגעפירט קיין בילגוריי.

פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה האט בילגוריי געהערט אונטער רוסלאנד און דאן פלעגט די דרוקעריי דרוקן ספרים פאר רבנים פון גרויסן צארישן רוסלאנד, פארשידענע סידורים, מחזורים, חמושים, און ספרי־קודש, ווי אויך וועלטלעכע ספרים. די דרוקעריי האט באשעפטיקט א פערסאָנאַל פון עטלעכע צוואנציק ארבעטער.



א טייל פון די ארבעטער אין דער דרוקעריי

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען בילגוריי איז געווען אָקופּירט דורך עסטרייך, איז דאס גאנצע לעבן געווען פּאַראליזירט און צווישן זיי די גרויסע יידישע דרוקעריי, אבער לאנג האט דער דאזיקער מצב נישט געדויערט, דאס לעבן האט זיך

אנגעהויבן צו נארמאליזירן און די דרוקעריי האט באלד באקומען קאנטאקט מיט די גרויסע יידישע פארלאגן ווי: יוסף שלעזינגער, אין וויען; שמחה פריינד, אין פשעמישל; וועלכע האבן אנגעפאנגען ארבייטן פארשידענע ספרי-קודש ווי, סידורים, חמושים, סליחות, קינות, תחינות און אנדערע. די דרוקעריי האט אנגעהויבן ארבעטן מיט דער גאנצער פארע, האט באשעפטיקט פיל ארבעטער און איז געווארן פארגרעסערט פון יאר צו יאר.

דורך דער דרוקעריי איז בילגוריי געווארן באוויסט אין דער וועלט אויף אזוי ווייט, אז איינער האט געזאגט אז ער איז פון בילגוריי, האט דער פרעמדער באלד געזאגט, אז דארט איז דא די גרויסע יידישע דרוקעריי.

עס איז כמעט נישט געווען קיין ארט אין אייראפא און אין אמעריקא, אז די דרוקעריי זאל נישט האבן קיין האנדלס-באציאונגען מיט די דארטיקע פארלאגען אדער מיט די רבנים.

נאכן אנטשטיין פון פוילן, איז די דרוקעריי געקומען אין קאנטאקט מיטן גרויסן „שטיבל" פארלאג פון בערלין, וועלכער האט געעפנט אן אבטיילונג אין ווארשא. דער פארלאג האט געדרוקט אין די הונדערטער איבערזעצונגען פון די בעסטע ווערק פון פרעמדע שרייבער, ווי אויך אין אריגינאל — אלץ אין עברית. עס איז געקומען אזוי ווייט, אז דער פארלאג האט אראבגעשיקט א מגיה קיין בילגוריי, בכדי עס זאל נישט זיין קיין עיכוב מיטן שיקן די הגהות דורך דער פאסט.

די דרוקעריי איז כסדר געשטאנען אין באציאונג מיט אלע יידישע בוכהאנדלונגען אין לאנד און אין אויסלאנד ווי: צענטראל קלעצקין, גיטלין, כהן און פריעד, מונקאטש און אנדערע. אויך א גרויסער חלק פון ש. ל. גורדון׳ס תנ״ך, איז געדרוקט געווארן אין בילגוריי.

רבנים פון דער גאנצער וועלט האבן זייערע ספרים געדרוקט

אין בילגוריי, ווי: הרב באבאד, טארנאפאל; הרב פערלאוו, באלחאוו; הרב הורוביץ, סטאניסלאוו; הרב מיכלזאן, ווארשא; הרב לעווין, ריישא; הרב אייגעס, ווילנא; הרב גוטמאן, רומניה (היינט אין ישראל); הרב מעט, לאנדאן; הרב קאלענבערג, מעץ; הרב רעזניק, ראכעסטער נ. י.; הרב עמיאל, אנטווערפן (נפטר געווארן אין ישראל), הרב דר. קליין, נירנבערג (ווען היטלער איז געקומען צו דער מאכט איז ער געקומען קיין בילגוריי, היינט אין ישראל), הרב לייטער, וויען און אנדערע.



נאך א טייל פון די ארבעטער אין דער דרוקעריי

אין יאר 1923 דאנערשטאג אין א מארקס־טאג, איז געקומען ספעציעל קיין בילגוריי דער „חפץ־חיים" זצללה"ה. דרוקען זיין ספר „משנה ברורה" און איז פארפארן אין דער דרוקעריי, פרייטאג פרי האט ער געבעטן ר' נטע קראנענבערג ז"ל, אז ער זאל אים שאפן אויף שבת א מנין צו דאווענען בהשכמה ווי ער איז זיך נוהג, נאר מיט א תנאי, נישט מגלה זיין, אז ער, דער חפץ־חיים, איז

דא אין בילגוריי, ער אלס עניו האט נישט געוואלט קיין כבוד. בליץ שנעל האט זיך אבער די ידיעה פארשפרייט אין דער גאנצער שטאט. פרייטאג צו נאכט׳ס און שבת פרי איז די גאנצע שטאט געווען ביים דאווענען און שפעטער ביי די שבת׳דיקע סעודות.

שבת צו נאכט׳ס האבן מענטשן אנגעהויבן צו שטראמען מיט קוויטלעך, אבער ער האט נישט געוואלט קיינעם אננעמען, טענה׳דיק אז ער איז א ייד גלייך מיט אלע יידן.

אין מיטן דער נאכט האט מען געהערט ווי ער האט גערופן ר׳ הלל (זיין איידעם וואס איז מיט אים מיטגעווען) און מיט אים גערעט פון לערנען.

ביים אפפארן, איז געווען די גאנצע שטאט אים באגלייטן פון פרומע ביז פרייע, אן אונטערשיד, מען האט אים געטראגן ביז דער קאַלייקע אויף די הענט, אדורכגייענדיק די קריסטלעכע גאסן האבן די קריסטן געקוקט אויף אים מיט גרויס דרך־ארץ.

אזוי האט בילגוריי געהאט די זכיה צו האבן ביי זיך דעם גרויסן גאון פון לעצטן דור.

שפעטער האט די דרוקעריי געשאפן אן אייגענעם פארלאג „מעין״ וואס האט ארויסגעגעבן אין די צענדליקער ספרי־קודש, אויך דעם באוווסטן סידור „בית־האוצר״ מלוקט געווען פון אייגנטימער פון דער דרוקעריי ר׳ נטע קראנענבערג ז״ל, דער פארלאג האט אבגעקויפט דעם זכות פון ספר „האלף לך שלמה״ פון ר׳ שלמה קלוגער זצ״ל, וועלכעס איז געדרוקט געווארן אין פיל טויזנטער עקזעמפלארן, האט געפירט א פארצווייגטע ארבעט און האנדל מיט די אייגענע ספרים אין דער גאנצער וועלט.

די דרוקעריי און דער ספרים־האנדל האט זיך זייער אנט־וויקלט און כסדר פארגרעסערט, געהאלטן מענטשן וועלכע זענען ארומגעפארן איבער גאנץ פוילן פארקויפן די ספרים, אזוי ווייט, אז די דרוקעריי איז געווארן א מיטגליד אין דער האנדלס־קאמער

אין לובלין, פאר האנדלען מיט אויסלאנד, וואס די פוילישע מלוכה האט דאמאלס זייער געשטיצט, און געגעבן גרויסע הנחות פאר פירמעס וואס ברענגען אריין פרעמדע דעוויזן קיין פוילן.

*

די ערשטע שאפונג פון יצחק באַשעוויס, אונטערן נאמען „סאַלאַמאַנדראַ״. וואס ער אליין איז געווען אן אייניקל פון אלטן בילגורייער רב, און האט א לאנגע צייט דארט געוווינט, איז אויך געדרוקט געווארן אין דער גרויסער יידישער דרוקעריי פון ר׳ נטע קראנענבערג ז״ל, אין בילגוריי.



א גרופע ארבייטער פון דער דרוקעריי, צום סוף געארבעט אין לעמבערג

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען א טייל פון די שריפטן מיט די מאשינען, באגראבן געווארן אין הויף פון דער דרוקעריי. און זענען געלעגן אזוי נישט באַרירט פון קיינעם. דער איבערגעבליבענער נישט באהאלטענער טייל און אלע מאטריצן פאר צענטליקער טויזנטער זלאטעס, זענען פארניכטעט געווארן דורך די דייטשע מערדער.

נאך דער מלחמה, ביים אנטשטיין פון דער פרישער פוילישער מלוכה, איז געווען אין לובלין א יידישער באאמטער ט. י. וועלכער האט פריער געארבעט אין דער דרוקעריי, איז ער דאמאלס אראפ־געפארן קיין בילגוריי. אלץ אויסגעגראבן, אוועקגעפירט עס קיין ווארשא, און דאס איז געווען דער ערשטער קערן פון דער פרישער יידישער צייטונג אין פוילן „דאס נייע לעבן".

אזוי איז אומגעקומען ר' נטע קראנענבערג מיט זיין גרויס ווערק די יידישע דרוקעריי וואס האט גע'שם'ט אין דער גאנצער וועלט. צוזאמען מיט דער גאנצער עדה פון בילגוריי.

לעצטנס האבן די ברידער שלמה און ישראל וויינבערג אויך געעפנט א דרוקעריי, וועלכע האט אויך געארבעט מיט דער ברייטער וועלט.

## דער טעות

אין יאר 1913, איז געקומען קיין בילגוריי דער מאַלקינער רב, וואס האט געדרוקט זיין ספר „עוז ביד", אראפגייענדיק פון דער פור מיט וועלכער ער איז געפארן פון רייאָוויעץ. און ווי ער איז נאר אריין אין דער דרוקעריי, איז באלד נאך אים געקומען דער סטאר־שי־וואכמייסטער מאַייערבראָדי, מען האט דעם רב געוואלט ארעסטירן (ווייל עס איז שוין געווען מלחמה שטימונג, מען האט געזוכט שפיאנען) מען איז באלד געלאפן נאך שלום יוסלס (הויכמאן), וועלכער איז דאן געווען דער ביטע־שרייבער אין אלע רעגירונגס אמטן, מאַיערבראָדי האט ביים רב געמאכט א רעוויזיע, האט ביי אים געפונען פיל כתב־יד'ן, א געדרוקטן כותל־המערבי (מזרח), קבלות פון געזאמלט געלד פון קופת רמבענ"ס, און א בריוו פון זיין ברודער אין אמעריקא, און ווען מאַיערבראָדי האט געפרעגט דעם רב פון וועמען איז דער בריוו, האט דער רב ווי אמאל, נישט קענענדיק קיין רוסיש, — געזאגט, מיין ברודער, דא איז דער

וואכמייסטער ארויס. פון וואנען ווייסט ער אז מיין נאמען איז מאַייערבראָדי (ביי אים איז אויסגעקומען מיין ברודער—מאַייערבראָדי) און עס איז נישט אנדערש, נאר ער איז א שפּיאָן און די כותל־המערבי דאס איז א מאפע.

נאך גרויס פראטעקציע האט מען אים באפרייט, מען האט ביי אים צוגענומען אלע „שפּיאנאזש" דאקומענטן ווי: דעם מזרח, קבלות פון קופּת רמבענ"ס, דעם בריוו פון ברודער אין אמעריקא און ספרים, זיי האבן אלץ אוועקגעשיקט קיין לובלין אין צענזור, אין א צייט ארום האט דער רב באקומען צוריק אלע דאקומענטן, און פּאליציי האט זיך פאר אים אנטשולדיקט.

## דער נסיון

מיט אמאל באקומט די דרוקעריי א בריוו פון א דר. ב. אין לעמבערג, אז מען זאל קומען אננעמען ביי אים פארשידענע גרויסע ארבעטן, מען איז באלד געפארן קיין לעמבערג מיט דער באן וואס איז אנגעקומען פארטאג און פארפארן אויפן אנגעוויזענעם אדרעס, אנקלאפנדיק אין דער טיר, האט א ייד מיט א לאנגער בארד און געקרייזלטע לאנגע פּיאות ארייגעבעטן אין צימער.

באלד איז אריינגעקומען ד"ר ב. און געמאכט א פארטראג אויף גרויסע ארבעטן, מיט א באדינג, אז יעדע ארבייט מוז ווערן פארטיק אויף א געוויסן טערמין, ווען נישט, מוז די דרוקעריי באצאלן א געוויסן סכום.

באלד איז אנגעקומען דער כתב־יד, און ווען מען איז געגאנגען אנפאנגען די ארבעט, האט זיך ארויסגעוויזן אז דאס איז מיסיאָנערישע זאכן, ר' נטע קראנענבערג ז"ל איז מיטן כתב־יד אוועק צום בילגורייער רב, און מען האט באשלאסן, דאס ספר נישט צו דרוקן.

ווען עס איז אוועק דער אנגעוויזענער טערמין און דאס

בוך איז נישט געווען פארטיק, איז באלד אנגעקומען אן אנקלאגע דורך אן אַדוואָקאַט, פאדערנדיק די פארפליכטעטע סומע לויטן אפמאך.

ר׳ נטע קראנענבערג ז״ל, אלס רעליגיעזער ייד, איז דעם נסיון בייגעשטאנען, אויסגעקליבן, צו באצאלן דעם אנגעוויזענעם סכום און די מיסיאָנערישע ביכער נישט געדרוקט.

קראנענבערג א.

# א מארק-טאג

דאנערשטיק, ווען אין דרויסן איז נאך געווען פינסטער זענען שוין די פויערים פון די ארומיקע דערפער געקומען מיט אנגעפאקטע וועגענער פון כל־טוב אויפן יריד, ווער עפעס קויפן ווער עפעס פארקויפן.

מיט לאנגזאמע טריט שפאצירט א פויער שלעפנדיק ביי א שטריק א קו אדער א חזיר און הינטער אים די פויערטע מיט א פאק אויף די פלייצעס, טראגט אין שטאט אריין צו פארקויפן, עופות, אייער, פוטער, פלאַקס, טראגט אויך א פלאש אנגעבונדן אויף א שטריקל בכדי אהיימצוקויפן פאר איר בעל־הבית׳קייט; נאפט, זאלץ און נאך קלייניקייטן.

דער געפּאָרעריי איז געווען אזוי גרויס, אז די גאסן האבן זיך פשוט געבראכן, דער מארק איז געווען אזוי אנגעפאקט מיט פורן און מענטשן, אז אלץ האט אויסגעזען ווי איין שטיק מאַסע.

עס זענען זיך צוזאמענגעקומען פון די ארומיקע שטעט, יידישע טאַנדייט־שניידער, היטל־מאכער, שוסטער, גאלאנטעריי, מאנופאקטור, (ווייל דער יריד איז געווען ביי די יידן דער מקור פון פרנסה) און יעדער האט אויפגעשטעלט זיין סטראַגאן אויף די פלעצער וואס ער האט אפגעדונגען ביים מאגיסטראט, נישט איינמאל פלעגט פארקומען קריגערייען וואס איינער האט זיין סטראגאן אריינגערוקט אביסל אויפן צווייטנס פלאץ.

שפעטער, ווען עס איז שוין נישט געווען קיין פלאַץ אין מאַרק, פלעגן די פויערים פארנעמען פלעצער אין די גאַסן ארום דעם מאַרק.

יידישע פערד סוחרים, פלעגן פרוון די פערד אויף דע־
גאַס נעבן דער אַפטייק, ביים אדורכקומען מיט דעם פרייז פלעגן

זיי קלאפּן איינער דעם צווייטן אין האנט, ביי יעדער קלאַפּ האט איינער דערלייגט אויפן פּרייז און דער צווייטער האט נאכגעלאזן, מען האט אזוי לאנג געקלאַפּט, ביז מען איז אדורכגעקומען.



א מארק-טאג, אין מיטן — דער מאגיסטראט

די קצבים זענען אויך ארומגעגאנגען אין מאַרק צווישן די פּויערים, איינגעקויפט בהמות, צו באזארגן בילגוריי מיט פלייש. (אין די לעצטע יאָרן האט דער שטאָט־ראט איבערגעפירט דעם מארק פון פערד און בהמות אונטער דעם באַרג). דער רעש אין מאַרק איז

געוועזן אזוי גרויס, אז מען האט זיין אייגן ווארט נישט געהערט.

די געשרייען פון די גענז, הינער, קאטשקעס און אינדיקעס האבן פארטויבט די אויערן, די פרויען זענען געגאנגען פון איין פויער צום צווייטן זוכנדיק א מציאה אויף שבת און אויף א גאנצע וואך, ביי די זייטן פון גאס זענען געשטאנען די פויערטעס מיט די פרישע אָסעלקעס פוטער און געבעטן זיך מען זאל זיי קויפן.

די שווערסטע ארבעט איז געווען פאר די פרויען אין א מארקס-טאג, דא האבן זיי געטראגן פון מארק א קויבער עפל, טייערע בארן, א פעטע גאנז, עטלעכע הינער, א זעקל קארטאָפל און ווער שמועסט נאך אז עס איז געקומען אן ערב יום־טוב, זענען די פרויען פשוט אבגעשטאנען פון טראגן א גאנצן טאג די איינגעקויפטע פראדוקטן.

די יידישע געוועלבער זענען געווען פול מיט פויערים און פויערטעס וואס האבן געקויפט פארשידענע סחורות, שטיוול־אנצוגער, קליידער, קאָפּ-טיכלעך אדער שאַלן און פאר די קינדער, היטלען.

יעדעס מאל האט א קלונג אדורכגעשניטן די לופט מיט א הויכן ווידער־קול, וואס א פויער האט געפרוווט א קאסע ביים קויפן אין א יידיש אייזן־געוועלב, אדער ביים אבהאקן א שטיק אייזן צו פאריכטן זיין וואגן.

פארנאכט, נאכן פארקויפן די פראדוקטן, א פערד, אדער א קו, זענען די פויערים אריין אין די יידישע ביר־שענקן, צו יענקל סענדערס, יחיאל גרשון, פישל קעלמאנאוויטש און האבן דארט געמאכט א לייטישן „שהכל״, דער רעש און דער ריח פון ביר, וואס האט געזעצט פון די אפענע פענסטער, האט אפילו די דורכגייער אין גאס פאר׳שיכור׳ט.

נישט איינמאל פלעגט טרעפן, די פויערים זייענדיק שיכור,

פלעגן גנבים, זיי דעם גאנצן פדיון ארויס׳גנב׳ן, און נאכן אויס־ניכטערן, פלעגן זיי זיך ארומזען אז זיי האבן נישט די קו און נישט דאס געלד.

אזוי פלעגט מען יעדן דאנערשטיק הערן די קולות פון די שיכור׳ע פויערים וואס פלעגן א היימפארן פון יריד, ביז שפעט אין דער נאכט.

*

ביים תבואה־מסחר אין בילגוריי, האבן זיך באשעפטיקט און געצויגן פרנסה זייער פיל משפחות, און דער גאנצער מסחר איז איינגעשטאנען אין יידישע הענט. עס זענען געווען גרויסע יידישע תבואה־סוחרים; הערשעלע שיינוואלד, שבח ווערמוט און אנדערע, וואס האבן געהאנדלט מיט וואַגאָנען תבואה, זיי פלעגן אפקויפן ביי די פריצים (גוט־באַזיצער), און עס געמאָלן אין די צוויי יידישע מילן, דאס מעל שפעטער פארקויפן אין די געשעפטן און אויך אין דער פראָווינץ.

עס זענען אויך געווען קליינע תבואה־סוחרים, וואס פלעגן אויפקויפן אויף די ירידים ביי די פויערים אין די ארומיקע שטעט־לעך, שפעטער עס פארקויפן די גרויסע סוחרים.

*

בילגוריי האט געהאט ארום פיל דערפער, דערפאַר איז אין בילגוריי געווען א גרויסער אייער־מסחר, עס איז געווען גרויסע אייער־סוחרים; שטול, קליינמינץ און אנדערע, וואס פלעגן עקס־פאָרטירן וואַגאנען אייער קיין אויסלאנד און איבערן גאנצן לאנד, עס זענען אויך געווען קליינע סוחרים, וואס פלעגן אויפקויפן אייער אויף די ירידים, און שפעטער זיי פארקויפן די גרויסע סוחרים.

*

די סוחרים שטול און לייטער, וואס האבן געהאנדלט מיט

קאַנאָפּיע, פלאַקס, פאַקולעס, און ליען, פלעגן אויפקויפן די סחורה ביי די ארומיקע פויערים, מערסטנס אויף די ירידים און א סך סחורה פלעגן זיי קויפן ביי יידן וואס פלעגן האנדלען אויפן דארף, שפּעטער איז עס געווארן סאָרטירט, געפּאַקט אין באַלן און עקספּאָרטירט איבערן גאנצן לאנד און קיין אויסלאנד.

*

די גרויסע קאָלאָניאַל געשעפטן, וואָגשאל און לייכטערס, וואס האבן באזארגט בילגוריי און די פּראווינץ מיט סחורה, פלעגן זיין כסדר פול מיט קונים, פיל שעה׳ן פלעגט מען דארפןווארטן ביז עס איז געקומען די ריי צו נעמען די סחורה.

*

די דריטע מאַי גאס, איז כסדר געווען פול מיט פורן, וואס פלעגן קומען קויפן ביי די הורט-סוחרים קאַנדל און שלאַפּראַק: מעל, נאַפט, הערינג און זאלץ.

*

די גרויסע הורט־געשעפטן י. גערשטענבליט (אייזן) ה. לייכטער, הירשמאן, גרויסמאן און אנדערע (מאַנופאקטור), וואס פלעגן פארזארגן בילגוריי מיט סחורה, זענען כסדר געווען פול מיט קונים.

*

אלע געשעפטן פון בילגוריי, ווי; מאנופאקטור, אייזן, צעלניק, קאלאניאל, שפייז, ראדיא (לאנג. טענענהאלץ), ראָווערן (פעדער), גאסט-הייזער (ג. גראסמאן, פורער) זענען געווען אין יידישע הענט.

*

די צוויי סאָדאַ-וואסער פאבריקן, וואס בילגוריי האט פארמאגט; שלום ראָפּער, (וואס איז אויך געווען דער איינציקער סוחר פון פעל) און די בוימס, זיי האבן באזארגט בילגוריי אין די זומערדיקע הייסע טעג מיט א קאלטן טרונק און עס איז אויך געווען דאס איינציקע ארט, ווו מען פלעגט נעמען א שטיקל אייז פאר א קראנקן.

די איינציקע צוקערלעך פאבריק אין בילגוריי — אין אקליינעם פאָרמאַט — ווו קינדער פלעגן כסדר לעקן די פעסער פון סיראָפּ, האט געהערט צו איציק־לייב אָליווע.

*

די דריי מילן וואס בילגוריי האט פארמאגט, זענען אלע געווען יידישע, די גרויסע וואסער־מיל, וואס האט פריער געהערט צו שמואל וואָרמאן, האט זי שפעטער אפגעקויפט הערשעלע שיינוואַלד, ער פלעגט מאָלן מעל פאר אלע סוחרים, און איז אליין אויך געווען א גרויסער מעל־סוחר. מען פלעגט אויך מאָלן פארשידענע קאַשעס.

די מיל פלעגט שם׳ן אין גאנצן געגנט מיט איר גוטן קוואַליטעט מעל.

די פאַראָווע־מיל מיטן טאַרטאַק, וואס האט געהערט צו די שאַרף׳ס, פלעגט מאָלן מעל פאר די מעל־סוחרים און פאר די פויערים פון ארום בילגוריי.

דער טאַרטאַק פלעגט כסדר שניידן פארשידענע געהילץ פאר די בילגורייער האלץ־סוחרים און פאר די ארומיקע פויערים.

דאס קליינע מילכל, וואס האט פריער געהערט צו די שארף׳ס, איידער זיי האבן אויפגעשטעלט די פאראָווע־מיל, האט אפגעקויפט די אלמנה זילבערפיין, דארט האבן געמאלן כמעט נאר די פויערים פון ארומיקן געגנט.

*

דער יידישער גרויסער טאַרטאַק אין דער קליינער וואָליע גרינאַפּל, וואס איז אליין געווען א גרויסער האלץ־סוחר, פלעגט אויך שניידן ברעטער פאר די האלץ־סוחרים און פאר די ארומיקע פויערים.

*

די צוויי אָליאַרנעס (אייל פאבריקן), וואס בילגוריי האט

פארמאָגט י. גרינאַפּל. שולמאן, וואס האבן באזאָרגט בילגוריי מיט פארשידענע איילן, זענען אויך געווען יידישע.

*

די עטלעכע קאשע־מילן, וואס מען פלעגט זיי דרייען מיט דער האנט, זענען אויך געווען יידישע.

*

די איינציקע ציגעלניע (ציגל־פאבריק), וואס בילגוריי האט פארמאגט און האט געליפערט ציגל פאר בילגוריי, איז אויך געווען א יידישע, האט געהערט צו יאָצע וויינטרויב.

*

אפילו די איינציקע לאָטעריע־סוחרים בערגשטיין, י. לייכטער און קאַליקשטיין, וואס פלעגן פארזארגן בילגורייער איינוווינער מיט א געווינס (עס איז טאקע אריינגעפאלן א גרויסער געווינס צו דריי בילגורייער יידן) זענען געווען יידן.

*

דער פיש־מסחר איז איינגעשטאנען אין יידישע הענט, די בילגורייער פיש־סוחרים פלעגן אפקויפן די פיש ביים רייכן פויער צ׳וויקלע, וואס האט געהאט אייגענע סטאַוועס נעבן דער ציגעלניע, ביי די סטאוועס פלעגן פארברענגען די בילגורייער יידן אין די זומערדיקע שבת׳דיקע הייסע טעג.

פרייטיק גאנץ פרי, זענען שוין די פיש־סוחרים געשטאנען אויסגעשטעלט אין מארק מיט פיש, עס פלעגן אויך ברענגען פיש, סוחרים פון די ארומיקע שטעט, די קולות — ווייבער, טייערע פיש אויף שבת, פלעגט זיך צעטראגן איבערן גאנצן מארק.

*

פרייטיק, ווען אין דרויסן איז נאך געווען פינסטער, האט מען שוין געהערט דאס קול פון אברהם־איטשע קצב און דאס קלאַפן פון די רעדער אין דעם שטיינערנעם ברוק, וואס דער ווידער־

קול האט אָפּגעהילכט אין גאנצן מארק־חלל, צובּרענגנדיק דאס פלייש פאר אלע קצבים.

די קצבים, יידן מיט ברייטע הדרת־פנים׳דיקע בערד, זענען געשטאנען ביי די יאַטקע־קלעצער און געשניטן שטיקער פלייש פון די הענגנדיקע געשחט׳נע בהמות. די געשרייען פון די קצבים, ווייבער, ביליג, ווייבער, א זלאָטע א קילא, ווייבער, קאַפּ טאל (גוט פלייש) האט א סך געהאלפן און די ווייבער האבן געקויפט.

*

ווען אין דרויסן איז נאך געווען פינסטער, זענען שוין די בילגורייער יידישע דאָרף־גייער, פאַרוואָרפן א זאַק אויף די פּלייצעס, געגאנגען מיט א שטעקן אין האנד בכדי אָפּצוויאגן זיך פון די הינט, יעדער האט שוין געהאט זיינע דערפער, מיט באקאנטע פויערים, ביי וועלכע ער פלעגט כסדר קויפן פארשידענע סחורות, נישט איינמאל פלעגט טרעפן אז ארומגייענדיק א גאנצן טאג פלעגן זיי פארנאכט צוריקקומען כמעט אן א פארדינסט.

*

ווען דער גרויער פרימאָרגן האט אפּגעשייט די נאכט־טונקלקייט אין וועלכער עס איז געווען איינגעהילט די שטאט, האט זיך שוין צעטראָגן איבער דער גאנצער שטאט, דער געקלאנג פון די בלעכענע קאַנען וועלכע די מילך־טרעגער זענען געגאנגען אין די דערפער צו זיין ביי דעם מעלקן. יעדער מאל האט זיך געעפנט א טיר און עס. האט ארויסגעקוקט א פארשלאפן פנים, וואס האט זיך ארומגעקוקט פון אלע זייטן, האט געגעבן א גיס אויס א שיסל און האט מיט דעם אפגעוואשן

א האלבע גאס.

צוריקגייענדיק מיט דער מילך, טרעפן זיי שוין יידן מיט טלית און תפילין גיין דאווענען, וועמען זיי באגריסן מיט א הויכן גוט־מארגן.

די מילך־טרעגער צעטראגן די קאַנען מילך אין די הייזער, אין יעדער שטוב דערציילן זיי וואס די פויערים זאגן פון די דער־פער און יעדער באַרימט זיך אז נאר זיין מילך איז די כשר׳סטע.

אזוי האבן די מילך־טרעגער כסדר פארזארגט בילגוריי מיט כשר׳ע מילך, קיינמאל נישט פארשפעטיקטע ביים מעלקן.

•

שבת־צונאַכטס, באלד נאך דער הבדלה, זיצן שוין די שפיליטערן, פייוויש ווייסמאן, פינטשע פאַרשטענדיק, לייבל פייפער, יאָקל בעקל־מאַן, מענדל שאַך, ח. ג. איילבוים און בערל בערגערפריינד, מאכן די ליסטעס, באשטעלונגען וואס צו ברענגען פאר די בילגורייער סוחרים, יעדער מאל עפנט זיך די טיר און עס באווייזט זיך א סוחר און זאגט, זעט איר, א גליק וואס כ׳האב זיך דערמאנט, ווען נישט וואלט איך געשטאנען אָן בענדלעך און דא האבן מיר שוין די חגאות (קריסטלעכע ימים־טובים) אונטער דער נאָז.

זונטיק ביינאכט זענען די שפיליטערער געלאָפן באהאנגען מיט פעק צום אויטאָבוס וואס איז געגאנגען צו דער ברייטער באן קיין זווערזשיניעץ.

צוריקקומענדיק פון ווארשא, זענען זיי געקומען באהאָנגען פון אלע זייטן מיט פעק, אויסער די סחורה וואס זיי האבן געשיקט מיט די מאשינען, וואס זענען געגאַנגען קיין ווארשא.

שפעטער פלעגן זיי פארטיילן די געברענגטע סחורה צו די סוחרים און אז עס איז געגאנגען גוט, פלעגן זיי פארן צוויי מאל אין דער וואָך.

פון די לעצטע איז כסדר געווען פינטשע, ער איז ארייַן אין וואגאָן ווען די באן האט שוין גערירט פון אָרט און כסדר עפעס פארגעסן אין דער אכסניה.

קראנענבערג א.

---

# האנטווערקער

דער יידישער בעל־מלאכה אין בילגוריי איז געווען אן אויסנאם, דאס זענען געווען יידן, האָרעפּאַשנע. כמעט אלע מיט לאנגע הדרת־פּנים־דיקע בערד, מיט קיילעכדיקע היטלען ווי אין קאנגרעס־פּוילן.

נאך די שווערע ארבעטס־טעג, האבן זיי כמעט קיינמאל נישט פארפעלט צו דאווענען יעדן טאג שחרית מנחה און מעריב מיט מנין אין קליינעם בית־המדרש. נאך מנחה מעריב פלעגן זיי גרופּן־ווייז שפּאַצירן אין דער זאַמאָשטשער גאס, אדער זיצן אין שטאט־גאָרטן און רעדן פּאָליטיק.

יעדן פרייטיק צו־נאכטס פלעגן זיי זיך צוזאמענקומען אין קליינעם בית־המדרש לערנען א פרשה חומש מיט רש״י ביי הערשעלע מלמד. זיי זענען אויך געווען סטאבילע באזוכער אין שטאטישן קינא, און האבן אויך ליב געהאט יידיש טעאטער.

עס איז נישט געווען אין שטאט קיין איין אינסטיטוציע אין וועלכע זיי האבן נישט מיטגעארבעט מיט לייב און לעבן.

בילגוריי איז געווען א שטאט וואס האט געהאט זייער פיל יידישע האנטווערקער. זיי זענען געווען מענטשן וועלכע פלעגן מיטפילן יענעמס נויט, ווען מען פלעגט וועמען דארפן געבן הילף, פלעגן זיי די ארבייט וו. רפן און פאר יענעם די הילף באַשאפן.

זיי זענען געווען ארגאניזירט. נאך פאר דעם ווי עס האט זיך געשאפן אין בילגוריי יידישע בענק, האבן זיי שוין געהאט אן אייגענע גמילת־חסדים קאסע, וועלכע פלעגט געבן אירע מיטגלידער קליינע הלוואות אָן פראצענט, אויף לאנג טערמיניקע ראטעס, נישט איינמאל פלעגט טרעפן, אז מען פלעגט ביי אן ארבעטער ארויס־נעמען די מאשין, פאר נישט קענען באצאלן די מיסים, און דער

האנטוועקער־פאַריין פלעגט אינטערוועניר ן און פיל מאָל מיט דערפאלג.

אין סקאַרב (מלוכה ביורא פון מיסים) איז געווען א פאר־טרעטער פון האנטווערקער־פאריין ביים שטעלן די מיסים יעדעס יאר. ער האט כסדר געקעמפט מיט מסירת־נפש און האט נישט געלאָזט באעולה׳ן די בילגורייער יידן.

די בילגורייער האנטווערקער זענען נישט געווען קיין רייכע, בדוחק די פרנסה פארדינט און דאך שבת ווען אין בית־המדרש זענען פיל אורחים געווען, איז קיין איין אָרעמאן נישט געבליבן הונגעריק, פיל פאלן איז געווען ווען איינער פלעגט אן אָרעמאן א היימנעמען און דעם ביסן פון מויל מיט אים זיך טיילן.

דער בילגורייער האנטווערקערטום איז באמת געווען א מוס־טער פאר דער גאנצער געגנט, עס איז נישט געווען קיין איין פאך אין בילגוריי, וואס יידן האבן עס נישט באהערשט, אדער זענען בכלל געווען בלויז יידישע.

בילגוריי האט געהאט יידישע שמידן, שלאָסער, מויערער, שוסטער, שניידער, היטל־מאַכער, טישלער, מאַלער, טאַפּעצירער, גלעזער, איינבינדער, ראַדיאָ־טעכניקער, עלעקטרי־מאָנטארן, חזיר־האָר־קעמער, בלעכער, זייגער־מאַכער, פּאָטאָגראפן, שטריק־דרייער, קישקעס־מאַכער, זיפּער, שינדל־קלאַפּער, דרוקער־ארבעטער, אפילו א יידישן קוימען־קערער.

*

די עטלעכע פריזיר־אַנשטאַלטן וואס בילגוריי האט געהאט, זענען אויך אלע געווען יידישע, אויסער דער קריסטלעכער פעלדשער, וואס איז אויך געווען א פריזיער.

*

דער בעקער־פאך אין בילגוריי איז געווען בלויז אין יידישע הענט, אויסער איין קריסטלעכע בעקעריי און לעצטנס די בעקעריי ביי דער ספּולדזיעלני.

די איינציקע מאָדיסטין (היטן־מאכערן) וואס בילגוריי האט געהאט, איז געווען א יידישע פרוי, לאָליא הודעס.

*

אלע בעלי־עגלות, טרעגער און וואַסער־טרעגער וואס בילגוריי האט געהאט זענען געווען יידן

*

די ערשטע וואס האבן איינגעפירט די אויטאָבוסן קאָמוני־קאציע צו דער באַן קיין זווערזשיניעץ, אויך משא־מאַשינען וואס פלעגן פירן סחורות פון ווארשא זענען געווען אין יידישע הענט.

*

א באזונדערן פלאץ האבן אין בילגוריי פארנומען די יידישע כלי־זמרים, וועלכע האבן געשטאמט פון די גימפעלס און האבן גע׳שם׳ט אין דער גאַצער געגנט ארום.

עס איז נישט געווען קיין איין יידישע אדער קריסטלעכע פארוויילונג ווו די יידישע כלי־זמרים זאָלן נישט האבן געשפילט, אפילו אויף קריסטלעכע קאַרנאַוואלן.

ווען אברהם־יעקל מיט זיין קאַפּעלע, האט געשפּילט אויף א חתונה ביים באדעקן די כלה און יצחק׳ל בדחן האט אנגעהויבן, צו באזינגען די כלה, האבן די טענער פון זיין פידל יעדן ביז דער נשמה גערירט, אז דער גאנצער עולם האט געוויינט און אז ער האט געטאן א שפיל אויף, א פריילעכס צו דער חופה, האט דער גאנצער עולם, אפילו נישט ווילנדיק, געמוזט טאנצן.

לעצטנס, ווען אין גאנץ פוילן איז שוין געווען פאַרפעסטעט די לופט פון אַנטיסעמיטיזם, האט עס די בילגורייער כלי־זמרים אויך געטראָפן, קריסטן פלעגן זיי באָיקאָטירן, און ברענגען מוזיקער פון זאמאשטש, אדער נעמען די פייער־לעשער מוזיק.

*

די איינציקע עקזידענץ־דרוקעריי פון י. קאמינער, וואס בילגוריי

האט געהאט, הט געארבעט פארן גאנצן פּאָוויאט מיט אלע גמינעס, איז אויך געווען א יידישע.

*

די טארגאווע (אן אפצאל, פאר אריינברענגען סחורה אין שטאט) פון אלע זייטן שטאט איז געווען שלאג-ביימער, (יידן פלעגן עס נוצן פאר אן ערוב) — דער מאגיסטראט פלעגט דאס פארדינגען יעדעס יאר, און כמעט כסדר פלעגט עס אפדינגען, יוסל וואלף גדליהו׳ס און גדליהו פעך.

*

בילגורייַ האט זיך נישט געהאט צו שעמען אויך מיט די אינטע-לעגענטע פאַכן, בילגורייַ האט געהאט יידישע אַדוואָקאַטן (ברענער, קאַמינער), דאָקטוירים (רודאָרפער, פּאָטאָקער), דענטיסטן (קאַמינער א., נעלקין), אינזשינער ד״ר רייך, פעלטשער (יודאַשקאָ און פון פריער ש. עטענבערג), אַקושערן (עטענבערג, עס איז אויך געווען עטלעכע פרויען הייב-אַם, באָבעס — זיסעלע בראמבערג און מרים-רחל — וואס פלעגן ארבעטן מיט דער אַקושערקע און אין אסך פאלן אליין אָפּנעמען דעם געבורט).

*

די ביטע-שרייבער, וואס די פוילישע רעגירונג האט געצוווּנ-גען בייצולייגן אַן עקזאַמען — זענען אלע געווען יידן, רובינשטיין, אַקערמאן, קאַנטאָר און בערמאַן.

*

ביז דער ערשטער וועלט-מלחמה, האט בילגורייַ געהאט א יידישן גוט-באזיצער פאַליק פאַבריקאנט, וואס האט געהאט זיין פאלאץ נעבן שיינוואלדס מיל, ער פלעגט כסדר קומען אין שטאט מיט זיין קאָטש געשפאנט אין ווייסע פערד, פארטיילן פארשידענע צדקות. מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, איז דאס אלץ געווארן פארניכטעט.

א. כרמי

# בילגוריי אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

איינטאניק ווי אין אלע שטעטלעך ארום, איז געפלאסן דאס לעבן אין בילגוריי. געווען איז אלץ אזוי היימיש, נאָנט, גלייך ווי די גאנצע שטאט וואלט איין משפחה געווען. איז געווען ביי איינעם א שמחה, האט די גאנצע שטאט זיך מיטגעפרייט און חס־ושלום ביי איינעם איז אן אומגליק געשען, האט יעדער מיט אים מיטלייד געהאט, עפעס א באזונדערער פאָלקס־טימלעכער חן איז געווען אויסגעגאסן אויף דעם מיטלשטאנד קלאס.

ווי לעבעדיק שטייט נאך אלץ פאר די אויגן: אָט, דאנערשטיק א מאַרק־טאג, דער גרויסער מאַרק איז פול מיט פויערישע וועגענער, אָנגעלאָדן מיט כל־טוב. יידן, קליינע סוחרים׳לעך, גייען איבער די פורן, באקוקן די פויערישע סחורות, שטיין און דינגען זיך מיט דעם פויער אדער פויערטע, איבערן פרייז פון א בינטל פלאַקס, אייער, פוטער, שוואָמען א.א. יעדער איז פארנומען מיטן מסחר איבערן קאָפּ, גלייך ווי די גאנצע וועלט אויסער דער פויער מיט דער פויערטע מיט זייערע סחורות, עקזיסטירט נישט מער.

אבער פלוצים, עס איז געווען גענוג אז ווער זאל א געשריי טאָן, אָט פירט מען די כלה צו דער חופה! דער קליין־הענדלער לאזט שטיין דעם פויער מיטן וואָגן סחורה און לויפט זיך פרייען מיט די מחותנים וועלכע פירן זייערע קינדער צו דער חופה.

זייער באשיידן זענען אויך געווען די בעלי־עגלות וועלכע זענען געשטאנען אין מאַרק און געפירט די סוחרים קיין זאַמאשטש און צוריק, שטענדיק פריילעכע, וויצלענדיקע און געלאכט פון דער גאנצער וועלט, און ווען עס איז זיי צו האנט געקומען

א בעל־עגלה פון א קליין שטעטל, האבן זיי אים געגומען אויפן צימבל, הלמאי ער קען נישט האלטן א בייטש אין דער האַנט.

אזוי האט בילגוריי געלעבט ביזן יאר 1914, אין דעם דאזיקן יאר האט מען אנגעהויבן פילן אז די לופט שמעקט מיט פולווער, קיין בילגוריי וואס איז געווען נישט ווייט פון דער עסטרייכישער גרענעץ, זענען אראָפּגעקומען אפיצירן מיט זעלנער, מען האט זיי כסדר געטראפן אין די וועלדער, אויף די וועגן, זיי האבן געמאסטן און געצייכנט.

אין בית־המדרש ביים אויוון איז געווען א אומאויסגעשעפּטער קוואַל פון נייעסן, דארט האט מען געוווּסט אלץ וואס קומט פאר אויף דער וועלט, נאך איידער עס איז אנגעקומען די צייטונג פון ווארשא (אויפן דריטן טאג נאכן דערשיינען) האט מען אנגעהויבן רעדן וועגן מלחמה. דארט האט מען געפירט די וועלט־פאליטיק און זיך מתוכח געווען, צי עס וועט יא זיין, אדער נישט זיין א מלחמה, עס זענען געווען אזעלכע וואס האבן בארויקט און געזאגט: נאַראנים מענטשן, אט האט מען נאך מיט א יאר צוריק גערעט וועגן מלחמה, מען האט אפילו שוין געהאט פארהאלטן די יאר־גענג וועלכע מען האט געדאַרפן פון מיליטער באפרייען און דאָך זעט איר, איז גארנישט געשען, די אפּגעדינטע זעלנער זענען אהיימגעקומען. רעדט נישט קיין נארישקייטן, ברענגט נישט דאסווארט מלחמה פארן מויל, — האבן די מענטשן געזאגט און אויסגעשפיגן, גלייך זיי וואלטן גערעדט פון א אָנשטעקנדיקע מחלה, וואס דערמאנען דעם נאמען אליין קען שאַטן.

און אָט האט דער שאָס אין סאַראַיעוואָ אָפּגעהילכט אין דער גאנצער וועלט און די מלחמה איז געווארן א פאקט און צוזאמען מיט אלע אומגליקן וואס די מלחמה האט מיט זיך גע־בראכט, איז אויך אונטערגעגאנגען דאס ברידערלעכקייט און דאס אידעאלע לעבן פונם פאלקס מענטש אין בילגוריי.

געשען איז דאס געציילטע טעג נאך דעם שאָס אין סאַראַ־יעווע (באָסניען־הערצאַגעווינע), ביי וועלכן עס איז דערהרג׳ט געווארן דער עסטרייכישער קרוינפּרינץ מיט זיין פרוי, דורך צוויי סערבישע פּאַטריאָטן.

דאנערשטיק אָוונט, ז׳ מנחם־אב תרע״ד, נאכן מארק־טאג, האט זיך באוויזן סטאַרניעווסקי, דער מאַגיסטראט פויקער מיט דער פויק, באגלייט פון עטלעכע פּאָליציאנטן, ווו ער האט נאכן פויקן, ביי וועלכן דער עולם איז זיך צוזאמענגעלאפן — מודיע געווען אז עס איז דערקלערט געווארן מאָביליזאציע, און אלע ביז 40 יאר וואס האבן אמאל געדינט אין מיליטער, דארפן מארגן פרייטיק און שבת זיך צושטעלן קיין זאַמאשטש צום מיליטערישן זאמעל־פונקט.

האַרץ־רייסענדע סצענעס זענען פארגעקומעןביים געזעגענען זיך, צלטערן האבן פארלאזט זייערע קינדער און פרויען מיטן געפיל, ווער ווייסט, צי מען וועט זיך נאך זען.

זונטיק איז געווען תשעה־באב, דער עולם איז געווען פאר־זאמלט אין די בתי־מדרשים און געזאגט קינות מיט צעבראכענע הערצער: דער שטאט רב, ר׳ יעקב מרדכי, איז פלוצים אריין אין רודניקער שטיבל און א געשריי געטאָן! יידן, וואס זיצט איר דא און זאגט קינות, ווען עס איז איצט דאָ אזוי פיל פאמיליעס, אָרעמע פרויען מיט קינדער, פון וועלכע מען האט צוגענומען זייערע איינציקע שפייזער. יידישע הערצער האבן זיך אָפּגערופן און יעדער איינער האט געגעבן מער וויפיל ער האט געקאנט.

און אפילו דאמאלס, ווען די מאָביליזאציע איז געווארן א פאקט— האבן זיך נאך געפונען אזעלכע וואס האבן געזאגט, אז קיין מלחמה וועט נישט זיין, דאס מאכט נאר איין מדינה אָפּצושרעקן די צווייטע, אבער לאנג האט עס נישט געדויערט און די וועלט־שחיטה איז געווארן א פאַקט.

מורא האבנדיק פאר שיכורים, האט די רוסישע מאכט באפוילן

צו פאַרניכטן אלע רעגירונגס בראנפן־מאָנאָפּאָלן, מען האט אויסגעגראבן א גרוב, ארייננעוואָרפן די פלעשער שפירט און זיי צעהאקט. ווען די גרוב איז איבערגעגאנגען, און דער בראָנפן איז געראנען אין אלע זייטן, האבן מענטשן געשעפט עמער מיט בראנפן, און שפּעטער עס פארקויפט.

מיטן אויסברוך פון קריג, איז די גרענעץ־וואַך (אָביעשצי־קעס) פארביטן געווארן דורך רייטער־פּאַטראל פון רעגולערן מיליטער, וועלכע זענען געריטן אויף דער גרענעץ און געהאט כסדר צוזאמענשטויסן מיט די עסטרייכישע פּאַטרולן און נישט איינמאל האט די יידישע באפעלקערונג אין בילגוריי געהאט טויט־שרעק פון א שכור׳ן זעלנער. ווען אין רודניקער שטיבל איז געווען פארזאמלט דער עולם צו מנחה מעריב, איז טאקע אריין א שכור און דער עולם איז זיך צעלאפן אין גרויס בהלה, געבליבן מיטן שכור איז שלום האכמאן (שלום יוסלס), וועלכער האט דעם זעלנער בארויקט, און ער איז אוועק.

נאכן אויסרופן די מאָביליזאציע, האט פּאָליציי אוועקגע־שטעלט די ציווילע באפעלקערונג היטן די טעלעגראפן־סלופּעס, שפעטער איז אָרגאניזירט געווארן וועכטער פון יעדער גאַס, וועלכע האבן געהיטן גאנצע נעכט, ווייל מען האט מורא געהאט, נישט נאר פאר שפּיאָנען וועלכע קענען אנמאכן שריפות, כדי צו שאפן א פּאַניק צווישן דער באפעלקערונג, נאר אויך פאר היימישע גנבים וועלכע קענען דורך שריפות אָנמאכן א מהומה, כדי צו קענען גנב׳ענען.

איינמאל האבן גויים, — מיינענדיק אז אלץ איז הפקר, אריינגעריסן זיך צו מרדכי מיימאַן און געפאדערט געלט. באלד האט מען די גויים אַרעסטירט און פּאָליציי האט געמאלדן, אז אין אזא פּאַל האט מען די רעכט באלד צו שיסן.

די בילגורייער באפעלקערונג האט זיך נישט פארלאָזט אויף

די פאליציי-כוחות, דער מאגיסטראט האט געשאפן ספעציעלע נאכט-שומרים, וואס האבן געטראגן א ספעציעלן צייכן פון מאַ־גיסטראט בכדי מען זאל זיי דערקענען.

די לאגע האט אזוי געדויערט צוויי וואכן, קיין רוסיש מיליטער אויסער די פאטראלן, איז נישט געקומען, עס האט אויסגעזען אז די רוסישע מאכט ליקווידירט זיך אין בילגורייער געגנט.

פרייטיק, פרשת עקב, איז געווארן אן אלארם אין שטאט, מען האט געזען אנקומען מיליטער, מען האט געמיינט אז דאס זענען עסטרייכער, געווען זענען דאס רוסישע אולאַנער, מיט פיקעס, וואס האבן באוואכט די געוועזענע גרענעץ.

נאכן אנקומען פון גרעסערע אפטיילונגען עסטרייכיש מיליטער איז פארגעקומען א צוזאמענשטויס אויפן טארנאגראדער מארק, ווו עס זענען געפאלן 6 עסטרייכישע זעלנער. דאס רוסישע מיליטער איז אפגעטראטן קיין בילגוריי און האט זיך געשטעלט אין מאַרק אָפרוען.

נאכן איבערציילן זיין אָפטיילונג האט א אָפיציר ארויס־געשיקט זעלנער זוכן די פארפאַלענע וואס האבן אים געפעלט. נאכן צוריקקומען מיט גארנישט, זענען זיי אוועק.

אין שטאט איז שוין קיין רוסישע פאָליציי נישט געווען, אפילו די בעאַמטע זענען שוין אוועק. געבליבן איז דער רוסישער בירגערמייסטער און די שטאטישע־וואַך האט פאַטראלירט אין די גאסן.

פרייטיק צו נאכטס איז די גאנצע שטאט געווען וואַך, מידע האט מען אויסגעקוקט אויף דעם מארגן, נישט וויסנדיק וואס ער וועט ברענגען, פארטאג איז מען געלאפן אין שול אריין, כדי אָפצודאווענען פרי, צו זיין גרייט אויף נייע געשעענישן.

אין די בתי-מדרשים האט מען געדאוונט איין מנין נאכן צווייטן, 9 א זייגער, ווען אונזער מנין אין רודניקער שטיבל האט געענדיקט

דאס דאווענען, האבן זיך דערהערט ביקסן-שאָסן. דער עולם האט אויפגעציטערט, אָט, אָט, הויבט עס זיך שוין אָן. זאל דאס זיין א אָנזאג פון די עסטרייכער, אז זיי קומען אָן? קיין רוסיש מיליטער איז דאָך נישטא!

פלוצים איז ארויפגעקומען פון דער בריק (לובלינער) גאס אין א גאַלאָפּ א רוסישער דראַגאָנער און נאך אים צוויי זעלנער רייטענדיק אויף איין פערד, איינער איז דארט געהרג׳ט געווארן, שפעטער האט מען אים באגראבן אין גארטן נעבן מיכאלסקין, — אויף דער פראגע פון א ייד, וואס איז געשען?

איז געווען דער ענטפער:

— מען יאָגט אונז און מען כאַפּט אונז!

באלד איז אָנגעריטן אן עסטרייכישער אפיציר אין שפּיץ פון אן אָפּטיילונג אולאַנער, פון וועלכע עס האבן זיך ביי יעדער געסל אָפּגעטיילט עטלעכע מאן, אויף רעכטס, אויף לינקס און כסדר געפרעגט אויף רוסן.

אן אפיציר מיט אן אָפּטיילונג וואס איז געריטן מיט די שווערדן אין די הענט, האט געקוקט אין א לאנד-קארטע און ביי די צעשראקענע יידן, וועלכע האבן זיך געוואלט פאר מורא באהאלטן אין טויער, — געפרעגט:

ווו איז דער וועג נאך „דאָברע וואָליע״?

דער ייד האט זיך נישט געכאַפּט, אז ער פרעגט אויף דעם דארף וואָליע, וואס פירט מיט וואלד קיין זאמאשטש, נאר האט געמיינט אז ער פרעגט צי מען גיט זיך אונטער צו די עסטרייכער „דאָברא וואלני״, — דאברא וואלני, דאברא וואלני! — האט דער ייד אין איילעניש געענטפערט, מורא האבנדיק אז עמעץ וועט אים די ווערטער אויסכאַפּן. און נישט ער, נאר א צווייטער וועט האבן גע-ראטעוועט די שטאט.

מיטאג-צייט האט אנגעהויבן מארשירן די הויפּט-ארמיי, וועלכע

האט זיך געציילט אין די צענטליקער טויזנטער, זי האט פארנומען די גאנצע שטאט. דאס מיליטער איז צעשטעלט געווארן אין אלע גאַסן און אין די הויפן, ווו זיי זענען געשטאנען ביז צו מארגנס זונטיק און האבן מארשירט ווייטער.

שבת צונאכטס, ווען די עסטרייכער האבן שוין געהאט פאר־נומען בילגוריי, האט איינער א בעל־הבית, פון דער זאמאשטשער גאס, ר' אליעזר וואָליער ווי מען האט אים גערופען, זיך אָנגעטאן דעם רוסישן צייכן און ארויס היטן די סלופעס. ער איז באלד ארעסטירט געווארן, ער איז געזעסן צוזאמען אין תפיסה מיטן רוסישן גלח און מיטן געוועזענעם בירגערמייסטער, ביז די עסט־רייכער זענען אין פיר וואָכן ארום אָפּגעטראָטן.

באלד האבן די עסטרייכער אָנגעהויבן די קאָנפיסקאציעס אין שטאט, אין דער מיל פון הערש שיינוואַלד האבן זיי קאָנפיס־קירט עטלעכע טויזנט זעק מעל, ביי די צוקער סוחרים, צוקער, אלע פראדוקטן וואס זיי האבן נאר געפונען, זענען קאָנפיסקירט געווארן דורך דער מיליטער־מאַכט, צאלנדיק מיט קוויטונגען וואס זענען געבליבן נישט געצאלט געווארן.

ווען הערש שיינוואלד האט זיך געוואנדן צו דער העכערער מאכט מען זאל אים באצאלן, האט מען אים געענטפערט, ער זאל פארן קיין פרעמפאָל, דארט איז די קאסע, וועט מען אים גלייך אויסצאלן.

געווען איז דאס א זונטיק, ווען די עסטרייכער זענען שוין כמעט געווען ביי לובלין, האבן פאראייניקטע רוסישע פאָר־פּאָסטנס אנגעגריפן די עסטרייכער, עס איז פארגעקומען א שלאכט ביי די גאָרייער בערג, ווען הערשעלע שיינוואַלד איז אנגעקומען קיין פרעמפאָל, הערנדיק די קאַנאנאַדע און זעענדיק די פליענדע שראַפּ־נעלן, האט ער אלץ איבערגעלאזן און א דערשראקענער, קוים מיטן

לעבן אנטלאפן, אזוי איז פארפאלן געווארן אלע קאנפיסקירטע סחורות. אויך די בעקער, האבן געמוזט באקן ברויט פון זייער מעל און באקומען די זעלבע קוויטונגען.

בילגוריי, וואס איז געווען באוווסט מיט איר זיפן אינדוסטרי, וועלכע איז געשיקט געווארן איבער גאנץ רוסלאנד, איז מיטן אויסברוך פון דעם קריג, געווארן רואינירט. און טאקע א סך זיפן־ארבעטער האבן זיך דערנערט פון פארקויפן טיי און ציגארעטן דעם דורכמארשירנדן עסטרייכישן מיליטער.

סוחרים האבן אנגעהויבן זוכן פארבינדונגען מיט עסטרייך, אבער באלד האט זיך אנגעהויבן די גרויסער שלאכט ביי טראווניק ווו די עסטרייכישע ארמיי האט געליטן א גרויסע מפלה און איז אין גרויס איילעניש צוריקגעטראטן.

שבת פרשת תבוא תרע״ד, פונקט צו די פיר וואכן, זענען די רוסן צוריקגעקומען. פארן אפטרעטן האבן די עסטרייכער באפרייט דעם רוסישן גלח מיט אליעזר וואליער.

פארשטענדלעך אז אין א צייט ווען ארמייען טוישן זיך, מיידן מענטשן אויס צו זיין אויף די וועגן, אפילו די פויערים וואס פלעגן כסדר ברענגען פיש פאר די יידישע פיש־סוחרים זענען אויך נישט געקומען.

„כדי צו פארזארגן יידן מיט פיש אויף שבת", איז יענקל אליעזר וואליערס, אוועק אין דארף צו באקאנטע פויערים, איינצוהאנדלען די סחורה, אין וואלד האט ער זיך אנגעטראפן אויף א פאטראל פון רוסישע קאזאקן, וועלכע האבן זיך שוין געפונען אונטער די פלייצעס פון דער עסטרייכישער אפטרעטנדע ארמיי. זיי האבן אים געפרעגט, אויב ער האט נישט געזען קיין עסטרייכער. שפעטער האט ער געטראפן אן עסטרייכישן פאטראל האבן זיי אים געפרעגט צי ער האט נישט געזען קיין קאזאקן, ווי די

פויערים האבן דערציילט, האבן די רוסן געזען ווי צר רעדט מיט די עסטרייכער, האבן זיי אים שפעטער דערשאסן.

צו די ערשטע רוסישע פאַטראלן, קאָזאַקן, וואס זענען אנגעקומען פון „זאַמד" טאַרנאָגראָדער גאס, איז ארויס צו זיי דער רוסישער גלח און זיי באגריסט, ער האט אויך געדענקט אז זיצנדיק אין תּפיסה ביי די עסטרייכער, האבן די יידן אים אריינגעגעבן עסן, און דאס האט אסך געווירקט אויף די רוסישע פאַטראלן, וועלכע האבן זיך פריינטלעך באגריסט מיט דער יידישער באפעלקערונג, וועלכע האט פשוט אויפגעהערט מורא צו האבן פאר די ערשטע פאַטראלן.

דער עולם איז ארויס אין גאס, מען האט אויפגעשטעלט טישן, געטיילט די ערשטע אָפּטיילונגען, חלות, ברויט, קוכן און שנאַפּס, אבער באלד צומארגנס, זונטיק, ווען מאסן מיליטער האט אנגעהויבן דעם מאַרש קיין גאַליציען, האבן שוין יידן אָנגעהויבן צו ביסלעך פילן אויף זיך דעם טעם פון דער רוסישער נאַהייקע.

באלד אבער האט זיך אלץ איינגעשטעלט, די רוסן האבן באַלאַגערט די פעסטונג פּשעמישל, איינגענומען לעמבערג און דערגרייכט ביז די קאַרפּאַטן, יידן האבן אנגעהויבן פירן פאַרשידענע סחורות קיין גאַליציע, איבערהויפּט קיין סאָקאלאָוו און ריישע און פון דארט געברענגט סחורות אין וועלכע מען האט זיך גענויטיקט אין בילגוריי.

אין צווישן צייט האט די פּשעמישלער פעסטונג קאַפּיטולירט, אין בילגוריי האט מען דעם נצחון געפייערט מיט גרויס פּאַראַד ביי וועלכן בילגורייער יידן און אויך דער שטאט רב, האבן אנטייל גענומען.

טראָץ דעם, האט זיך אנגעהויבן רדיפות אויף יידן, מען האט זיי באשולדיקט אין שפּיאָנאַזש, ר' נתן מיימאַן, א ייד וואס



די פייערונג פון איינעמען די פעסטונג פשעמישל דורך דעם רוסישן מיליטער
אין דער ערשטער וועלט־מלחמה

האט נישט געוווסט וואס מען מיינט פּאָליטיק, איז דאַמאלס פאר־שיקט געווארן קיין סיביר.

דאס האט געדויערט אגאנץ יאר, שבועות צייט תרע״ה, האבן די דייטשן דורכגעבראכן דעם רוסישן פראָנט ביי גאָרליצע און עס האָט זיך אנגעהויבן דער רוסישער ריקצוג ביז צום סאַן, ביי וועלכן עס זענען פארגעקומען שלאכטן במשך עטלעכע וואָכן. מען האט אנגעהויבן כאפן מענטשן צו מאכן אָקאָפּעס ביים טאנעף, קנעשפּאָל, און אין די דארשַעקעס ביז בילגוריי, דערוויייל האבן די דייטשן איינגענומען לעמבערג, אריינרייסנדיק זיך קיין טאָמאשאָוו און פון דארט קיין זאמאָשטש, די רוסן, בכדי נישט צו ווערן ארומגערינגלט, האבן געמוזט עוואקואירן בילגורייער געגנט.

פארן אָפּטרעטן פון רוסישן מיליטער, האבן זיי אויפגעריסן אין שטאט א סך קעלערן און געראַבעוועט די באהאלטענע סחורות.

שבעה עשר בתמוז תרע״ה, זענען די עסטרייכער אריין צום צווייטן מאל קיין בילגוריי.

עטלעכע טעג פארן אָפּטרעטן פון רוסישן מיליטער איז א ייד א היימגעקומען פון ארבייטן די אָקאָפּעס, איז פלוצים קראנק געווארן און געשטארבן.

נאכדעם ווי די עסטרייכער זענען אריינגעקומען, איז אלץ קלאָר געווארן, זיי האבן מיט זיך מיטגעבראכט די כאָלערע־קראנקהייט. דער ערשטער קרבן איז געווען עקיבא שטריקנדרייער, פון דער מאָראָווער גאס, ער איז פלוצים קראנק געווארן, אנגעהויבן ברעכן, באקומען בויך־שמערצן און נאך דריי טעג שווערע ליידן געשטארבן, ביי די ערשטע האט די קרענק געדויערט עטלעכע טעג, דערנאך האט די קראנקייט אנגענומען דעם כאראקטער פון א מאסן־עפּי־דעמיע (מגפה), מען איז געגאנגען אין גאס, גערעדט, געשמועסט און פלוצים אוועקגעפאלן און געשטארבן, מענטשן זענען געפאלן ווי די פליגן, די טויטע האט מען צוגענומען, די לעבעדיקע האט

מען איזאָלירט. ווען די מאכט האט זיך דערוווסט פון א קראנקן, האט מען אים באלד צוגענומען אין שפיטאל, וואס איז געווען איינגעאָרדנט אין די געוועזענע מיליטערישע קאַזאַרמעס, אויפן זאַמד. די געזונטע האט מען געהאלטן אין א דערנעבנדיקער שאָפּע.

ווען עמעץ פון די געזונטע האט זיך אויף עפּעס באקלאגט, האט מען אים גלייך אריינגענומען אין שפיטאל, פון וועלכן גאנץ ווייניק זענען צוריק ארויס. דאכט זיך אז עס זענען געווען דריי געציילטע מענטשן, ר׳ יוסף דעם רב׳ס, שפּעטערדיקער רב אין בילגוריי, יהודה מערצער און מענדל, הערש־מענדל־בעדערס אן אייניקל.

די הייזער, אין וועלכע מען האט געטראפן א פאל פון א קראנקן זענען פארשלאסן געווארן, שפּעטער זענען געקומען סאַניטאַרן דיזענפעקצירט די וווינונג און אלע שטוב זאכן, ווי קליידונג האט מען פארברענט, דערביי פלעגן די סאַניטארן זיך באנוצן מיט ציווילע מענטשן, אַמייסטנס יידן דורכגייער, וועלכע זיי פלעגן כאַפּן צו דער ארבייט, מען פלעגט אויך כאַפּן מענטשן אויף מקבר צו זיין די גרויסע צאָל טויטע וואס פלעגן זיך אָנזאמלען יעדן טאָג.

עלטערן, ביי וועלכע עס זענען געשטארבן קליינע קינדער, האבן געווארט, ווען עס איז אדורכגעפארן א פור מיט טויטע, האבן זיי זייערע טויטע קינדער שטיל אָן א קרעכץ ארויפגעלייגט און שנעל פארשוווּנדן, כדי נישט צו ווערן מיטגעשלעפּט אין דער שאָפּע צו זיין איזאָלירט, אדער אין שפיטאל ווו דער טויט האט אויף זיי געווארט.

די מענטשן זענען געווארן פארצווייפלט, נישט זעענדיק קיין סוף, די מאכט האט פאַרווערט זיך צוזאמענצוקומען אין גרעסערע מאסן, כדי זיך נישט אָנצושטעקן מיט דער קרענק.

מען איז בגניבה זיך צוזאמענגעקומען דאווענען מיט מנין, בגניבה האט מען מטהר געווען די מתים. די שטאט איז געווארן איזאָלירט דורך מיליטער־וואַכן, אין אַלע זייטן שטאט האט מען אוועק־געשטעלט גרויסע שילדן מיט אן אויפשריפט „האַלט! א כאָלערע־עפידעמיע אין בילגוריי". מען האט קיינעם נישט געלאזט ארויס און אריין, דער מסחר איז אין גאנצן געווארן פאַראליזירט, ארבייטער האבן נישט געארבעט, דער מאַרק איז געווארן באַוואקסן מיט גראָז, מען האט קיין מענטש נישט געזען אין גאַס, דער איינציקער מסחר וואס האט עקזיסטירט איז געווען לעבנס־מיטל, מען האט געטרונקען בראָנפן און געגעסן א סך, וואס מען האט נאר געקענט, דער עולם האט זיך כסדר ארויסגעגנב׳ט פון שטאט מיט אונטער־וועגן איינצוקויפן פארשידענע עסנווארק, מען האט דאמאלס גוט פארשטאנען דעם תלמודישן אויסדרוק: „חטוף ואכול, חטוף ושתה, כי מחר נמות" — כאַפּ און עס, כאַפּ און טרינק, ווייל מארגן שטארבט מען, דאס האט געדויערט דריי וואָכן, פון שבעה עשר בתמוז ביז תשעה באב תרע״ה.

אין דידאזיקע דריי וואָכן פון נאציאנאלן־טרויער זענען אין בילגוריי אויסגעשטארבן בערך פינף הונדערט מענטשן, מען האט אנגעהויבן נוצן פארשידענע סגולות, מען האט זיך דערמאָנט, אז מיט יארן צוריק, ווען אין פוילן האט געבושעוועט די כאָלערע־עפידעמיע, איז בילגוריי · אָפּגעהיטן געווארן. מען האט אין שול אין ווינקל דרום־מזרח צוגעשלאָגן א ברעטל. האט מען יעצט, ווען דאס אומגליק האט געטראפן אויך בילגוריי, צוגעשלאָגן נאך א ברעטל (עס איז טאקע אין שול אין ווינקל דרום־מזרח געווען צוגעשלאגן צוויי קליינע ברעטלעך), מען האט אָנגעווענדעט נאך פארשידענע סגולות, מען האט אויף דער טיר אויפגעקלעפּט א קוויטל „מען וווינט נישט דא", דאמאלס האט מען אויך אויסגענוצט די באוווס־טע סגולה, מען האט געשטעלט א חופה אויפן בית־הקברות, מען

האט חתונה געמאכט יחזקאל וויאַטש מיט דער שטומער מאַטעל, און די כאָלערע־עפּידעמיע האט זיך אָפּגעשטעלט.

נאך תשעה באב זענען נאך געווען טויט־פאַלן, אבער נאר פון אזעלכע, וואס זענען נאך פון פריער קראנק געווען.

ביסלעכווייז האט דאס לעבן צוריק אָנגענומען א נאָרמאַלן כאַראקטער, בעלי־מלאכות האבן זיך גענומען צוריק צו זייער ארבעט, סוחרים צום מסחר. אבער פיל מענטשן זענען געבליבן אָן ארבעט, אַממיינסטנס די זיפּער. עס האט זיך נאך נישט געהאט געעפנט דער וועג פארן האנדל נאך עסטרייך.

פיל מענטשן האבן געטראגן האָלץ פון וואַלד, געקליבן שוואָמען און דערפון זיך דערנערט. פיל האבן זיך גענומען צו שווארצע ארבעט. דאמאלס האט זיך אויך אנגעהויבן דאס בויען שאָסייען, אַממייסטנס יידן זענען געווען פארנומען ביים בויען די באַן־ליניע אין וווערזשיניעץ.

ביסלעכווייז האט זיך אנגעהויבן צו אנטוויקלען דער האַנדל נאך עסטרייך. סוחרים האבן געפונען אָפּזאץ־מערק, עס האט זיך אנטוויקלט דער קליין־האַנדל, אין עסטרייך האט אנגעהויבן הערשן הונגער, האבן בילגורייער יידן אנגעהויבן פירן קיין גאַליציען לעבנס־מיטל און פון דארט געבראכט אינדוסטרי ארטיקלען.

אזוי ווי אלץ איז געווען אונטערן אויפזיכט פון פּראָוויאַנ־טירונגס־אַמט, וועלכער האט קאָנפיסקירט אלע לעבנסמיטלן אויך אין די באזעצטע געביטן, האט זיך אנגעהויבן א שמוקלעריי פון סחורות קיין גאַליציע און צוריק, דערצו איז נויטיק געווען נישט צו זיין אָפּהענגיק פון בעל־עגלה, ווייל די עסטרייכער האבן פיל מאָל צוזאמען מיט דער קאָנפיסקירטער סחורה, אויך קאנפיסקירט דאס פערד מיטן וואָגן, האבן סוחרים אנגעהויבן קויפן פערד, כמעט אלע סוחרים זענען געווארן בעלי־עגלות, אינהאַבער פון פערד און וואָגן.

די אָקיפּאַציאַנס מאַכט פּלעגט כסדר כאַפּן מענטשן צו פאַרשידענע אַרבעטן, אַ געוויסן זונטיק, ווען דער עולם איז געווען אין בית־המדרש ביים דאַווענען, האָבן זשאַנדאַרן אַרומגערינגלט דאָס בית־המדרש און געכאַפּט יידן אויף אַרבעט. זיי האָבן אפילו די תפילין פון די קעפּ אַראָפּגעריסן, זיי האָבן צוזאַמענגענומען אַ חבֿרה יידן און זיי אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט קיין לודמיר.

שפּעטער, ווען מיט פּרנסה איז געוואָרן שווער און די עפּי־דעמיע פון טיפוס האָט אָנגעהויבן בושעווען, האָט מען די קראַנקע אַוועקגעפירט קיין טאַרנאָגראַד אין שפּיטאָל, וואָס די עסטרייכער האָבן דאָרט איינגעאָרדנט.

די דאָזיקע עפּידעמיע, איז נישט געווען אַזוי שרעקלעך ווי די כאָלערע, אָבער גענוג קרבנות האָט זי גענומען.

די באַשפּייזונג איז געוואָרן זייער באַשווערט און נישט נאָר צוקער, נאָר אויך דאָס שטיקל ברויט איז געוואָרן געמאָסטן און געוויגן, האָבן יידן, כדי צו פאַ־לייכטערן זיך דאָס באַזאָרגן מיט נאָרונגס־מיטלען,— אָנגעהויבן קויפן קי, עס האָט געמאַכט אַ שיינעם איינדרוק צו זען די שקצים, געדונגענע פּאַסטוכער האָבן געפירט גאַנצע מחנות קי, וועלכע זענען זיך ביסלעכווייז צעגאַנגען, ווייל כמעט אין יעדן אַפּענעם טויער איז אַריין אַ קו, וועלכע איז צו־מאַרגנס פרי, נאָכאַמאָל אַרויסגעגאַנגען צו דער פּאַשע.

עס איז כדאי צו דערמאָנען אַן עפּיזאָד פון יענער צייט, דער דרוקער נטע קראַנצענבערג, איז אין יענער צייט געשטאַנען אין האַנדלס באַציונגען מיט דעם פאַרלאַג יוסף שלעזינגער, פון ווין, צוליב וואָס ער פלעגט כסדר באַזוכן דעם דערמאַנטן פאַרלאַג. אַמאָל זי ענדיק אין ווין, קומט אַריין שלעזינגערס טאָכטער מיט נאָך אַ מיידל, פאַר וועלכן זי האָט פאָרגעשטעלט דעם דרוקער קראַנצענבערג פון בילגאָריי, און דאָס אומבאַקאַנטע מיידל האָט

אים געבעטן: אזוי ווי אירס א קוזין אמטירט אין בילגוריי, ביי דער אָקופּאציאנס־מאכט, אלס אויספארשער־ריכטער (פּראָקוראר), בעט זי, אז ער זאל מיטנעמעם א פּעקל פאר אים. קראנענבערג האט דאס פּעקל מיטגענומען און איבערגעגעבן דעם אויספארשער־ריכטער, וועלכער האט געבעטן דעם דרוקער, אז ווען עס וועט אמאל נויטיק זיין, זאל ער זיך צו אים ווענדן, און ביי יעדער מאל פאָרן קיין ווין, האט ער אים פּאַקעטן געבראכט.

אין בילגוריי האט דאמאלס געוווינט אפרים חזיר־האָר־קעמערס א שוואָגער, הערשעלע מאַגראם פון שיניאווע (גאליציע), וואס איז געווען אונטער עסטרייך, און ער איז געווען אן עסטרייכישער בירגער. ער האט געהאט צוויי דערוואקסענע זין, וועלכע האבן געדארפט גיין אין מיליטער. וועלנדיק אויסמיידן דאס גיין אין קריג, האבן זיי זיך אויסבאהאלטן אין בילגוריי, ביי באקאנטע אין דער באגנער גאס, אבער אלס דעזערטירער איז זיי פארגעש־טאנען זייער א הארבע שטראָף. זיי האבן זיך דארט מער נישט געקאנט אויפהאלטן, זענען זיי אריבער צו זייער פעטער אפרים, וועלכער האט געהאט א הויז אונטער דער רוסישער צערקווע, דארט האט אין יענער צייט געוווינט נטע קראנענבערג און דארט געהאט זיין דרוקעריי, אבער זעט אויס, אז אומגעוווּנשענע עלעמענטן האבן זיך דערפון דערוווסט.

געווען איז דאס שבת צונאכטס, די ערשטע נאכט שבועות, ווען נטע קראנענבערג איז א היימגעקומען שנעל פון דאווענען ווייל עס איז געווען קריגס־צושטאנד, קיין ציווילע מענטשן האבן נישט געטארט זיין שפּעט ביינאכט אין גאס, האט ער ביי זיין הויז באמערקט פארדעכטיקע פערזאנען, ווען ער איז אריין אין שטוב האט ער געטראָפן די צוויי דעזערטירער מאגראם, וועלכע זענען אריינגעקומען בעטן ציגארעטן־פּאַפּיר; זעענדיק אויפן טיש א צייטונג, האבן זיי זיך אוועקגעזעצט איר לייענען, ווייזט

אויס אז דער נאָכשפּיאָנירער האט זיי דורכן פענסטער דערזען, ווי זיי זענען נאר ארויס מיטן ציגארעטן-פּאפּיר, האט נטע קראנענבערג זיך גענומען מאכן קידוש. פּלוצים האט געטאן א רייס אויף זיך די טיר און א זשאַנדאר וועלכן מען האט גערופן שעצקאָ איז אריין מיט דער ביקס אין דער האנט. נאך אים, נאך עטלעכע זשאנדארן, זיי האבן געזוכט אין אלע צימערן, גארנישט געפונען און זענען אוועק.

זיי זענען אריין צו אפרים חזיר-האָר-קעמער, דארטן האבן זיי געטראפן ביידע יונגע-לייט און זיי ארעסטירט, שפּעטער זענען זיי געקומען נאך אמאל און ארעסטירט זייער פעטער אפרים ווי אויך נטע קראנענבערג.

ביי דער אויספארשונג האבן ביידע בחורים גע׳טענה׳ט אז די רוסן האבן זיי פארשלעפט און זיי וואנדערן אזוי א לענגערע צייט, און היינט זענען זיי אנגעקומען קיין בילגוריי, פארשטענדלעך אז מען האט זיי נישט געגלויבט. נאך דער אויספארשונג איז אפרים געווארן באשולדיקט אין האלטן דעזערטירן, אבער קראנענבערג האט באשטעטיקט אז ער זעט זיי דאס ערשטע מאָל.

די פאמיליע קראנענבערג האט דעם אויספארשונגס-ריכטער דערמאנט אין זיין צוזאג, איז באלד טאקע אפרים באפרייט געווארן און די צוויי בחורים זענען אוועקגעשיקט געווארן צום מיליטער.

נאך דער כאלערע און טיפוס עפּידעמיע, זענען געבליבן אין בילגוריי א סך יתומים און עס איז נישט געווען ווער עס זאל זיך מיט זיי מטפל זיין, האט מען מיט דער איניציאַטיוו פון א יידישן אָפיציר פון דער עסטרייכישער אַרמיי, צוזאַמענגענומען די אלע קינדער און געשאַפן א קינדער-היים, און פאר די נויט-באדערפטיקע א ביליגע-קיך.

אזוי זענען געפלאסן די יאָרן פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, אין וועלכע עס איז פאקטיש חרוב געווארן דאס אידעאלע

לעבן, עס איז אנדערש געווארן די באציונג פון מענטש צו מענטש, נישט קוקנדיק אויף דער גרויסער ציוויליזאַציע וואס איז אַנט־שטאנען און די אנטוויקלונג פון דער טעכניק, איז די מאָראַל זייער געפאלן, דער מענטש איז געווארן ווילד אכזריות־דיק, געלד־גייציק און דאס איז אפשר די סיבה וואס אין יענער צייט זענען אַנטשטאנען אזוי פיל ווילטעטיקע אינסטיטוציעס, ווייל וואס דער מענטש איז אין פרט ערגער געווארן, האט מען געוואלט פאר־בעסערן אין געזעלשאפטלעכן לעבן.

אין יענע מלחמה יארן, האט די רוסישע רעגירונג אויך צו־געזאגט דאס צוריקשטעלן די פוילישע זעלבסטשטענדיקייט, צו דעם צוועק איז געגרינדעט געווארן דער פוילישער לעגיאָן אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל דאָווּבר מושניצקי, וואס יידן האבן זיך דאַמאלט אנגעליטן פון דידאזיקע לעגיאָנערן, איז גארנישט נאכצודערציילן.

דאמאלט האט עסטרייך און דייטשלאנד ערקלערט דעם גראַף שעפּטיצקי אלס רעגענט אין פוילן, די פּאָליאקן האבן אנגעהויבן ווערבירן מיטגלידער פאר דעם פוילישן לעגיאָן, וואס זענען איבער־געגעבן געווארן אונטער דער אנפירונג פון יוזעף פילסודסקי, (שפעטערדיקער פעלדמארשאל פון פוילן).

אזוי האט געדויערט ביזן צוזאמענברוך פון די עסטרייכישע־דייטשע ארמייען, די פוילישע לעגיאנערן מיט די פרייוויליקע האבן איבערגענומען די ארדענונג אויפן אָרט, די דאזיקע שקציםל׳עך האבן אנגעווארפן א פחד אויף דער ארטיקער אָקופּאַציאנס־מאכט ביי וועמען זיי האבן רעקווירירט דאס געווער.

א געוויסער פּיאָטר הויקער, א שוסטער פון פאַך, וועלכער איז שטענדיק געוועזן שיכור, איז צוגעגאנגען צו אן עסטרייכישן זשאַנדאַר (שעצ׳קאָ) פאר וועלכן די גאנצע שטאט האט געציטערט און ביי אים צוגענומען די ביקס אין מיטן גאַס.

אויף דעם רוף זיך צו מעלדן צום לעגיאָן, האבן זיך אויך יידן געמאלדן. אין בילגוריי האט זיך געמאלדן צום לעגיאָן א גע-וויסער משה שיראָטא און אנדערע. משה איז טאקע געפאלן דאן אין דער מלחמה מיט באָלשעוויקעס.

נאך דעם אַנשטייאונג פון פוילן, האבן אָנגעהויבן צוריק-קומען פון רוסלאנד בילגורייער יידן, ווי, איתמר פעפערמאן, ווארשאוויאק, שלמה רובינשטיין, אנטשל שור און אייכענבלאט וועלכע זענען אין זיינער צייט, מיטן רוסישן אָפטרעטן פון פוילן אוועק קיין רוסלאנד.

מיטן אויסברוך פונם קריג צווישן פוילן מיט די באָלשע-וויקעס, האט פוילן פארדעכטיקט די צוריקגעקומענע אין קאמוניזם, און צוויי פון די אנגעזעענסטע בעלי־בתים שלמה רובינשטיין און אַנטשל שור אַרעסטירט, געשלאסענע אין קייטן אוועקגעפירט קיין זאמאשטש, ווו מען האט זיי שפעטער באפרייט.

אזוי האט דורכגעלעבט די ערשטע וועלט-מלחמה א יידישע קהלה, וואס איז מער נישטא.

י. ת. קראנענבערג

# די קיך און דער קינדער־היים

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען בילגוריי איז געווען אָקופּירט פון עסטרייך, האָט דאַן געהערש אַ גרויסער עקאָנאָמישער קריזיס. אַלץ איז געוואָרן אָפּגעשטעלט, די פאַבריקן האָבן נישט געאַרבעט, קיין האַנדל איז נישט געווען אויסער לעבנס־מיטל, אַזוי ווייט, אַז די יידישע באַפעלקערונג אין בילגוריי האָט נישט געהאַט זיך פון וואָס צו דערנערן.

דעם דראַזיקער מצב האָט די בילגורי פּני נישט געלאָזט רוען, עס איז מיט דער איניציאַטיוו פון מאָניק, קובע און אסתר בראַפמאַן, פּערל און גולדה האַניגבוים, רויזע שווערדשאַרף, ברכה און חנה גרויסמאַן, יעקב מערמעלשטיין, שרענצע שאַפּיראָ און הערשקע גאָלדבערענער, געשאַפן געוואָרן אַ קיך, וואָס האָט יעדן טאָג אַרויסגעגעבן מיטאָגן פאַר דער נויט־באַדערפטיקער יידישער באַפעלקערונג.

אין יענער צייט האָט זיך געפונען אין בילגוריי אַ יידישער אָפיציר אין דער עסטרייכישער אַרמיי, שראַנץ מיט זיין פרוי, וועלכע האָבן איבערגענומען די גאַנצע איניציאַטיוו.

און בכדי צו קענען אויסהאַלטן די קיך, האָט מען געשאַפן אַ דראַמאַטישן־קרייז אונטער דער רעזשי פון אַ געוויסן מאַצעק פון זאַמאָשטש, וואָס האָבן אויפגעפירט צום ערשטן מאָל אין בילגוריי מיט גרויס ערפאָלג די פּיעסע „דער קעניג ליר״, זיי פלעגן כסדר דורכפירן פאַרשידענע פאַרוויילונגען און דאָס האָט טאַקע געגעבן די מעגלעכקייט אויסצוהאַלטן די קיך.

עס האָט זיך אַפילו געשאַפן אַ ליד וואָס מען האָט געזונגען:

גייט אַ יאָלד אַ קאַפּעליוש
פאַרמאָגט ער נישט קיין העלער,
גייט ער אין דער קוכניע אַריין
לעקט דאָרט אויס די טעלער.

נאך דער כאָלערע־עפּידעמיע און טיפוס וואס האט געבושע־
וועט אין בילגוריי, פיל מענטשן זענען געשטארבן איבערלאזנדיק
יתומים, האט דער זעלבער קאָמיטעט איבערגעפירט די קיך וואס
איז געווען ביי די דעסקאַכעס (ווייס), אויף דער שעווסקי גאַס,
אין דעם גרויסן בנין פון דוד פורער, און דארט געשאפן א קינדער־
היים, מען האט ארייגענומען די קינדער, מען האט זיך פארנומען
מיט די קינדער, ווי זיי וואלטן אייגענע געווען, געוואשן, געשוי־
רן, געריייניקט און אלע אָנגעטון אן איינהייטלעכן אוניפאָרם.



די קינדער ביים עסן

מען האט ארייגעצויגן א גרויסן טייל פון דער יוגנט, וואס
האט געארבעט איבערגעגעבן בלב ונפש, זיי זענען געווען איינגע־
טיילט אין גרופן, יעדע גרופע האט געמוזט גיין אין איר באש־
טימטן טאג צוגרייטן דאס עסן פאר דער קיך און קינדער־היים.

פאר פסח, האט דער זעלבער קאָמיטעט געשאפן א „לאַט״ (געבאַקן מצות), וואס האט צו דעם צוועק אָרגאַניזירט כמעט די גאנצע יוגנט פון שטאָט.

ערב־פסח, האט יעדער בילגורייער נויטבאדערפיקער ייד באקומען צוגעשיקט מצות מיט ווייַן אויף פסח.



דער קאמיטעט מיטן קינדער־היים

א דאנק דער גרופע איניציאַטאָרן וואס האבן איינגעשריבן א שיין בלעטל אין דער געשיכטע פון בילגוריי, און מיטן אַנטשטיין פון פוילן, וואס האט אגגעהויבן זארגן פאר סאָציאַלע פאַלן, איז די קיך מיט דער קינדער-היים, ליקווידירט געווארן.

שושנה לערמאן

# די ציוניסטישע באוועגונג אין בילגוריי

פאר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האט בילגוריי געהערט צו רוסלאַנד און יעדע פרייע באוועגונג איז געווען פאַרווערט. מיטן אויסברוך פון דער מלחמה אין 1914, האט עסטרייך אָקופּירט בילגוריי, באלד האבן די בילגורייער יידן זיך דערפילט אַלס פרייע מענטשן און דאס געזעלשאפטלעכע לעבן האט זיך אנגעהויבן צו וועקן.

צווישן דער עסטרייכישער אַרמיי זענען געווען פיל יידישע אָפיצירן, ציוניסטן, איז טאקע אין יאָר 1916 געגרינדעט געווארן די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאציע אין בילגוריי, פון וועלכע אין שפיץ איז געשטאנען עוזרקעס (א געוועזענער עסטרייכישער אָפיציר), אהרן בערמאן, שפער ש. י., האניגבוים, בראמבערג לייב, בראפמאן, גרויסמאן אליהו און אנדערע. די ציוניסטישע אָרגאני־זאציע האט זיך כסדר פארגרעסערט און אריינגעצויגן א גרויסן טייל פון דער באפעלקערונג.

זייער אימפּאָזאנט איז אויסגעפאלן אין בילגוריי די פייערונג פון דער „באַלפור־דעקלאַראציע" אין יאר 1917, וועלכע איז ארגאניזירט געווארן דורך דער ציוניסטישער־ארגאניזאציע. די שטאט האט אויסגעזען פייערלעך, פיל הייזער זענען געווען דעקארירט מיט בילדער פון ד"ר הערצל, כמעט אויף אלע הייזער איז געהאנגען בלוי־ווייסע פענער, מיט ציוניסטישע לאזונגען.

עס איז פארגעקומען א מארש־צוג, וועלכע איז געגאנגען איבער דער גאנצער שטאט ביז אין דער שטאטישער־שול ווו דער גאנצער עולם האט געזאגט הלל, עס זענען ארויסגעטראטן פיל רעדנער מיט רעפעראטן, די שמחה האט מיטגעריסן די גאנצע שטאטישע באפעלקערונג, אזוי אז די ציוניסטישע־ארגאניזאציע

איז געווארן מיט דער צייט דער אנפירנדער כח פון געזעלשאפטלעכן לעבן אין בילגוריי.

עס האט זיך געשאפן א דראמאטישער־קרייז פון: הערשקע גאלדבערגער, רויזע שווערדשארף, יעקב און אהרן קאַמינער, אסתר און מאַנעס בראפמאן, ליבה שאך, ברכה און חנה גרויסמאן און פערל האניגבוים, וואס האבן כסדר געגעבן טעאטער פארשטעלונגען אין יידישן קינא זאל ביי קאמינער, די אלע הכנסות זענען געגאנגען אויף אויסצוהאלטן די קיך מיט דער קינדער־היים, וואס איז געווארן געשאפן און אונטערשטיצט פון דער ציוניסטישער־ארגאניזאציע.

גלייכצייטיק זענען אלע ציוניסטישע קרנות געשטאנען אויף א הויכן ניווא. כמעט אין יעדער שטוב איז געהאנגען די בלוי־ווייסע פושקע, עס איז אויך אדורכגעפירט געווארן פאַרשידענע זאמלונגען, בלימלעך, פארוויילונגען, ווי אויך טעאַטער־פארשטעלונגען און די הכנסות זענען געגאנגען פאר קק״ל.

אין יאר 1918 נאכן אנטשטיין פון פוילן, ווען עס האט זיך אנגעהויבן די קריג מיט די באָלשעוויקעס, האט זיך די ציוניסטישע־ארגאניזאציע אין בילגוריי ליקווידירט.

נאך דער ענדע פון קריג, האט זיך פריש אוועקגעשטעלט די ציוניסטישע־ארגאניזאציע אונטער דער לייטונג פון: עוזרקעס, אָבערהאנד משה, גרויסמאן אליהו, שווערדשארף נטע, בראמבערג אברהם, האניגבוים משה, בראמבערג א. י., איליש יצחק מאיר, הודעס מאיר, אָבערהאנד חיים, פוקס הינדה, שוועסטער מיטלער, בערגשטיין קיילה, יעגערגארן, רובינשטיין פייגה און טענעהאלץ טוביה, עס איז געשאפן געווארן ביי דער ציוניסטישער־אָרגאניזאציע א „חלוץ— והשומר״, א רייכע ביבליאָטעק פון פארשידענע יידישע און עברית ביכער, עס איז אויך איינגעפירט געווארן עברית־קורסן פאר יוגנטלעכע און דערוואקסענע. עס איז געשאפן געווארן א דראמ.־



די ציוניסטישע ארגאניזאציע אין יאר 1919-20

קרייז אונטער דער רעזשי פון גרויסמאן אליהו, וואס פלעגן כסדר געבן טעאטער פארשטעלונגען. עס איז אויך געשאפן געווארן א מוזיקאלישע גרופע, וואס פלעגט פון צייט צו צייט איינארדענען קאָנצערטן.

שפעטער איז געשאפן געווארן ביי דער ציוניסטישער־אָרג. א יוגנט קרייז „זאבים״ (ווילטשוקעס), וועלכע האט ארום זיך קאָנצענטרירט זייער פיל פון דער בילגורייער יוגנט, יינגלעך און מיידלעך.

אין שפיץ פון די „זאבים״ איז געשטאנען עוזרקעס, גרויס־מאן אליהו און משה אָבערהאנד, עוזרקעס, אלס געוועזענער אָפיציר, האט געגעבן די „זאבים״ מיליטערישע דערציאונג, מען האט איינגעפירט קורסן: עברית, א״י געאגראפיע און יידישע היסטאריע,

און מען האט געלערנט ציוניסטישע לידער. אין יעדער יום־טוב פייערונג פלעגט די יוגנט מארשירן איבער די בילגורייער גאסן.

די אמביציע צו שפילן טעאטער, האט זיך ביי דער יוגנט זייער צעשפילט, נישט קוקנדיק אויף זייער יינגער עלטער, איז געווארן אוועקגעשטעלט א דראמאטישע-סעקציע פון פאלגענדע פערזאנען: יוסף שלעכטערמאן, הודיס קארנבליט, חנטשע הודעס, רחל יעגערגארן, נייטשע האניגבוים, עטל בראמבערג און אנדערע, אונטער דער לייטונג פון נטע שווערדשארף און מאיר הודעס. די דראמ.־סעקציע פלעגט כסדר געבן פארשידענע פארשטעלונגען, וועלכע זענען געווארן באזוכט פון די ברייטע מאסן.



א גרופע מיידלעך פון די „זאבים" (ווילטשוק)

אין יאר 1920 איז שוין פון בילגוריי אָפּגעפאָרן קיין א״י, דער ערשטער חלוץ, אליהו גרויסמאן.

דער חלוצישער געדאנק האט זיך אריינגעריסן צווישן דער בילגורייער יוגנט, די ציוניסטישע באוועגונג האט זיך פארגרעסערט פון טאג צו טאג, פון יאר 1921 ביז 1923, זענען פון בילגוריי עולה געווען טייטעלבוים שלמה, מאיר הודעס, נטע שווערדשאַרף, משה האניגבוים, אברהם בראמבערג, בנימין יעגערגאַרן, טוביה טענענהאלץ און בנימין וואַרשאוויאק.

ביים אָפּפארן פון דער חברה, איז כמעט די גאנצע שטאט געווען ביי דער קאַלייקע (קליינע באַן) זיי באגלייטן, די קלאנגען פון די ציוניסטישע לידער האט מען געהערט איבער דער גאנצער שטאט און דאס האט אריינגעבראכט פיל מוט אין די ציוניסטישע רייען.

דער ציוניסטישער געדאנק האט זיך אויך אריינגעריסן צווישן די בית־המדרש ווענט און אין יאר 1924 איז שוין געווען אין בילגוריי א מזרחי, וואס איז באשטאנען פון בלויז בית־המדרש בחורים: משה זילבערמאַן, משה האָרנדרעקסלער, יצחק זינגער (היינטיקער באוווסטער שרייבער אין אמעריקא אונטערן פסעוודאָנים, יצחק באַשעוויס), יאסל גליקלעך, בנימין ברעזעל און אנדערע.

א גרופּע יוגנט, ווי אברהם קראנעובערג, משה טייער, אפרים שטערן, יהושע שוואַרץ, חיים שור און אנדערע, וואס זענען שוין געווען ארגאניזירט, האבן זיך געוואנדן צום „מזרחי״, דער מזרחי האט די גרופּע יוגנט אַריינגענומען און געשאפן א חלוץ־הדתי, עס איז אויסגעקליבן געווארן צוויי ראשי־גדודים: משה

הארנדרעקסלער און יצחק זינגער, וועלכע האבן געפירט מיט דער גרופע די פּאָליטיש ציוניסטישע ארבייט.

דער חלוק־הדתי האט גענומען אנטייל אין אלע ציוניסטישע קרנות, דורך איר פארטרעטער שלמה זילבערמינץ וואס איז געווען אין ועד פון קק״ל, יעדן חודש געמאכט די הרקות פון דער ווייס־בלויער פושקע.

שפּעטער זענען אלע עלטערע פון „מזרחי״ אריין אין דער ציוניסטישער אָרגאניזאציע, דער „שומר־הדתי״ איז געבליבן און ווייטער געפירט די מזרחיסטישע טעטיקייט אין בילגוריי.

קיין בילגוריי פלעגן כסדר קומען ציוניסטישע רעדנער, ווי: פונט, ביאַלאָפּאָלסקי און אנדערע, זיי פלעגן צוציען גרויסע מאסן פון בילגורייער יידנטום.

דער געדראנג אויף עליה איז געווען צווישן דער בילגורייער יוגנט זייער שטארק, דאן איז איינגעפירט געווארן דורך דער צענטראלע פון „החלוץ״ די אזוי גערופענע „הכשרה״, וועלכע יעדער וואס האט געוואלט עולה זיין, האט געמוזט דורכמאכן א געוויסע צייט. דאס איז באשטאנען, צו גיין האקן האלץ ביי די שטאטישע בעלי־בתים, דאס האט די בילגורייער יוגנט נישט אפגעשראקן, יינגלעך מיט מיידלעך זענען ארומגעגאנגען אין שטאט און געהאקט האלץ.

שפּעטער האט מען ארגאניזירט קבוצות וועלכע זענען ארויס־געפארן אין די דערפער צו די פוילישע פריצים ארבייטן אויף לאנד־ווירט־שאפט, עס איז עולה געווען משה האָרנדרעקסלער און בנימין ברעזועל.

אין זעלבן יאר איז קיין בילגוריי געקומען יצחק ווירצער, וועלכער האט זיך געווארפן מיטן גאנצן ברען צו דער ארבעט פון מזרחי אין בילגוריי, ער מיט יונה קראנענבערג, אהרן גראסמאן און אנדערע, האבן געשאפן א „מזרחי״ פארטיי, וואס האט זיך כסדר פארגרעסערט און אריינגעצויגן מענטשן פון אלע שיכטן אין שטאט.

אין זעלבן יאר האט די מזרחי געשאפן די ערשטע „פייען־באַנק״ אין בילגוריי, וואס טאקע צוליב דעם איז איר פרעסטיזש געשטיגן פון טאג צו טאג, און די פארטיי האט זיך צעוואקסן, איז געווארן די אנגעזענסטע אין שטאָט.

אין יאָר 1925, ביים עפענען דעם אוניווערסיטעט אין ירושלים, איז די פייערונג פארגעקומען אין בילגוריי מיטן גאנצן פראַכט, עס איז פארגעקומען א מאַרש־צוג פון ציוניסטישן לאָקאל וואס איז געווען ביי די קנאָכנס, אויף דעם זאַמד, אין דער שטאָטישער שול, אין וועלכע עס האבן אנטייל גענומען די ציונ. אָרגאניזאציע, זאבים, מזרחי, החלוץ־הדתי, עס האבן אויך אַנטייל גענומען די יידישע קינדער פון דער רעגירונגס־שול, וועלכע זענען געווארן ספּעציעל באפרייט דעם טאָג פון די לימודים.

אין דער גאנצער שטאט האט געהערשט א יום־טוב שטימונג, די הייזער זענען געווען באצירט מיט בלוי־ווייסע פענער און ציוניסטישע לאָזונגען, די גרויסע אויפשריפט פון דעם צוג „כי מציון תצא תורה ודבר ה׳ מירושלים״ האט מיטגעריסן די גאנצע שטאטישע באפעלקערונג, וועלכע האבן זיך אנגעשלאָסן אין צוג.

און טאקע אין יאָר 1925, האט דעם ערשטן סערטיפיקאט פון „החלוץ־הדתי״ באקומען אברהם קראנענבערג, צוליב א מסירה אז ער איז נישט קיין שטרענגער דתי, האט מען אים דעם סער־טיפיקאט צוגענומען.

אין יאָר 1926, ווען עס איז פארגעקומען די צוריק עליה פון א״י, זענען כמעט אלע חלוצים וואס זענען עולה געווען, צוריק־געקומען, דאס האט זייער שלעכט געווירקט אין בילגוריי און די ציוניסטישע אָרג. האט אויפגעהערט צו עקזיסטירן.

אין יאר 1927, איז ווידער געשאפן געווארן די ציוניסטישע אָרגאניזאציע דורך קראנענבערג אברהם, זילבערליכט לייבל, ליכ־טענפעלד משה, ווערמוט ברוך, בוים משה, נטע קליינמינץ, הערש

ריצער, סטעמפעל יעקב, אולער ביינישׁ, עדעלשטיין יעקב, שטאָל אברהם און אנדערע, אין שפּיץ איז געשטאנען אהרן בערמאַן.

די ציוניסטישע אָרג. האט אנגעפאנגען פירן אַ פאַרצווייגטע ארבעט, האט אריינגעצויגן אַ גרויסן טייל פון דער בילגורייער יוגנט, האט געשאפן אַ ביבליאטעק ווו די יידישע יוגנט האט ברייט אויסגענוצט, מען האט פריש אנגעהויבן ארבייטן פאר די ציוניסטישע קרנות, און בילגוריי איז פון צייט צו צייט ווידער באזוכט געוואָרן פון ציוניסטישע רעדנער.

אין יאר 1928, האט זיך פון דער ציונסיטישער אָרגאניזאציע אויספאָרמירט צוויי פאַרטייען, דער „בית״ר״ און „החלוץ״.



דער בית״ר אין בילגוריי

איןביידע פאַרטייען האבן זיך גרופּירט אַ גרויסער טייל יוגנט פון דער שטאט, עס איז איינגעארדנט געווארן עברית קורסי פאר ביידע פאַרטייען צוזאמען.

אפילו וועןביידע פאַרטייען זענען געווען אין איין לאָקאַל איז קיין פּאַרטייען־האַס אין בילגוריי נישט געווען.

שפּעטער האָבן זיך דער בית״ר, וואָס בראש איז געשטאַנען אברהם קראָנענבערג און ביים החלוץ אברהם שטאַל, געדונגען באַזונדערע לאָקאַלן און ביידע פּאַרטייען צוזאַמען מיטן מזרחי, האָבן געאַרבייט באַשיידן פאַר אַלע ציוניסטישע קרנות.




דער חלוץ אין בילגוריי

דער בית״ר, וואָס האָט געהאַט זיין לאָקאַל אין דער זאַמאָשטשער גאַס, פלעגט כסדר מאַרשירן איבער די בילגורייער גאַסן, ווו די גאַנצע שטאָט אפילו די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט זיי אויפגענומען מיט צופרידנקייט, יעדעס יאָר, אין פּוילישן פרייהייטס־יום־טוב. זענען זיי געוואָרן איינגעלאַדן, און האָבן אַנטייל גענומען אין צוג.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ בשותפות׳דיקער דראַמ.־קרייז, פון בית״ר און החלוץ, אונטער דער רעזשי פון גרויסמאַן אליהו

פון פאלגענדע פערזאן: קראנענבערג אברהם, קארענבליט רעכל, גייסט רחל, עדעלשטיין יעקב, סטעמפעל יעקב, ריצער הערש, קליינמינץ נטע און יוסף, הודעס יעקב, שור מינקע, רענער ברײנע, בראמבערג יהודית און טאָבער יהודה, די ערשטע פיעסע וואס איז אויפגעפירט געווארן מיט גרויס דערפאלג איז געווען „שלום-בית״. דער דראַמ.-קרייז פלעגט פון מאל צו מאל געבן פארשטעלונגען פון וועלכן דער עולם פלעגט זייער הנאה האבן.

דער דראַמ.-קרייז האט באקומען א גוטן נאָמען אין דער גאנצער געגנט ארום, ווו זיי פלעגן פאָרן געבן טעאטער פארשטעלונגען.

אין זעלבן יאָר, האט דער „מזרחי״ אין בילגוריי, געשאפן



דער חדר „יבנה״ אין בילגוריי

א חדר „יבנה״, וואס האט זיך כסדר פארגרעסערט, אלע מאל אריינ-געצויגן פרישע קינדער און געשאפן העכערע קלאסן, אזוי ווייט, אז זי האט געמוזט אָפדינגען א ספּעציעלן לאקאל פארן חדר און

געהאלטן א גרויסן לערער־פערסאָנאַל, פון גוטע קוואַליפיצירטע לערער און בראש איז געשטאַנען חלל יאַנאָווער.

און אין יאר 1933, איז אָפּגעפאָרן דער איבערגעגעבענער ציוניסט און פאַרדינסטפולער מורשה פון קק״ל אין בילגוריי, פייוול לערמאַן.



דער אפפאר פון מורשה לקק״ל אין בילגוריי

שפּעטער איז געוואָרן מורשה פון קק״ל אין בילגוריי אברהם קראַנענבערג, די ציוניסטישע קרנות האָבן זיך פאַרגרעסערט, מען האט אנגעהויבן פירן א פאַרצווייגטע ארבעט פאַר קרן־היסוד.

במשך פון דער צייט האט דער בית״ר און החלוץ אויפגע־לעבט דעם ציוניסטישן געדאַנק ביי דער בילגורייער יוגנט און ווען דער געדראַנג אויף עליה איז געוואָרן שטאַרק, איז אין יאר 1935 געשאַפן געוואָרן צוויי פלוגות הכשרה, איינע פון חלוץ און

די צווייטע פון בית״ר, ווי די קיבוצניקעס פלעגן ארבעטן אין די יידישע טאַרטאַק, און ביי די שטאָטישע בעלי־בתים.



די חליגת הכשרה פון בית״ר אין בילג ריי, „פסח ביים סדר״

נישט נאר מיט ווערטער, נאר טאקע מיט מעשים האט בילגוריי געוויזן, אז זי ארבעט פארן ציוניזם. עס האט זיך אנגע־הויבן א שטארקע עליה פון חלוץ. עס זענען עולה געווען, בוכבינ־דער שמעון, סטעמפעל יעקב, ריצער הערש, האניגספעלד ישראל און גערשטענבליט בנימין, פון החלוץ־המזרחי — שאַץ יעקב מרדכי.

צוליב דער פארשארפטער לאגע צווישן דער ציוניסטישער ארגאניזאציע און דער רעוויזיאניסטישער פאַרטיי, האט דער בית״ר קיין סערטיפיקאטן נישט באקומען.

שפעטער ווען עס איז געשאפן געווארן די פרישע ציוניס־טישע ארגאניזאציע דורך זשאבאטינסקין, איז אויך אין בילגוריי

געשאפן געווארן א „ברית־הצה״ר״ וואס אין איר שפיץ איז געש־
טאנען דער פארדינסטפולער ציוניסט יונה חיים קראנענבערג.



דער ברית הצה״ר אין בילגוריי

בילגוריי האט אויך געהאט א פועלי־ציוניסטישע פּאַרטיי, פון וועלכע בראש איז געשטאנען אברהם שטאל און מאיר בערנבלאט.ביידע פארטייען, דער „ברית־הצה״ר״ און די „פועלי־ציון״ האט ארום זיך גרופּירט די עלטערע יוגנט פון בילגוריי. זיי האבן געפירט א פּאליטיש־ציונישטישע ארבייט און קיין פּאַרטייען האַס איז נישט געווען.

דער „מזרחי״ און „החלוץ־המזרחי״ אין בילגוריי, פון וועלכע בראש איז געשטאנען די איבערגעגעבענע מזרחי טוער ווי: יצחק ווירצער, הלל יאַנאָווער, חיים מרדכי הירשענהאָרן, לייבל מילך, פייוול לערמאַן, משה קאָרנוואָרצל און אנדערע, האט ארום זיך גרופּירט

די יוגנט פון רעליגיעזע היימען, זיי האבן איינגעפירט עברית קורסן און האבן אויך אנטייל גענומען אין אלע ציוניסטישע אקציעס.

אין יאר 1936, איז יונה חיים קראנענבערג אָפּגעפאָרן קיין ארץ־ישראל.




דער אפפאר פון י. ח. קראנענבערג קיין א״י

אזוי האבן עקזיסטירט די ציוניסטישע ארגאניזאציעס אין בילגוריי, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ביז די היטלער מערדער, האבן אלץ און אלעמען אומגעבראכט.

מ. אַבערהאנד, מ. גראסמאן, א. קראָנענבערג

# אגודת־ישראל אין בילגורײ

מיטן אנטשטיין פון דער „אגודת־ישראל" באוועגונג אין פוילן, נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאר 1918־20, איז אויך אין בילגורײ געגרינדעט געווארן די אגודת־ישראל.

אין שפיץ פון דער פּאַרטײ האבן זיך אוועקגעשטעלט די אָנגעזעענסטע עסקנים פון שטאט ווי: לוי שטערן, יעקב קאַנטער, יחזקאל טײכער, בירך הירשמאן, נטע פינק, נחום וואַגנער, דוד פורער, יעקב אליעזר גאָלדברענער, יוסף ראַפּאַפּאָרט הי״ד און המבדיל בחל״ח הרב ר׳ יצחק הובערמאַן און דער שרייבער פון די שורות וואס געפונען זיך איצט אין א״י.

די אגודת־ישראל האט ארויסגעוויזן גרויס טעטיקייט אויף פארשידענע געביטן ווי חינוך, חיזוק־הדת און סאָציאַלע ענינים.

## חנוך

אויפן געביט פון חנוך ווערן, האט די אגודת־ישראל באוויזן אויפצושטעלן א „חדר" מיט דער מיטהילף פון אמעריקאַנער נדבן ר׳ משה פראָסט ז״ל, אין וועלכן עס האבן געלערנט עטלעכע הונדערט קינדער, אלס מנהל פון אויבנדערמאָנטן חדר איז אין דער ערשטער צייט געווען מר אלטער צוקער פון דלוגאָשאָדלע, וועל־כער געפינט זיך איצט אין א״י, בני־ברק.

דאס חדר איז געווען אוועקגעשטעלט און געפירט געווארן לויט די אָנווייזונגען און פּראָגראַם פון די געשאפענע חדרים און בתי־ספר וואס זענען געשאפן געווארן אין גאנץ פוילן, אונטערן נאָמען „יסודי התורה", מיט אלע מאדערנע איינריכטונגען און אין איינקלאנג מיט די געזעצן וואס זענען ארויסגעגעבן געווארן דורכן




דער ועד פון חדר „זכרון־יעקב ובית־משה״ אין בילגוריי

פוילישן בילדונגס-מיניסטעריום אויפן געביט פון אלגעמיינעם שול-וועזן.

אין דעם חדר האבן שטענדיק אונטעריכטעט און געלערנט די בעסטע פעדאַגאָגישע כוחות.

לויטן פוילישן שול-וועזן געזעץ, האט מען אויך געמוזט לערנען אלגעמיינע וועלטלעכע לימודים לויטן פראָגראם פון די פאָלקס-שולן — פלעגן די לערער פון דער רעגירונגס-שול, קומען אין חדר לערנען מיט די קינדער די וועלטלעכע לימודים.

דער חדר איז געפירט געווארן דורך א וועד, וואס אין שפיץ איז געשטאנען הרב ר׳ מרדכי רוקח זצ״ל, לוי שטערן און המבדיל בחל״ח דער שרייבער פון די שורות און אנדערע.

דער חדר האט ארויסגעגעבן קינדער אָנגעזאַפּט מיט תורה און יראת שמים און אויך אין וועלטלעכע בילדונג, וואס א סך פון זיי געפינען זיך דא אין א״י און אין אמעריקא.

## בית יעקב

אויך אויפן געביט פון שול-וועזן פאר מיידלעך, האט די אגודת-ישראל אין בילגוריי, געשאפן א מוסטערהאפטע בית-יעקב שולע מיט עטליכע הונדערט קינדער, לויט דעם מוסטער פון די ב״י שולן וואס די אגודת-ישראל האט געשאפן אין גאנץ פוילן.

דער גרינדער און שעפער פון דער שולע, איז געווען דער שרייבער פון די שורות, מיט דער הילף פון הרב זצ״ל און א וועד פון מער ווייניג אויבנדערמאנטן ועד פון חדר.

אלס לערערין, פעדאַגאָגן און דערציערן איז אוועקגעשטעלט געווארן דאס פריילין שיינה טורענהיים ע״ה.

אלס אויסגעצייכנטע לערערין, האט זי די שולע אוועקגעשטעלט אויף דער געהעריקער הויך, זי פלעגט כסדר איינארדנען

פאַרשטעלונגען אויף רעליגיעזע טעמעס, וואס פלעגן צוציען א גרויסן עולם פון די רעליגיעזע קרייזן.



א בית-יעקב פאַרשטעלונג אין בילגאָריי

די לערערין האט שפעטער חתונה געהאט פאר ברוך שטערן, א זון פון לוי שטערן ז״ל און זיך באזעצט אין בילגוריי און געפירט די שולע ביז צום חורבן.

ש. פעלער

# די ארבעטער באוועגונג אין בילגוריי

אין יאר 1905, ווען בילגוריי איז געווען אונטערן צאַרישן רוסלאנד, און איבערן גאנצן לאנד זענען פארגעקומען די באוווסטע „שטרייקן", איז בילגוריי אויך גישט געבליבן הינטערשטעליק.

בילגוריי וואס האט געהאט א גרויסן טייל זיפן ארבעטער, דאמאלס נאך בחורים מיט יידישע היטלען, האבן שוין מיטגעארבעט מיט דער ארבעטער באַוועגונג, וואס איז דאמאלט געווען אומלעגאַל, מיטן „בונד", זיי פלעגן אויך אָרגאניזירן שטרייקן און פארשידענע פראָטעסטן, פלעגט די רוסישע פּאָליציי ארומזוכן די דאמאלסדיקע אנפירער, אבער צוליב דעם וואס בילגוריי איז געווען נאָנט צו עסטרייך, פלעגן זיי אריבער די גרענעץ אומלעגאַל און פון דארט אוועק קיין אמעריקא, דערמיט האבן זיי אויסגעמיטן פארשיקט צו ווערן קיין סיביר.

אין יאר 1926, איז די ארבעטער יוגנט געווען אין זייער א שלעכטן מצב, נישט האבנדיק קיין שום מעגלעכקייט זיך צו לערנען, ווייל שוין צו 12—11 יאר, האט דאס קינד געמוזט זיך נעמען לערנען א פאַך, וואס איז דאן באשטאנען פון זיפער, שניידער און שוסטער, בכדי צו פארדינען פאר זיך אויף א שטיקל ברויט, ווייל די עלטערן האבן מער דאס קינד נישט געקענט אויסהאלטן, אזוי האט אויסגעזען די לאגע אין יענער צייט.

אין יענער צייט, האט זיך געפונען איינער שמעון זילבערליכט (שמעון קאַשטאַן האט מען אים גערופן), ער האט געלעבט ביי זיינע עלטערן אין זייער א שלעכטן מצב, איז אויך געווען געצוווּנגען אין די פריסטע יארן זיך צו לערנען א פאַך און געלערנט האט ער זיך פאר א שניידער, שפעטער ווען ער לערנט זיך אויס

אַ ביסל דאס שניידער פאַך, דערפילט שמעון אַז ער לעבט אין נויט ביי זיינע עלטערן, און באַשטימט אַוועקצופאָרן קיין וואַרשע, וווּ ער טראַכט צו לעבן מאַטעריעליש בעסער.

אָפּזייענדיק אַ שטיקל צייט אין וואַרשע, ווערט שמעון אריינ־געצויגן אין דער פּויליש יידישער רעוואָלוציאָנערער וועלט, בילדעט זיך אַ ביסל אויס און קומט צוריק קיין בילגוריי.

אין יאָר 1927, ווערט אין בילגוריי געשאַפן דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער־פאַריין, וואָס פאַרייניקט אַרום זיך אַלע אַרבייטער פון שטאָט ווי: שוסטער, שניידער, הויז־דינערשאַפט, בעקער, בערשטל־פאַריין (זיפּער) און דרוקער.

עס ווערט געשאַפן ביים פּראָפ.־פאַריין אַ דראַמ.־קרייז פון פאָלגענדע פּערזאָנען: הודית בראָמבערג, פּערל גערשטענמאַן, רחל לאה גליקלעך, ברײנע אייכענבלאַט, יעקב דאָרנבוסט, יוסף שלעכ־טערמאַן, יעקב צימרינג, אָריש זאַלצבורג, אליהו דאָרפסמאַן (רעזי־שער), בעריש פעדער (סופלאָר) און פירט אויף צום ערשטן מאָל מיט דערפאָלג „די גלאָקן פון סיביר" און שפּעטער „ווּ זענען מיינע קינדער?" די פאַרשטעלונגען האָבן באַזוכט גרויסע מאַסן.

דער פּראָפ.־פאַריין פירט אויך אַ קולטורעלע אַרבייט צווישן די אַרבעטער, שאַפט אַ ביבליאָטעק און ברענגט אַריין וויסן צווישן די אַרבעטער אין בילגוריי.

פאַרשידענע רעפּערענטן פלעגן קומען און טאָקע אין יאָר 1930, ווען דער פּראָפ.־פאַריין איז געווען ביי יעקב מערמעלשטיין אין הויף, איז געקומען אַ פריי־דענקער האַלטן אַ רעפעראַט אין פּראָפ.־פאַריין.

ווען די רעליגיעזע יידן, זייענדיק ביים מנחה מעריב, זענען געוואָר געוואָרן פון דעם רעפעראַט, האָבן זיי זיך פון די בתי־מדרשים געלאָזן צום בנין פון דעם פּראָפ.־פאַריין,

עס איז געקומען צו סקאַנדאַלן און דער רעפּעראַט איז שוין נישט פאָרגעקומען.

די בילגורייער אַרבייט־יוגנט ווערט אויסגעבילדעט און עס ווערט געפירט אַן אַקטיווע טעטיקייט. אין שפּיץ שטייט שמעון זילבערליכט, יהושוע שטאַרק, יוסף שיראַטאַ, יוסף באַל, שיינדל שטרייכלער, יידל שאַרף, איסר קאַנדל, בראָמבערגס און אַנדערע.

אין צווישנ־צייט האט די פּוילישע פּאָליציי אנגעהויבן נאכ־שפּיאָנירען יעדער באַוועגונג פון דער אָנפירערשאַפט, נישט געקוקט אויף אַלע שטערונגען, פירט אויף דער דראמ.־קרייז ביים פּראָפ.־פאַריין מיט גרויס דערפאָלג „די רומענישע חתונה".

אין די יאָרן 1932—36 ווען די פּוילישע מאַכט האט גערודפט די קאָמוניסטן, פאַלט זי אויך אויף די שפּורן אין בילגורי, ווו זייער פיל מיטגלידער ווערן אַרעסטירט און פאַר־משפט צו לאַנגע יאָרן תפיסה, א טייל געלינגט צו אַנטלויפן און שפּעטער אריבערצוגיין נאך סאָוויעט רוסלאַנד.

די פּאָליציי קאָנפיסקירט אַלץ פון פּראָפ.־פאַריין און דער לאָקאַל ווערט פאַרמאַכט.

פון די אַלע אַרעסטן, געלונגט דאך שמעון זילבערליכט צו אַנטלויפן קיין פאַריז.

אין יאָר 1936, ווערט אין בילגוריי צוריק געעפנט אַן אַר־בעטער פאַרטיי „י.אַ.פּ." (יידישע ארבעטער פאַרטיי), וואָס הויבט אָן צוריק אויפשטעלן דאָס אַרבעטער לעבן.

לאַנג האט עס נישט געדויערט, אין יאר 1938, האט די פּוילישע מאַכט אַרעסטירט די פאַרוואַלטונג פון י.אַ.פּ. אָפּגעהאַלטן זיי 14 טעג אין אַרעסט און דעם לאָקאַל פאַרמאַכט.

מער האט די מאַכט קיין שום אַרבעטער באַוועגונג אין בילגוריי נישט געלאָזט עפענען.

אזוי האט אין בילגוריי עקזיסטירט די ארבעטער באוועגונג וואס האט אריינגעברענגט ליכט צווישן די ארבעטער מאסן, ביז די פארשאלטענע דייטשן האבן אלץ און אלעמען אומגעבראכט.

גרינער לייבל, אייכענבלאט ברײנע

---

# קאאפּעראטיווע בענק אין בילגוריי

ביים אנטשטיין פון דער פּוילישער מלוכה וואס איז אויס־געראפן געווארן אלס דעמאָקראטישע מדינה, מיט געוויסע סאָציאַלע ארדענונגען, וואס אין שפּיץ פון דער מלוכה זענען א לאנגע צייט געשטאנען סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האט די מלוכה שטארק געפלעגט און געשעצט די קאָאפּעראטיווע באוועגונג און קאָאפּעראציע בכלל.



(פון רעכטס אויף לינקס) ערשטע שורה פון אונטן. משה טויטמאן, שלמה זילבערמינץ, שמואל אליהו גרויסמאן. (צווייטע שורה זיצן) יצחק ווירצער, יהושע פאנצער, חיים מרדכי הירשענהארן, הלל יאנאווער, הערש זילבערבערג, פייוול לערמאן, לייבל שניידערבערג. (דריטע שורה, שטייען) יצחק מאיר ווארשאוויאק יעקב טאבער, משה קארנווארצל, שעפסל האניגספעלד, ישראל רויט, יהושע פאגעל, מרדכי לאבערבלאט און משה זיסמאן.

אַ דאַנק דעם, זענען אין אַלע שטעט און שטעטלעך אנטשטאַנען קאָאָפּעראַטיווע בענק וואָס האָבן באַדינט אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג מיט הלוואות וכדומה.

בילגוריי, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן טייל זיפּן אַרבעטער און סוחרים, האָט זיך שטאַרק געניוטיקט אין אַזעלכע בענק־אינסטיטוציעס, און טאַקע אין יאָר 1927, האָט דער מזרחי אין בילגוריי געשאַפן די ערשטע „פאָלקס־באַנק", וואָס שפּעטער האָט זי געהייסן „באַנק־אודזשאַלאָווא", דערנאָך איז געשאַפן געוואָרן די „באַנק־ספּאָלדזעלצי" פון מענטשן וואָס זענען געווען נענטער צו די אגודה קרייזן, צום סוף איז געשאַפן געוואָרן דורך דעם סוחרישן טייל פון שטאָט די „באַנק־קופּיעצקי".

אַלע דריי בענק האָבן זיך גוט אַנטוויקלט און באַדינט די שטאָטישע באַפעלקערונג מיט הלוואות וכדומה.

גלייך מיט דער גאַנצער קהילה, איז אויך געוואָרן פאַרניכטעט די יידישע בענק.

ש. פּעלער

---

# וווילטעטיקע אינסטיטוציעס אין בילגורײַ

## לינת־הצדק

אין דער שטאַט־שול ביים אריינגאנג אין דער רעכטער זייט, איז געווען א קליין שולכל, דארט האט געדאווענט דער יונגער דור פון די שוסטער, שמידן, האָלץ־טרעגער, קצבים, זיפער און פערד־סוחרים.

אין יאר 1930, אין א געוויסן שבת ביים דאווענען, האבן די דארטיקע מתפללים, דורכגעטראכט די לאגע פון די בילגורייער יידישע אָרעמע בעלי־מלאכות. עס טרעפט אמאל א פאל ווען איינער ווערט קראנק, ווער וועט אים העלפן? איז אויפן אָרט באשטימט געווארן צו שאפן א „לינת־הצדק״, עס איז באלד געשאפן געווארן א קאמיטעט פון פאלגענדע פערזאן: חיים אנגער, אהרן לייב ברענער, חיים אליהו אנגער, פסח שיינזינגער, זכריהו דארנבוסט און אנדערע.

דער „לינת־הצדק״ איז באלד געווארן פּאָפּולער אין שטאט מיט איר הילף וואס האט כסדר געגעבן פאר אָרעמע קראנקע, זיי האבן אויסגעפועלט ביי די שטאטישע דאקטוירים און אַפּטעקערס גרויסע הנחות פאר פּאַציענטן געשיקטע פון „לינת־הצדק״, זיי האבן איינגעקויפט פארשידענע מכשירים, וואס פלעגן אויסגעבאָרגט ווערן די קראנקע, א היים צו באנוצן.

דער „לינת־הצדק״ איז געווארן אן אנגעזעענע אינסטיטוציע אין שטאט, האט כסדר באקומען פרישע מיטגלידער ווו יעדער האט געצאלט א קליינעם חודשלעכן אָפּצאל, וואס דאס האט געגעבן די מעגלעכקייט אויפצוהאלטן די זייער וויכטיקע אינסטיטוציע אין שטאט.

דער קאמיטעט פון „לינת־הצדק״ האט געארבעט איבער־

געגעבן בלב־ונפש. עס איז נישט פאָרגעקומען אין שטאט קיין איין שמחה, ווו דער לינת־הצדק זאל נישט זאמלען קיין געלד. דער לינת־הצדק פלעגט אויך באקומען כסדר אונטערשטיצונג פון בילגורייער קאמיטעט אין אמעריקא און דערפאר פלעגן זיי כסדר אויסברייטערן די הילף פאר אָרעמע קראנקע.

# ביקור חולים

אין יאר 1934, איז צוליב געוויסע סיבות געשאפן געווארן א „ביקור־חולים", וואס אין שפיץ האבן זיך געשטעלט די אנגע־זענסטע בעלי־בתים פון שטאט ווי: לוי שטערן, נטע קראנענבערג, חיים אנגער, הערשל גרויסמאן, חיים מרדכי הירשענהארן און שלמה ישראל שטאל.

דער „ביקור־חולים" האט געפירט א שטארקע אינטענסיווע ארבעט, האט געגעבן הילף יעדן ארעמען קראנקן וואס האט זיך נאר צו זיי געווענדעט.

אין יאר 1937, האט זיך דער „לינת־הצדק" און „ביקור־חולים" פאראייניקט און אזוי ארום געשאפן די איינציקע ווילטעטיקע אינסטיטוציע, וואס האט געגעבן די נויטיקע הילף דעם אָרעמען קראנקן אין שטאט.

דער „לינת־הצדק וביקור־חולים" איז געשטאנען אונטער א בשותפותדיקן קאמיטעט, וואס האט עקזיסטירט און געגעבן הילף ביז דעם חורבן.

# בית לחם

אין די לעצטע יארן פארן קריג, האט זיך דער עקאָנאמישער מצב אין בילגוריי זייער פארערגערט, אזוי ווייט, אז עס איז גע־ווען א סך משפחות וואס האבן נישט געהאט אויף שבת.

בילגורייער יידן וואס האבן כסדר געזארגט פארן אָרעמאן, האבן אין יאר 1934, געשאפן א „בית־לחם", וואס אין שפיץ איז

געשטאַנען יעקב שניצער, משה מאָדעל, חיים אנגער, דוד זאַקמאַן, יקותיאל פעסט, טעבל סטעמפעל און אנדערע.

יעדן פרייטאג האט דער קאמיטעט ארויסגעשיקט מענטשן וועלכע זענען געגאנגען פון שטוב צו שטוב, צוזאמענגענומען ברויט און חלות. בילגורייער בעלי־בית׳טעס פלעגן אָנגרייטן שיינע גרויסע חלות און מיט צופרידנקייט זיי געגעבן די זאַמלער.

שפּעטער פלעגט מען דאס ברויט מיט די חלות פארטיילן די ארעמע־לייט פון שטאט.

עס איז אויך געווען אין שטאט פארבאָרגענע ארעמע־לייט, וועלכע מען פלעגט זיי אהיים שיקן ברויט מיט חלות אויף שבת.

## הכנסת אורחים

גלייך ווי אין אלע שטעט אין פוילן, אזוי אויך אין בילגוריי, פלעגן כסדר אנקומען מחנות ארעמע־לייט, וואס זענען געגאנגען איבער דער מדינה, האבן קיינמאל נישט געהאט ווי צו נעכטיקן, אויסער, אויף די הארטע בענק אין די בתי־מדרשים.

בילגורייער יידן האבן דעם צער פון די אָרעמע־לייט נישט געקענט צוקוקן, איז טאקע אין יאר 1936, געשאפן געווארן א „הכנסת אורחים" וואס אין שפיץ איז געשטאנען משה מאדעל, יעקב שניצער, דוד זאקמאן, חיים אנגער און אנדערע.

עס איז געדונגען געווארן עטלעכע צימערן אין דער שול־גאס, און עס איז איינגעארדענט געווארן דער הכנסת־אורחים, ווו יעדער אנגעפארענער ארעמאן האט באקומען א ריין זויבער בעט צום שלאפן און א גלאָז טיי.

אזוי האט עקזיסטירט אין בילגוריי די וווילטעטיקע־אינסטי־טוציעס, ביז די היטלער רוצחים האבן אלץ פארניכטעט.

חיים אנגער

ש. עצמון (ווירצער) שחקן

# דראמאטישע קרייזן אין בילגורײַ

די יוגנט אין בילגורײַ האט פון שטענדיק אָן ליב געהאט טעאטער און געהאט אַ שטאַרקע נויגונג אויפצופירן פיעסן.

טעאטער איז ביי דער בילגורייער יוגנט געשטאנען העכער ווי פארטייאישקייט, אזוי אז די אמביציע צו שפילן טעאטער האָט ביי זיי פארייניקט אלע ספערן און שיכטן.

גאר אין די פריסטע יארן, באלד אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אין בילגורײַ איז געווען די ביליקע־קוך און די קינדער־היים, האט זיך שוין דאמאלס געשאפן אַ דראַמ.־קרייז פון פאלגענדע פערזאנען: מאניק, קובע און אסתר בראפמאן, פערל און גולדה האניגבוים, רויזע שווערדשארף, ברכה און חנה גראָסמאן, יעקב מערמעלשטיין, שרענצע שפירא, הערשקע גאלדברענער און אנדערע, אונטער דער רעזשי פון אַ געוויסן מאַטשעק פון זאמאשטש. די ערשטע פארשטעלונג איז געווען „דער קעניג ליר". פון וועלכער די גאנצע הכנסה איז געווען באשטימט לטובת דער ביליקער־קוך און די קינדער־היים.

אין יאר 1922 ווערט צוריק געשאפן אַ דראַמ.־קרייז, פון מענטשן מיט פארשידענע אנשויאונגען, ווי: ניסן שלעכטערמאן, גערשטענמאן, לאנגבורד, א. י. בראמבערג, נטע שווערדשארף, דבורה צימרינג, מאיר זילבער, אברהם בראמבערג, משה האניגבוים, אליהו דאָרפמאַן, פעסל קאנדל, פנחס צימרינג, חיים אבערהאנד, זיסמאן און יצחק מאיר איליש, אונטער דער רעזשי פון ניסן שלעכטערמאן. זיי גיבן כסדר טעאטער פארשטעלונגען, און די גאנצע הכנסה גייט אויף וואוילטעטיקע צוועקן.

שפעטער ווערט געשאפן אַ דראַמ.־קרייז ביי דער ציוניסטישער ארגאניזאציע פון פאלגענדע פערזאן: נטע שווערדשארף, א. בראמבערג, י. מ. איליש, ווייס, א. י. בראמבערג, חיים אבערהאנד, אסתר בראָמבערג און אנדערע, זיי שפילן כסדר טעאטער און די גאנצע הכנסה גייט כסדר אויף ק.ק.ל.




די אמביציע פון דער ציוניסטישער יוגנט די „זאבים” (ווילט־שוקעס) קענען נישט רוען, עס ווערט געשאפן אַ דראמ.־קרייז פון פאלגענדע פערזאנען: יוסף שלעכטערמאן, הודיס קארנבליט, חנטשע

הודעס, רחל יעגערגארן, נייטשע האניגבוים, עטל בראמבערג, נעכע בראמבערג, פייגע בין, ציפע קעסלשמיד און אנדערע, אונטער דער רעזשי פון נטע שווערדשארף. זיי גיבן כסדר פארשידענע פארשטע־לונגען, וועלכע באזוכט פון ברייטע מאַסן.

און יאר 1927 ווערן געשאפן ביים פראפ.־פאריין אין בילגוריי אַ דראמ.־קרייז פון פאלגענדע פערזאנען: הודיס בראמבערג, פערל גערשטענמאן, רחל לאה גליקלעך, בריינע אייכנבלאט, יעקב דארנבוסט, יוסף שלעכטערמאן, יעקב צימרינג, אַריש זאַלצבורג, בעריש פעדער, אונטער דער רעזשי פון אליהו דארפמאַן. זיי פירן אויף צום ערשטן מאל „די גלאָקן פון סיביר".

אין יאר 1928, ווערט געשאפן אַ בשותפות דראמ.־קרייז פון „בית"ר" און „החלוץ" פון פאלגענדע פערזאָנען:

איידלשטיין יעקב, סטעמפל יעקב, ריצער הערש, נטע און יוסף קליינמינץ, גייסט רחל, קארנבליט רעכל, שור מינקע, רענער בריינע,



די פארשטעלונג „שלום בית". פון רעכטס אויף לינקס (זיצן) מינקע שור, בראנע רענער, רעכל קארנבליט, אברהם קראנענבערג, (שטיין) קליינמינץ נטע און יוסף, רחל גייסט, יעקב סטעמפעל, יהודה טאבער, הערש ריצער, יעקב איידלשטיין, (אויבן) אליהו גראסמאן.

בראמבערג יהודית, טאבער יהודה, און אברהם קראנענבערג אונטער דער רעזשי פון גראסמאן אליהו. די ערשטע פיעסע וואס איז אויפ־געפירט געווארן מיט גרויס דערפאלג, איז געווען „שלום־בית״.

אויך ביי דער „מזרחי״ אין בילגוריי, איז געווען אַ דראמ.־קרייז וועלכער פלעגט כסדר אויפפירן רעליגיעזע פאַרשטעלונגען.

אפילו די „בנות־יעקב״ אין בילגוריי, פלעגט כסדר אופפירן פארשידענע רעליגיעזע פארשטעלונגען, וואס זענען אויך געווארן שטארק באזוכט.

אזוי האט זיך כסדר אין בילגוריי געצויגן אַ קייט פון דראמ.־קרייזן ביז דער לעצטער מינוט פארן חורבן.

טוביה קורנוורצל

# הציונות הדתית ומפעליה בבילגוריי

בבואנו להעמיד מצבת זכרון ספרותית לבילגורי היהודית על מוסדותיה ואנשיה, שנימוחה מן העולם בצורה כה טרגית ע״י הצורר הנאצי ימ״ש, אין להשלים עם העדרו של תאור, ויהיה זה תאור בלתי מושלם, של החלק הדתי־ציוני שבה על מוסדותיו ומפעליו. המפעלים, המעשים והאנשים, שחותם הציונות היה טבוע בהם, השתלבו כל כך בחיי הכלל של עירנו עד שלמעשה היוו חלק בלתי נפרד של חייה הצבוריים.

אין להכחיש שאי אלו הקווים שיעלה בידי — תלמיד בית הספר „יבנה״ לשעבר ומפעילי תנועת הנוער „השומר הדתי״ בבילגורי — להעלות ברשימתי זו לא יצטרפו לתמונה אחידה ומקיפה, כזו, שרק אנשים מסוגו של המנוח יצחק וירצר ז״ל, שהיה מנושאי התנועה במקום, היו יכולים לצייר.

אם זכרוני אינו מטעה, התארגנו לראשונה מיד אחרי מלחמת העולם הראשונה מספר אברכים, במטרה ברורה להיות יסוד להסתדרות מזרחי. לבסוף נוצר מנין לתפלה וזמן קצר לאחר מכן נוסד בית הספר יבנה שראשיתו היתה מצער מאד: השתכן בחדר אחד והעסיק מורה אחד (מר נחום בער גלוז).

הקמתו של בית ספר עברי, ששפת ההוראה בו היתה עברית ודרכי ההוראה — לפי דרישות הפדגוגיה המודרנית, היתה בזמן ההוא בעיר כמו בילגורי צעד מהפכני, שגרם למבצעיו מלחמה מתמדת מבחוץ ומבפנים. בימים ההם טרם הבינו מרבית היהודים הדתיים בעיר את נחיצותו של בית ספר מודרני דתי בכלל ובתורת תריס לרוחות החדשות החודרות והולכות, שמגמתם היתה לעקור את התוכן היהודי המסורתי, בפרט. מצד שני הסתכלו אלה מהתושבים על היצור החדש הזה בצרות עין גלויה (אם להתבטא במתינות), בידעם שהתפתחות בית הספר „יבנה״ והתבססותו, מונעת אחת ולתמיד את האפשרות להקמת בית

ספר מודרני אחר בבילגורי, שלא על טהרת המסורת. ואמנם לא קם בית ספר אחר בבילגורי עד פרוץ המלחמה האחרונה.

שלבים הרבה עבר בית הספר יבנה עד שהגיע למצבו שלפני המלחמה, עם 350 בערך תלמידיו ורמתו הגבוהה מבחינה חינוכית כבית הספר הראשון בעיר. כאמור, התחיל בית הספר במורה אחד וחדר מגורים אחד בביתו של החבר יהושע פנצר ז״ל. לאחר מכן עבר לביתו של מר יעקב יהושע זילברצוויג, שם כבר תפס 2 חדרים. לאחרונה השתכן בבנין שלם ברחוב ה־3 במאי. דרכי הלמוד והשטה הנהוגה בו וכן מחזורי התלמידים שהוציא הקנו לבית הספר „יבנה" השפעה עצומה בעיר ומספר התלמידים בבית הספר הלך וגדל משנה לשנה. מן הראוי להזכיר לבסוף את מיסדי בית הספר הראשונים: אבי מורי מר משה קורנוורצל שיחי׳, לייבל מילך הי״ד שהיה ממיסדי המזרחי בבילגורי, יונה חיים קרוננברג שהיה מזכיר המזרחי ופעיל בביה״ס עד עלותו לישראל בשנת 1936, יצחק וירצר ז״ל ויצחק מאיר וורשביק הי״ד וכן את ראשון המורים מר נחום דב זכוכיתי (גלוז) ואחרוני המורים: מר קורמן וגולדנברג (שעקבותיהם נעלמו במלחמה) ויבדל לחיים ארוכים אבי מורי שהצטרף בשנים האחרונות לפרסונל המורים. כן נצטרף אליהם מי שהיה אחר כך מורשה של הקהק״ל בעירנו חיים מרדכי הירשהורן הי״ד. בכל הפעולות הציוניות שהתנהלו בעירנו תפס המזרחי מקום נכבד. באיסוף כספים למען הקהק״ל, צעד במקום הראשון, ושלוחותיו: הסתדרויות הנוער שלו. גם בבחירות מוניציפליות, קהלתיות או לקונגרס הציוני ניכרה השפעתו של המזרחי כגדלה והולכת וכאחת המפלגות הגדולות במחנה הציוני. הנציגים של המזרחי בקהלה נתמכו על ידי כל המפלגות הציוניות בעיר.

בשנת 1935, עם הגברת האפשרות לעליה בשביל בעלי מלאכה, נוסד בעירנו סניף של המרכז לבעלי מלאכה דתיים המסונף למזרחי, שבראשו עמד החבר דניאל בגלייבטר הנמצא פה אתנו.

וכעת כמה קווים על שלוחותיה הצעירות של המזרחי והן: הסתדרות „צעירי והחלוץ המזרחי" ו„ברוריה" שרכזה את מיטב הנוער המבוגר, שמוצאו היה מבית המדרש, לא רק שלא זנח את חנוכו הקודם, אלא עוד חיזקו וחישלו על ידי זה שצירף אליו גם את תורת הציונות. ושני אלה: השאיפה והמעשה לציון עם אורח חיים דתי מסורתי, שמשו נר לרגלם, משאת נפש ומטרת חייהם. נזכיר בזה רק שניים, שלשה

שמות: משה שמואל פייל, יהושע מימון, שלמה מגרם הי״ד, ויבדל לחיים גד׳ל מימן הנמצא כעת באמריקה.

ביחס לשלוחה הצעירה ביותר „השומר הדתי״, הנני זוכר שעוד בשנת 1928 בהיותי בן 8 כבר הייתי חבר בה. הסתדרות זו, או בשמה הנכון, קן „השומר הדתי״ בבילגורי, פיתח פעולה חנוכית רבת ממדים בין הנוער היהודי בבילגורי ולאו דוקא מתוך אלה שקבלו חנוכם בבית הספר „יבנה״ גרידא. מלבד שעורים בעברית שהתקיימו גם בהסתדרות „צעירי והחלוץ המזרחי״ כנ״ל חונך הנוער במסגרתו להכרה דתית וציונית, לחלוציות ולהגשמה אישית. שונות ורבות היו הדרכים החינוכיות, בהן השתמש „השומר הדתי״ להשגת מטרות אלה. אחת מהן היו „מושבות הקיץ״. במושבת קיץ ארצית למדריכים של „השומר הדתי״ בנובי־טרג בקיץ האחרון שלפני המלחמה השתתפו גם נציגי הקן בבילגורי: חברי היקר גרשון אנגר ז״ל, חיה גולדברג ז״ל (נכדתה של שמואל בלנדר) ויבל״א כותב השורות האלה.



חדר „יבנה״

באותו קיץ, שבועיים לפני פרוץ המלחמה, התקיימה בבילגורי החגיגה גרנדיוזית של סיום ספר התורה של מנין המזרחי, שכתיבתו ארכה כמה שנים. בחגיגה זו השתתף כבא כח התנועה חבר ההנהגה

הארצית של „השומר הדתי" בפולין, החבר יצחק מאיר שנקר הי"ד, שהופעתו בנאום של שעתיים בבית הכנסת העירוני במעמד דבה של בילגורי הרה"ג ר' מרדכי רוקח ז"ל, ריתקה והלהיבה את כל הקהל שהצטופף אותה שעה בבית הכנסת המלא מפה אל פה. הוא כבש את הצבור בעוז ובשטף דבורו, בכשרונו הריטורי, בידיעותיו הנרחבות ביהדות, ובהתלהבות שהדביק בה את כל שומעיו. כאמור, נמצא גם הרב ז"ל בין שומעיו ולאות הערצה הוא נגש אליו עם סיום הנאום ולחץ את ידו לעין כל, דבר שהווה באותם הימים והנסיבות צעד יוצא מן הכלל מצד הרב, ואשר הוסיף להתפעלות הצבור מן הנאום ומן הנואם גם יחד. מעמד כזה לא זכרה העיר בילגורי זה עידן ועידנים (וישמשו נא דברי אלה האחרונים גם כציון זכרון לנשמתו הגדולה של חברי הנ"ל, שנרצח אף הוא בידי המרצחים הטמאים).

בבואנו כעת להעלות בזכרוננו את בילגורי העיר על יהודיה ומעשיה די אם נעביר לנגד עינינו את המעמד החגיגי והנשגב הזה, האחרון שלפני פרוץ המלחמה בכדי שנבין מה היה לנו ומה איננו עוד.

---

שלמה וויינבערג

# דער קלאַפּער

איך בין נישט קיין געבוירענער אין בילגוריי, נאר מיין פאטער ע"ה איז געווען אַ דאָרטיקער, ער זעלבסט איז געווען ביי דער דאזיקער פּאַסירונג, וואס איז געשען מיט בערך 70 יאר צוריק.

אויף דער לובלינער גאַס, האט אין אַ קליין שטיבל געוווינט ר' ליפא שוחט, און טאקע אין דעם זעלבן הויז האט ביז דעם חורבן געוווינט בן־ציון איילבידט (יחזקאל לעמלס אידעם), וואס איז געווען דער בעל־מגיה אין דרוק פון ר' נטע קראנענבערג.

איינמאל, פארנאכט, ווען ר' ליפא שוחט איז געווען אין בית־המדרש ביי מנחה ומעריב, האט זיין פרוי דערהערט ווי מען קלאַפּט אין א שויב פון פענצטער, זי האט דערביי געטראכט, אז ווען א פרוי וויל נישט אריינגיין אין שטוב, קלאפּט זי אין פענצטער, בכדי עמיצער זאל ארויסגיין, אבער ווי דערשראקן איז זי געווארן, ווען זי איז ארויס אין דרויסן און האט קיינעם נישט געטראפן, זי האט געטראכט, אפשר איז די שכנה וואס האט געקלאַפּט אוועקגעגאנגען אדער יועל־כעס קינד האט אַ שפּאַס געמאכט און זי איז אריין אין שטוב.

ווי זי איז נאר אריין אין שטוב, האט זי ווייטער געהערט קלאַפּן אין דער זעלבער שויב פון פענצטער, איז זי ווייטער ארויס זען ווער עס קלאַפּט, אבער זי האט ווייטער קיינעם נישט געטראפן, און אזוי עטלעכע מאל, דאן איז שוין אויף מיר געפאלן אַ גרויסער פחד. זי איז געגאנגען צום בית־המדרש, האט ארויסגערופן איר מאַן ר' ליפא שוחט און האט אים דערציילט די דאזיקע געשיכטע. זי האט אים אינטערגעשטראכן אז זי האט זייער מורא פאר דעם דאזיקן קלאַפּן.

ר' ליפא שוחט איז געווען אַ קלוגער ייד און אַ גרויסער תלמיד־חכם, ער האט זיך דערפון אויסגעלאכט, און האט געזאגט זיין פרוי, אז מסתמא מאכט זיך מיט איר ועלכעס קינד אַ שפּאַס און ביז זי קומט נאר ארויס, מאכט דאס קינד ויברח. זי האט געפאלגט איר מאַן און איז צוריק אהיימגעגאנגען.

אבער ווי דערשטוינט איז זי געווארן, ווען זי איז נאר אריין אין שטוב און האט ווייטער געהערט קלאַפּן און אלץ אין דער זעלבער שויב. דערווייל איז ר' ליפא שוחט געקומען פון בית־המדרש, הערנדיק

דאס קלאַפּן, האט ער געזאגט צו זיין פרוי, אז זי זאל זיין אין שטוב און ער וועט ארויס אין דרויסןביים פענצטער, וועט זי זען אז דאס קלאַפּן וועט אויפהערן.

שטארק פערווינדערט איז ר׳ ליפא שוחט געווארן, ווען ער האט געזען אז עס איז קיין מענטש נישט דא און עס קלאַפּט דאָך, האט ער פארשטאנען, אז דאס איז נישט קיין פּראָסטע זאַך, און עס איז אויף אים געפאלן אַ גרויסער פחד.

אין דער דאזיקער צייט איז געווען רב אין בילגוריי ר׳ נטע׳לע בערלינער זצ״ל, איז ר׳ ליפא שוחט געגאנגען צום רב און אים דער־ציילט וואס עס האט פּאַסירט ביי אים, דער רב איז באלד געקומען אויפן אָרט און האט אויך געהערט דאס קלאַפּן, האט דער רב באפוילן אז מען זאל באלד איינאָרדנען אַ מנין און דאווענען דארט מנחה ומעריב, (ווייל אַ גאנצן טאג האט נישט געקלאַפּט) אבער צום באדויערן האט דאס נישט געהאלפן.

יעדן פארנאכט איז זיך צוזאמענגעקומען די גאנצע שטאט מענטשן זען ווו מען קלאַפּט. ווען עס האט ווער געגעבן אַ געשריי עס זאל קלאַפּן שטארקער, האט עס אנגעהויבן צו קלאַפּן שטארק.

אין דער זעלבער צייט האט אין זאמאשטש געלעבט י. ל. פרץ און ר׳ יעקב רייפמאן אין שעבערשין, ווי זיי האבן דאס געהערט, האבן זיי דערפון געלאכט, אבער ווען זיי האבן געהערט פון פיל מענטשן, אז עס קלאַפּט כסדר און מען ווייסט נישט ווער, זענען זייביידע געקומען קיין בילגוריי, האבן געזוכט אין אלע ערטער פון וואנען דאס קלאַפּן קען קומען און האבן קיין שום שפּאָר נישט געפונען. אזוי האט דאס געדויערט אַ לאנגע צייט, מענטשן זענען געקומען פון גאנצן געגנט זען דעם ווינדערלעכן סוד.

איינמאל איז ר׳ ליפא שוחט געפארן צום רבין (אויב כ׳האב נישט קיין טעות איז עס געווען האדמו״ר ר׳ אברהם המלאך) ר׳ ליפא שוחט האט דאס אים דערציילט, דער רבי האט אים געגעבן קמיעות און דאס קלאַפּן האט אויפגעהערט און וואס דאס קלאַפּן איז געווען בלייבט עד היום אַ סוד.

---

# דער שוידערלעכער מארד אין בילגוריי

**איך יהודה לייפמאן פון בילגוריי, אין בילגוריי האט מען מיך גערופן יודא דער זינגערינס, קום דא באַשרייבן א שוידערלעכע טראגעדיע, וואס האט געטראפן אין בילגוריי, מיט 55 יאָר צוריק מיט א פאמיליע בראַנדוויין.**

אין בילגוריי איז געווען א שכונה, וואס מען האט גערופן „דאס זאַמד", דאס איז געווען ביים וועג וואס האט געפירט צו דער מיל, וועלכע האט דאמאלס געהערט צו ר' לייבטשי וואָרמאַן, וועלכער איז געווען א גרויסער בעל־צדקה, שפעטער האט די מיל אָפגעקויפט הערשעלע שיינוואַלד, דארט זענען געשטאנען קאָזאַקן.

אין 1900, ווען בילגוריי געהערט אונטער רוסלאנד, האט אויף דעם „זאַמד" געוווינט א ייד ר' יעקל בראַנדוויין ע״ה, ער איז געווען ר' יונה חיים קראנענבערגס איידעם, דארט האט ער אויך געהאט א געוועלב פון שפייז.

ר' יעקל האט געהאט א פאמיליע פון 4 נפשות, ער, זיין ווייב אסתר, ר' יונה חיים'ס טאכטער, א קינד פון א יאָר און א יינגל פון 3 יאָר, שמואל אליהו.

געשען איז עס תשעה־באב תר״ס, ווען מענטשן זענען געגאנגען אין מיל, האבן זיי באמערקט אז אין דירה פון ר' יעקל בראַנדוויין זענען פארמאכט די לאָדן, און אזוי ווי עס איז שוין געווען 10 אזייגער האט מען פארשטאנען, אז עס איז עפּעס געשען, האט מען באלד געמאלדן פּאָליציי.

ווען די פּאָליציי איז געקומען, האט זי אויפגעריסן די טיר, און אז זיי זענען אריין אין שטוב האבן זיי דערזען א שוידערלעך

בילד, ר׳ יעקל איז געלעגן נעבן דער טיר א טויטער, אויך דאס קינד אין וויג איז געווען דערשטיקט, די פרוי, אסתר, האט מען געטראפן ליגן אין בעט א פאר׳חלש׳טע, צעשניטן דאס פנים, די ליפן, און דער גאנצער קערפער, נאך גרויס מי האט מען זי צוריקגעבראכט צום באוווסטזיין, דעם קליינטשיקן שמואל אליהו האט מען נישט געפונען.

ווען עס איז זיך צוזאמענגעקומען א גרויסער עולם, איז דער קליינער שמואל אליהו ארויסגעקראכן פון דער קליידער שראַנק זייער איבערגעשראָקן און מיט גרויס געוויין דערציילט, אז ביינאכט זענען אריין דריי קאָזאַקן און האבן מיט אן אייזן דער׳הרג׳ט דעם פאָטער. אז מען האט אים געפרעגט, ווי אזוי ער איז אריין אין שראַנק, האט ער פארציילט, אז עס איז געקומען אן אלטער ייד און האט אים אריינגעשטעלט אין שראַנק, האט אים אָנגעזאגט ער זאל נישט ארויס פון שראַנק ביז מארגן פרי, און ער האט אים געזאגט, אז ער איז זיין זיידע יונה חיים.

ווען דער קליינער שמואל אליהו האט זיך בארויקט, האט ער געזאגט אז ער וואלט דערקענט די קאָזאַקן וואס האבן גע׳הרג׳ט דעם פאטער.

ווען מען האט געמאלדן דעם פּאָלקאָווניק, האט ער באלד ארויסגעגעבן א באַפעל אז מען זאל דאס גאנצע פּאָלק קאָזאַקן אויס־שטעלן אין שורות, דער פּאָלקאָווניק האט גענומען דעם קליינעם שמואל אליהו און מיט אים אדורכגעגאנגען אין יעדער שורה, צום סוף האט דער קליינער שמואל אליהו אָנגעוויזן אויף דריי קאָזאַקן און האט געזאגט, אז דאס זענען די דריי קאָזאַקן, וואס האבן גע׳הרג׳ט מיין פּאָטער.

בכדי צו זיין זיכער אז דער קליינער שמואל אליהו האט נישט קיין טעות, האט דער פּאָלקאָווניק געהייסן איבערשטעלן דאס פאלק קאזאַקן, ער איז נאך אמאל אדורכגעגאנגען, און אויך ביים

צווייטן מאל האט דער קליינער שמואל אליהו, אָנגעוויזן אויף די זעלבע דריי קאָזאקן.

מען האט די דריי קאָזאַקן באלד ארעסטירט. אויף דעם צווייטן טאָג איז פארגעקומען דער משפט, און מען האט יעדן פאר׳משפט צו 18 יאָר תפיסה.

אין זעלבן יאר האט דער קיסר ניקאליי געמאכט א באזוך אין „גוט״ ביי טאָמאַשאָוו־מאַזאָוויעצק. אויפן וועג, פאָרענדיק אין זיין גוט, האט דער ברודער פון דער אלמנה אסתר, נטע קראנענ־בערג אפגעגעבן א ביטע דעם קיסר.

אין א צייט ארום, האט די אלמנה אסתר באקומען א בריוו מיט 5 גאָלד רובל פון דער קיסר׳טע, זי אליין האט זיך פארנומען מיט די וווילטעטיקע זאכן, זי האט געשריבן, אז אין דעם דאזיקן יאר איז געווען זייער פיל אומגליק־פאלן און די קאַסע האט מער נישט קיין געלט.

יהודה לייפמאן

# די חתונה אויפן בילגורייער בית־הקברות

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אין בילגוריי האט געבושעוועט די כאָלערע ר״ל, מענטשן זענען געפאלן ווי די פליגן, די חברה־קדישא האט זיך נישט געקענט קיין עצה געבן קובר צו זיין די מתים וואס זענען געפאלן יעדן טאג, מער און מער.

דער אלטער גרייז־גרויער רב איז כסדר געזעסן פארטיפט אין די ספרים און געזוכט סגולות אָפּצושטעלן די כאָלערע, מען האט אויף אלע טירן אויפגעשריבן מיט גרויסע אותיות: „עס איז קיינער נישט דאָ״ (אָפּצונארן דעם מלאך־המות...), און אז די אלע סגולות האבן נישט געהאלפן, האט קהל באשלאסן, אויסצופרווון די באוווסטע סגולה, צו שטעלן א חופה אויפן בית־הקברות.

עס האט לאנג נישט געדויערט, ווייבער, צדקה טוערינס אין שפיץ מיט גיטל משה־איצים, האבן זיך אנגעהויבן גרייטן צו דער חתונה פון דער שטומער מאַטל, וועלכע איז שוין אין די עלטערע יאָרן, האט נאך דעם קאָפּ נישט פארדעקט, מיט יחזקאלע וויאָטש דער שטאָט וואַסער־טרעגער.

מען האט אנגעהויבן שאפן מלבושים פאר חתן כלה, מענטשן האבן געגעבן פון כל־טוב, וואס טוט מען דען נישט, בכדי אָפּצו־שטעלן די פינסטערע מגפה ר״ל.

אין א געוויסן פארנאכט, האט זיך פון געסל אונטערן רודניקער שטיבל, ווו עס האט געוווינט די שטומע מאַטל, ארויסגעלאָזט אויס־געפוצטע מחותנים, מיט ליכט אין די הענט, פירנדיק חתן כלה צו דער חופה.

יחזקאל׳ע דער חתן־בחור, איז געגאנגען א פריילעכער, אָנגעטון אין שיינע מלבושים.

פון מינוט צו מינוט האט זיך דער עולם פארגרעסערט, מען האט פארגעסן פון דער כאָלערע ר״ל, וואס בושעווצט אין שטאט. אלטע פרויען מיט שוואַרצע שאַלן אויף די קעפּ, האלטן אין איין וויינען, האלטן די חתונה פאר א גרויסער מצוה און א סגולה אָפּצושטעלן די מגפה.

צוקומענדיק צום בית־הקברות, איז געווען א טויט־שטילקייט, מען שטעלט אויף די חופה, אונטער וועלכער מען פירט ארונטער די כלה, מען דרייט ארום דעם חתן זיבן מאָל און מען שטעלט אים נעבן דער כלה.

דער רב נעמט דאס רינגל, גיט עס יחזקאל׳ן און זאגט מיט אים ווארט ביי ווארט „הרי את מקודשת לי בטבעת זו כדת משה וישראל״. יחזקאל׳ן, קומט זייער שווער אָן נאכצוזאגן דעם „הרי את״, ער איז אזוי צעטומעלט, אז ער פילט אפילו נישט ווי מען האט אונטער זיין פוס דאס גלעזל אונטערגעלייגט, יחזקאלע גיט א שטארקן קלאַפּ מיטן פוס און פון אלעמענס מיילער רייסט זיך ארויס, מזל־טוב! מזל־טוב!

צוריק פון דער חופה, טאַנצט גיטל משה־איציס מיטן גרויסן קוילעטש און דער עולם פארלאזט דאס בית־הקברות.

נאך דער חתונה, האט זיך די מגפה ביסלעכווייז אפגעשטעלט, די שטימע מאַטל האט ווייטער געוווינט אין איינגעפאלענעם הייזל אונטער דעם רודניקער שטיבל, יחזקאלע, האט ווייטער געטראגן וואסער פאר די בילגורייער בעל־הבית׳עס און געוווינט אין שטאטישן־הקדש.

א. כתהרי

# חֲלוֹם

לזכר בילגוריי עירת מולדתי

הַלַּיְלָה הָיִיתִי בַּעֲיָרַת מוֹלֶדֶת
בְּנוֹף שֶׁיָּקָר לְלִבִּי בְּהִלּוֹ. —
בִּבְאֵר יַלְדוּתִי בָּבוּאָה עוֹד רוֹעֶדֶת,
בֵּית אַבָּא עֲדַיִן עוֹמֵד עַל תִּלּוֹ.

בַּעֲצֵי עַרְמוֹנִים מִשְׁתַּלְהֵב כְּבָר הָאֹדֶם:
טִבְעוֹ שֶׁל הַסְּתָו בְּפּוֹלִין הוּא בְּכָךְ.
אֲנִי וְאָחִי מִשְׁתָּרְכִים כְּמִקֹּדֶם,
בִּשְׁבִיל סֻכָּתֵנוּ נוֹשְׂאִים אָנוּ סְכָךְ.

הָרוּחַ רוֹדֶפֶת עָנָן בָּרָקִיעַ,
הָעֶרֶב הַגֶּשֶׁם לָבוֹא לֹא יָהִין.
עוֹד רֶגַע וְאָנוּ הַבַּיְתָה נַגִּיעַ,
מִיָּד נְקַשֵּׁט סֻכָּתֵנוּ כַּדִּין.

קָרַבְנוּ לַבַּיִת; — גּוֹיִים בְּקִנֵּנוּ!
לַשָּׁוְא עוֹד חִפַּשְׂתִּי סֻכַּת הַשָּׁלוֹם.
אָחִי אֶת עָמְסוֹ לִי הִשְׁאִיר — וְאֵינֶנּוּ!
לְבַד שָׁם בָּכִיתִי עַד סוֹף הַחֲלוֹם!

שמואל בן־ארצי (הַאָן)

# אויף די ירידים

די ירידים, וואס פלעגן פאָרגעקומען אין גאנצן ארומיקן געגנד, זענען געווען דער מקור פון פרנסה פארן קליינעם סוחר און בעלי־מלאכה אין בילגוריי.

כמעט א גאנצע וואָך זענען די בילגורייער שוסטער, טאַנדייט־שניידער, היטל־מאכער און צעלניק טישלער, געפארן אויף די ירידים וואס זענען פארגעקומען; מאָנטיק, אין פראַמפּאָל, דינסטיק אין טאַרנאָגראד, מיטוואך, אין יוזעפאָוו און דאנערשטיק איז טאקע געווען יריד אין בילגוריי.

ווען אין דרויסן איז נאך געווען פינסטער, האבן שוין די ירידים פאָרער ארויסגעטראגן די איינגעפאַקטע סחורות מיט די טישלעך, אפוואַרטנדיק די פויערישע פורלעך, וואס פלעגן כסדר פאָרן אויף די ירידים.

ביז צטלעכע יאר פאר דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז נישט געווען קיין שאָסייען אויף די וועגן, וועלכע האבן געפירט קיין טאַרנאגראד, פראַמפאל און יוזעפאוו. נישט איינמאל האט געטראפן, אז די שווערע אנגעלאדענע וועגענער מיט סחורות זענען אריין אין א בלאָטע און נישט געקענט ארויס. פלעגן די מענטשן אַראָפּ פון די פורן און גיין צו פוס אין די טיפע בלאָטעס און נישט איינער האט די שיך פאַרלארן.

נאך ערגער איז געווען, ווען א פור אָנגעלאדן מיט סחורות און מענטשן, איז אריין אין א בלאטע און זיך איבערגעקערט, די געשרייען האט מען געהערט פון ווי ווייט. פיינלעך איז געווען צו זען ווי די מענטשן זענען געשטאנען אין די טיפע בלאָטעס, צו־זאמענעמענדיק זייערע סחורות.

אָם ערגסטן איז געווען דאס צוריקפארן פון די ירידים שפעט ביינאכט, די פינסטערע וועגן וועלכע האבן זיך געשלענגלט

צווישןביידע זייטן וואַלד, האט געוואָרפן אַ פחד אויף די מענטשן, ווייל נישט איינמאל האט געטראָפן, אז באַנדיטן האבן אָפגעוואַרט די פורן און צוגערויבט דעם גאנצן פדיון וואס זיי האבן אָפגעלייזט פאר דער סחורה.

אזא פאל איז טאקע פאָרגעקומען אין יאָר 1922, ווען צוויי פערד־סוחרים חיים בלוטמאַן און לייביש גערשטענמאַן, זענען געפאָרן פון א יריד אין מיידאַן-קוביבאַשעווסקי, זענען זיי איבער-געפאלן געווארן דורך באַנדיטן, זייענדיק ביידע אויסגעדינטע זעלנער, האבן זיי זיך געוואָרפן אויף זיי, אבער נאך א שווערן קאמף, זענען זיי ביידע דערשאסן געווארן דורך די באַנדיטן.

נישט קוקענדיק אויף די סכנות, איז מען כסדר, זומער אין די גרויסע היצן, ווינטער אין די גרויסע פרעסט, געפאָרן וואָך איין וואָך אויס אויף די ירידים, בכדי צו פאַרדינען אויף פרנסה.

רעכל קראָנענבערג

# א באזוך אין מיין שטעטעלע בילגוריי

קיינמאל קען איך נישט פארגעסן מיין שטעטעלע בילגוריי מיט אירע טייערע יידן, מיט גרויס יראת־הכבוד דארפן מיר זיי דערמאנען, א סך פון זיי האבן געהאט וואַרימע יידישע הערצער, זיי זענען געווען גרייט מקריב צו זיין זיך, פאר יידן און יידישקייט.

עס איז כדאי צו דערמאנען אזא ייד ווי ר׳ לוי שטערן ע״ה, וועלכער איז געווען באַליבט און געאַכטעט ביי אלעמען, ער איז געווען א ייד נישט קיין עושר, א בעקער. זייער שווער האט ער געארבעט, געווען א ייד א גברן, ווען ער האט נאר געהאט צייט, האט ער געלערנט, אדער געזוכט צו העלפן אָרעמע, קראנקע, געווען גבאי אין רודניקער שטיבל, גבאי אין חברה־קדישא, דאָזאָר אין דער יידישער קהילה, פרעזעס פון ביקור־חולים, געווען א ייד א גרויסער מכניס־אורח, האט געגעבן פיל צדקה און אויך געזען אז אנדערע זאלן געבן.

אין דער צייט פון קריג, נאכדעם ווי בילגוריי איז אָפּגעברענט געווארן, האט ער געוווינט אין טאַרנאָגראָד, איינגעשטעלט דאס לעבן, געבאַקן ברויט אין געהיים און געהאלפן אָרעמע און הונגעריקע.

אין חודש אלול 1942, האט מען אים מיט זיין פאמיליע און נאך הונדערטער יידן פון טאַרנאָגראָד און בילגוריי, אוועקגעפירט קיין בעלזשיץ, ווו זיי זענען אומגעקומען אין די גאַז־אויוונס.

זיין זון ישראל׳קע, וועלכער איז געווען א גרויסער למדן, האבן די דייטשן דערשאסן אין פושטשע, פירענדיק קיין בעלזשיץ ווען ער האט פארלאזט די פור, וועלנדיק טאָן זיין מענטשלעך באדערפעניש.

ווען מען האט די יידן אדורכגעפירט דורך בילגוריי, האט דער שטארקער לוי, אראָפּגעשריגן פון דער פור מיט א וויינענדיק קול, יידן, ווי אהין פירט מען אונז?

עס איז כדאי צו דערמאנען אזא ייד ווי מיין פעטער אברהם הארמאן, א גרויסער בעל־צדקה, א מכניס־אורח, האט געהאט א ספּעציעלן בוך פון גמילות־חסדים, אז עס האט ווער געדארפן ווען מען חתונה מאכן, אדער מען האט זיך געפונען אין א עת־צרה, ווען מען האט זיך צו אים געוואנדן, האט ער קיינעם נישט אָפּגעזאגט, ער האט געהאט די זכיה, ער איז געשטארבן אין טאַרנאָגראד א קורצע צייט פאר דער אקציע, לויט זיין פארלאנג אין דער צואה האט מען אים קובר געווען אויפן בילגורייער בית־הקברות.

עס איז אויך כדאי צו דערמאנען אזעלכע ליכטיגע געשטאלטן לומדים, יידן מיט וואַרעמע הערצער, ווי נטע קראנענבערג, מיין פעטער יאָסעלע און מיין פאטער שמואל אליהו ראפאפארט, הערש ווייסמאן, הענעך האכמאן, ישראל׳קע שטערן, הערש יחזקאל הארמאן, אברהם׳לע האכמאן, שמואל׳טשע שרייבער, מאָטל הארמאן און אנדערע, עס איז שווער אויסצורעכענען די טייערע געשטאַלטן פון בילגוריי, וואס זענען אומגעבראכט געווארן דורך די דייטשע רוצחים.

פאר ראש השנה אין יאר 1944, באלד נאך דער באפרייונג בין איך געקומען מיט דער פוילישער אַרמיי קיין לובלין, א טאָג נאך ראש השנה בין איך געגאנגען צו פוס קיין בילגוריי, ווייל קיין באַן איז נאך נישט געגאנגען.

אריינקומענדיק אין שטאט, האט מיך א מרה־שחורה ארומגענומען, איך בין געבוירן אין בילגוריי און ביזן קריג האב איך דארט געוווינט, איך בין ארומגעגאנגען אין מיטן טאג און האב כמעט די שטאט נישט דערקענט, אזוי למשל, די לובעלסקי גאַס, דער גרויסער פלאַץ, וווּ עס האט זיך געפונען די שול, דער גרויסער בית־המדרש, דער קליינער בית־המדרש, דאס מרחץ, דאס

בית־השחיטה, דער חדר זכרון יעקב, דער אַלטער בית־הקברות, דעם אלטן רב'ס הויז, דאס נייע הויז פון בעלזער רבינס זון ר' מרדכי זצ"ל, דאס טריסקער שטיבל, דאס רודניקער שטיבל, אלץ ארום איז א וויסט שטיק פלאַץ, ווו אין מיטן העלן טאָג קענסטו קיין לעבעדיק נפש נישט זען.

די גאסן זענען געווען אויסברוקירט מיט מצבות מיט יידישע אויפשריפטן, וואס דאס אליין האט א פחד געוואָרפן און אלץ האט אויסגעזען ווי א בית־הקברות.

איך בין אריין אין א געוועלב קויפן א שטיקל פוטער, האט מען עס מיר איינגעוויקלט אין בלעטער פון ווילנער ש"ס. איך בין געבליבן ווי פארשטיינערט, איך האב זיך דערמאנט ווי שווער עס איז אָנגעקומען אייד צו קויפן א ווילנער ש"ס פאר זיין לומדישן איידעם, עס האט זיך מיר געדאכט אז איך הער פון די בלעטער דעם קלינגעדיקן ניגון פון „אמר אביי ורבא", ארויסגייענדיק האב איך די פוטער אוועקגעווארפן און די טייערע שמות באהאלטן.

דער לעצטער בית־הקברות, האט אויסגעזען ווי א וויסטער פלאַץ, די ביימער אונטערגעשניטן, די מצבות ארויסגעריסן, די ווענט ארום, צעגומען. דאס בית־הקברות ביי לייזער קיגעל, האט מען בכלל נישט דערקענט, עס איז דארט געווען אויפגעשטעלט באַראַקן און אויסברוקירט א גאַס.

אין בילגוריי האט איבערגעלעבט אויסבאהאלטן אויף א בוידעמל פון א חזרים שטאַל, ביי א געוויסן סקאַקאָ פון די באָיאַרעס מיינע געוועזענע שוואָגערס, ברוך ווערמוט און הערש זילבערפיין מיט א מיידל, בעני האכמאן מיט א יינגל, משה בוים איז געשטארבן אין בונקער.

אזוי האט אויסגעזען מיין שטעטעלע בילגוריי נאך דעם גרויסן חורבן. מיט טרערן אין די אויגן האב איך זי פארלאָזט, עס קלינגט מיר כסדר אין די אויערן דער עכאָ יתגדל ויתקדש...

מ. ראפאפּארט (אָסטראליע)

# חורבן בילגורײ

## (פאעמע)

י. ד. מיטלפונקט

ויהי, און עס איז געווען, אין די טעג פון בין־השמשות
דעם שווארצן,
אין דער היטלער־תקופה פון טויט־פאבריקן, קאצעטן, באגנעטן,
ווען דעם שונא'ס גרימצארן האט אנגעהויבן אלץ גרויזאמער
צו ברומען, זידן —
איז אויך בילגורײ געטראפן געווארן, נישטא דארט מער
קײן יידן.

מיטן לעצטן אטעם און כח,
האט זיך צום פארוואלקנטן הימעל, הויך.. הויך..
פון יידישע הערצער געריסן א תפילה,
„יעלה תחנוננו" פון ליל יום כפור, און „שערי שמים פתחו"
פון נעילה.

די הארצרײסנדע ווערטער, האבן איבערגעריסן,
דער מחבל פון שחט'ן, ברענען, שיסן,
פײער־פלאם, ביקס און שווערד,
אײנגעהילט איז געווען אין שווארצן, — די מאמע־ערד...

אויס מיט בתי־מדרשים, שטיבלעך,
ארגאניזאציעס, פארײנען, אויס מיט יידישן גלאנץ,
עס שוועבן שאטנס פון יידישן חורבן,
איבער וועלכן עס האט זיך געלאזט ווילגײן, א שדים־טאנץ.

מען טרעפט נישט מער אונזער ליבן „עמך"

אויף דער ברוק־גאַס, די יידישע זיפּן־רעזידענץ,
מען זעט דארט אנדערע מענטשן גיין —
אומגעבעטענע יורשים פון יידיש בלוט, נויט און פּיין...

און דער וואַלד? איבער וועלכן עס פלעגט אָפּהילכן,
פרייד, געלעכטער און יידיש לשון,
אין שבתים, ימים־טובים און יאָרן פון פרידן,
עס שפּרייזט נישט דארט מער קיין יידישער פוס, נישטא
מער קיין יידן...

און דאס קליינע בית־המדרש׳ל,
ווי אונזער „עמך" האט אריינגעכאַפּט א ברכו א קאַפּיטל תהילים,
געהערט א גוט וואָרט פון ילקוט, מדרש און אנדערע ספרים,
אלץ איז אויס... נישטא קיין זכר, קיין מצבה, קיין קברים...

נישטא שוין מער די ליבע אידיליע,
פון יידישע טרעגערס, ווילע ברייטפּלייציקע יידן,
וואס פלעגן זיצן אין בית־המדרש׳ל ביי א טישל מן הצד,
און זיך אדורכשמועסן געמיטלעך הינטערן מאַגיסטראַט.

נישטא שוין מער אין בילגוריי די שרה׳לעך, מאָטעלעך,
די ליבע יינגעלעך און מיידעלעך,
אין צייגענע קאַפּאָטקעלעך,
און אין קרעטענע קליידעלעך...

עס גייען שוין נישט מער ווינטער ביינאכט,
מיט לאַמטערנדלעך קינדער פון די חדרים,
עס האט א גרויזאמע מאכט,
זיי אוועקגעשליידערט ערגעץ־ווו... אָן מצבות, אָן קברים...

דורות וועלן אמאל לעזן,
א טרויעריק מעשה׳לע פון טויט־פאַבריקן, באַגנעטן,
שטעכיקע דראָט,
וועט מען אויך דערמאָנען, בילגוריי,
א חרוב־געוואָרענע יידישע שטאָט...

---

# מורה יהודי בבילגוריי

בילגוריי עיירתי.

כגורל רבבות יהודים, בכל מקום שם דרך המגף הנאצי, היה גם גורל יהודי עיירתי בילגורי, זמם הצר למחות שם וזכר ליהודים, לעיירותיהם וכפריהם, אך זו לא עלתה בידו.

שרידי היהודים, מכל כפר ועיירה, מתקבצים ומתלקטים כדי להקים יד־ושם לעיירות שנכחדו וליהודים שמוגרו למוות. — נעלה גם אנו, יהודי בילגוריי, זכר עיירתנו, זכר יהודיה ונופה.

נרקום מחדש את יריעת החיים היהודיים השוקקים בגולת פולין, למסכת זו, מסכת בילגוריי, ברצוני לשזור גם את חוטי.

*
* *

נולדתי בשנת 1915 בעיצומה של מלחמת העולם הראשונה, להורי מרדכי ולאה הודס — סוחרים בבילגוריי, 4 ימים לאחר לידתי, הגיע המלחמה עד גבול עיירתנו, ונלקחתי בעגלה ללובלין — עד יעבור זעם.

כשגדלתי נכנסתי ללמוד בביה״ס העממי הכללי בבילגוריי, היה זה ביה״ס הממלכתי, משותף ליהודים וגויים, ולמדו בו בנים ובנות יחד, את רוב התלמידים היו היהודים, כשם שהם היו רוב מניין בעיירה כולה מ־12.000 תושבים הגיע מספר היהודים ל־65%, יחס כזה בין גויים ויהודים קיים גם בביה״ס.

בבית־הספר זה סיימתי 7 מחלקות, בנגוד למקובל בעת ההיא בחרתי לעצמי את מקצוע ההוראה, אך מאחר שבבילגוריי לא היה קיים בית־מדרש למורים, נאלצתי לנטוש את ביתי, וללא ידיעת ההורים עשיתי את דרכי באופניים מהלך 50 ק״מ אל העיר שצ׳בזשין, שם נתקבלתי לסמינר המיוחד למורים. אותם הימים, ימי שלוט „הנומרוס קלאוזיס״, — לא היה קל ליהודי להתקבל לביה״ס פולני גבוה ומשום כך — גם לאחר שהתקבלתי — חיי לא היו קלים

בין כותלי המוסד, גם המקצועות שבחרתי לי, לא היו אופיניים ביותר ליהודי־גלות־ועיירה; טבע וגיאוגרפיה, כאמור, חיי באותו מוסד לא היו קלים ובתום שנתיים ללמודי, נתפסתי „בעבירה חמורה״ — עישון סיגריה בחשאי — והועברתי לאשנה־פודלסקה שליד ביאלה, שם המשכתי בלימודי 3 שנים נוספות — סיימתי את לימודי וזכיתי בתעודת גמר, היה זה בשנת 1934, אותה שנה חזרתי הביתה לבילגוריי ונתקבלתי להוראה באותו בית־ספר עצמו, בו למדתי אני בימי ילדותי, כנהוג, היה עלי ללמוד שנת־נסיון ללא תשלום, אך זכיתי וקיבלתי תשלום חלקי עבור עבודתי.

הייתי מורה יהודי יחידי בבית־ספר כללי ממלכתי, כל חברי המורים היו גויים, עובדה זו הטילה עלי תפקידים מיוחדים, חוץ מעבודת ההוראה היה עלי לשמש מדריך, מגן ומצודד לתלמידים היהודים שהיו, לא פעם, נרדפים ע״י המורים הגויים שלא היו משוחררים כליל מתסביכים אנטישמיים, צריך הייתי לשמש לשון־המאזניים בין לחץ המורים מכאן ותלונות התלמידים היהודים—מאידך.

נוסף על שני המקצועות המיוחדים אותם לימדתי — גיאוגרפיה וטבע — הוטל עלי ללמד את התלמידים היהודים, היסטוריה של העם היהודי, ניצלתי הזדמנות זו, בה היינו, היהודים שרויים בינינו לבין עצמנו ולימדתי את תולדות הציונות, ספרתי על ארץ־ישראל ובניינה, ולשמחתי, נשא אותו זרע שנזרע — פרי, כמובן שהקדשתי גם זמן ללימוד ההיסטוריה היהודית הכללית, המשתלבת ממילא בשאיפת היהודים למולדת, בארץ־ישראל.

המגע הקרוב עם הנוער היהודי בעיירה, מראה הדלות האיומה בה הם היו שרויים, עוניים ומצוקתם, הטילו עלי תפקיד נוסף: פעולה רחבה לגיוס כספים ועזרה אחרת, כדי לאפשר מנת מזון מינימאלית לילדים ומלבוש־חם כלשהו.

אירגנתי את עשירי־העיירה המעטים ועשינו כמיטב יכולתנו כדי לשפר את התזונה והלבוש של הילדים, שהיו שרויים ברובם, בעוני מחריד.

כך לימדתי בביה״ס עד ערב פרוץ מלחמת העולם השניה. זמן רב לפני פרוץ המלחמה החלה כבר האנטישמיות, שקבלה עדוד רב מעבר לגבול, להרים-ראש. בשנה האחרונה זו בביה״ס היה מצבי קשה ביותר, אז הוצע לי לעבור לביה״ס יהודי באוטבוצק שליד ווארשה. בטרם התחלתי בשנת הלימודים החדשה במקומי החדש, יצאתי לחופשה הרגילה של בתי־הספר. אך להתחיל בלימודים כבר לא ניתן: עוד לפני התחלת שנת הלימודים נפלו כבר הפצצות הגרמניות הראשונות על אדמת פולין — החלה המלחמה העולמית השניה. גורלי לא היה שונה מגורל מאות אלפי יהודים אחרים הנרדפים ע״י חיות־הטרף הנאציות. אך בספור זה אין כל עניין מיוחד לגבי העיירה שלנו. גורל היהודי שנולד במקרה בבילגוריי, היה כגורל יהודי שנולד בכל מקום אחר ברחבי פולין.

***

עלה הכורת על יהדות גדולה וענפה. אך למרות הסבל, ההרג והרדיפות, התנערו היהודים מאסונם ויצרו דוקא אחרי האסון הגדול את יצירתם הנפלאה — את מדינת־ישראל.

בין מקימי המדינה, בוניה ומגיניה אפשר לפגוש גם אותם ילדים יהודים, תלמידי בבית-הספר הכללי בבילגוריי, הזרע שנזרע אז נשא פרי, ודבר זה משמש מקור עדוד ונחמה פורתא. אלה, בני בילגוריי בארץ-ישראל, מקימים בעצם חייהם יד-ושם לזכר העיירה בילגוריי ויהודיה.

הורס יעקב

---

# דער פעלדשער
# אין בילגוריי

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אין בילגוריי געווען איין דאָקטאָר, סאַוויצקי האט ער געהייסן, יידן האבן אים כמעט נישט גענוצט, ווייל נישט יעדער האט געהאט די מעגלעכקייט צו נוצן א דאָקטאָר.

כמעט אלע מענטשן פון שטאט פלעגן זיך דאמאלס באנוצן מיט פארשידענע באַבסקי רפואות און סגולות.

אז עס איז ווער קראַנק געווארן איז די ערשטע זאַך געווען אָפלעשן קוילן, מען האט גענומען א גלאָז הייס וואַסער, אריינגע־ווארפן אין דעם ברענעדיקע קוילן, זענען די קוילן אַראָפּגעפאלן, איז געווען א סימן אז דער קראנקער האט אן עין־הרע באקומען, האט מען באלד גענומען א קונד אָנגעזאגט דעם נאָמען פון דעם קראנקן און דער נאמען פון זיין מוטער און געשיקט צו שלום הערשעלעס אדער איצי־מאיר מלמד, וועלכע מען האט געהאלטן פאר ספעציאליסטן אויף אָפּצושפּרעכן אן עין־הרע.

נאכן אָפּשפרעכן די עין־הרע, האט מען אכטונג געגעבן צי דער קראנקער גענעצט, האט ער געגעבן א גענעץ, איז געווען א סימן אז דער קראנקער האט געהאט אן עין־הרע און דאס אָפּ־שפרעכן האט געהאלפן.

איז דעם קראנקן נישט בעסער געווארן, האט זיך אָנגעהויבן א חקירה ודרישה ביים קונד וואס איז געגאנגען אָפּשפּרעכן די עין־הרע, צי ער האט נישט אמאל פארגעסן דעם נאָמען פון דעם קראנקן, אדער פאַרטוישט, און צוליב דעם איז טאקע די רפואה נישט געקומען...

ווען עס האט זיך געמאכט א פאַל אז איינער איז פּאַראַליזירט

(געכאַפּט) געוואָרן, האָט מען באַלד געשיקט רופן שרה מרדכי־יוסף׳ס, וועלכע האָט באַלד געגאָסן וואַקס איבערן קראַנקנס קאָפּ און זי פלעגט באַלד באַווייזן סימנים פאַר וואָס דער קראַנקער האָט זיך דערשראָקן.

אַז עס האָט ווער באַקומען אַ רויז, פלעגט שרה נעמען אַ שטיקל פלאַקס, אָנצינדן עס און וואַרעמען אַרום דער רויז, דערבײַ זאָגן פאַרשידענע שפּרוכן און כסדר איבער׳חזר׳ן: פינסטערע רויז, אין פעלד אַריין, אין פעלד אַריין, שפּעטער פלעגט זי נעמען אַ טיכל אָנשמירן עס מיט האָניק און צובינדן די רויז.

ווען עס האָט געטראָפן אַן ערנסטע קרענק און אַלע באַבסקע־רפואות האָבן נישט געהאָלפן, איז מען געלאָפן נאָך שלמה רופא (דער פעלדשער).

ביי דער טיר פון פעלדשער, איז געהאַנגען דריי מעשענע טאַצן (דאָס איז געווען דער סימן). באמת איז דאַמאָלס אַ פעלדשער נישט געווען קיין געענדיקטער, ער האָט געדינט אין דער רוסישער אַרמיי אַלס סאַניטאַר, נאָכן ענדיקן די סלוזשבע, איז ער געוואָרן פעלדשער, — ער האָט געטראָגן אַ שטייפן שוואַרצן צעלינדער מיט אַ שפּיציק בערדל, ער איז געווען דער איינציקער ייִד אין שטאָט וואָס האָט געטראָגן אַ קורצע מאַרינאַרקע. ער פלעגט זיך וואַשן מיט שמעק־זייף, ווייבער פלעגן צווישן זיך רעדן בסוד, אַז דער פעלדשער עסט פּאָמידאָרן, וואָס דאָס האָט מען דאַמאָלס געהאַלטן אין בילגוריי פאַר טריפה.

אַז ער איז אַריינגעקומען צום קראַנקן, האָט מען אים אָפּ־געגעבן גרויס כבוד, זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט, ער האָט אויס־געפרעגט דעם קראַנקן ווי עס טוט אים וויי, געפּרופט דעם דופק, אויפגעעפנט זיין וואַליסקאַלע וואָס פלעגט טראָגן מיט זיך, אַרויסגענומען פאַרשידענע אינסטרומענטן, אַריינגעקוקט אין האַלדז און פאַרשריבן אַספּערין (קיין רעצעפּטן האָבן זיי נישט געקענט אָדער נישט געטאָרט

פארשרייבן), ער פלעגט שוין שטעלן געהאַקטע באַנקעס, געהאַקט אָדער, געשטעלט פּיאַפּקעס, געפּענדזעלט דעם האַלדז, געמאכט קליזמעס, האט וועמען ווי געטאָן אַ צאָן, איז ער אריין צו שלמה רופא. ער האט אים אוועקגעזעצט אויף דער שטול, ער האט אָנגענומען דעם צאָן און איידער יענער האט באוויזן צו געבן אַ געשריי, האט אים שוין שלמה רופא געגעבן דעם צאָן אין האַנט.

ער איז אויך געווען דער איינציקער פריזער אין שטאט.

אויף די עלטערע יאָרן, איז מיט אים מיטגעגאנגען זיין זון, וועלכער האט שפעטער איבערגענומען דאס פעלדשערייַ בירושה.

א. קראנענבערג

# אִם תִּרְצֶה פַּעַם לָדַעַת

יְהוּדִי, אִם תִּרְצֶה פַּעַם לָדַעַת,
דִּבְרֵי יְמֵי עַמְּךָ וְסִבְלוֹתָיו,
לֹא לִסְפָרִים תִּפְנֶה
וְלֹא לְהַרְצָאוֹת תַּקְשִׁיב.
אֶל שְׂדוֹת אֵירוֹפָּה וּלְיַעֲרוֹת פּוֹלִין לֵךְ!
הַאֲזֵן לְרַחַשׁ־הָעֲשָׂבִים
וְסוֹד שִׂיחַ־הָאִילָנוֹת שְׁמַע.
וְתָבִין: בְּכָל וֶרֶד מְפַרְפֵּר לֵב אֵם,
בְּיֶרֶק גִּידֵי הָעֲנָפִים נוֹזֵל דַּם אָחוֹת.
וְאֶגְלֵי־הַטַּל — דִּמְעוֹת־יֶלֶד תַּמָּה.
וְדַע! אֵלֶּה הֵם הוֹרֶיךָ וּקְרוֹבֶיךָ,
אֲשֶׁר בְּדָמָם הִשְׁקוּ אֶת קַרְקַע פּוֹלִין
וּבְאֵפֶר עַצְמוֹתֵיהֶם דִּשְּׁנוּהָ צוֹרְרֵיהֶם.
אֲבוֹתֵינוּ הָיוּ לְעָפָר מְעֻפָּרָה,
וְהִיא — לְבָשָׂר מְבֻשָּׂרָם.
דַּם יְלָדֵינוּ הִפְרָהּ, וְהִיא נִתְעַבְּרָה וְהֶעֶלְתָה צִיץ וָפֶרַח.
הִתְקַשְּׁטָה בִּפְרָחִים הָאֵם־הָאֲדָמָה,
וַתְּכַס עַל קֶבֶר הֶבֶל בְּנָהּ.
וְכִמְנַצֵּחַ עוֹמֵד קַיִן „אִישׁ־הָאֲדָמָה",
אֲשֶׁר הִרְוָה אַדְמָתוֹ בְּדָמֵינוּ,
וּבִמְקוֹמוֹ, אֲנַחְנוּ, שֶׁהָיִינוּ תְּלוּשֵׁי קַרְקַע כְּהֶבֶל, „הַנָּעִים וְהַנּוֹדְדִים",
מִבְּלִי שֶׁנִּתַּן מִדְרַךְ לְכַף רַגְלֵינוּ...

י. ת. קרוננברג

———

# דער דראנג פון בילגורייער יידן קיין א״י

באלד אין דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען בילגוריי איז געווען אָקופּירט דורך עסטרייך, האט זיך גלייך די יוגנט געשטעלט אין די רייען פון חלוציזם, עס איז געשאפן געווארן דער „החלוץ״ וועלכער האט געשפּייזט די יוגנט מיט ציוניזם.

שפּעטער, נאכן אנטשטיין פון פוילן, ווען עס האט זיך נאר אָנגעפאנגען די 4־טע עליה, האט שוין די בילגורייער יוגנט געשיקט אירע ערשטע פּיאָנערן. עס איז פריש אין זכרון די שמחה וואס פלעגט הערשן אין שטאט ביי יעדער אָפּפארן פון אונדזערע חלוצים קיין א״י, כמעט די גאנצע שטאט פלעגט זיין ביי דער קאָלייקע (קליינער באַן) זיי באַגלייטן, דאס געזאנג פון תחזקנה און התקוה האט זיך צעטראגן איבער דער גאנצער שטאט, און דאס האט אריינגעגעבן דעם רוח־החיים צווישן דער יוגנט.

אפילו אין די שפּעטערע צייטן ווען די עליה איז געווארן באשווערט, האט די בילגורייער יוגנט אויך אנטיילגענומען און עולה געווען קיין א״י מיט דער אומלעגאַלער עליה, נישט אָפּ־שרעקנדיק זיך פאר די שווערע באדינגונגען וואס זענען פארגעש־טאנען אין וועג, און טאקע אין יאר 1939, האב איך געהאט דעם כבוד צו זיין איינער פון די פּיאָנערן פון דער אומלעגאלער עליה, נישט קוקנדיק אויף מיין גוטער היים, האב איך באשלאסן איבער־צורייסן די גלות-קייט און צו ווידמען מיינע כוחות אונדזער לאנד.

כסדר וועל איך געדענקן די רייד פון מיין פאטער ז״ל, אז ווילסט שוין יאָ זיין פון די „בילו״ (בית יעקב לכו ונלכה) זאל זיין אויך „באור ד׳״, זאלסט זיין א ייד, זאלסט געדענקן „כמו שאדם רוצה ללכת, מוליכין אותו״, אויך דער אלטער זיידע ר׳ משה

גאלדבערג ז״ל האט מיר ארייגעגעבן מוט מיט די ווערטער „קומי צאי מתוך ההפיכה, רב לך שבת בעמק הבכה, והוא יחמול עליך חמלה״, ועסט מיט גאטס הילף אדורכברעכן אלע שוועריקייטן.

מיט אזא באגאזש פון ערמוטיקונג, ביטחון און א קליינעם רוק־זאַק מיט עטלעכע פּאָר וועש, א קאָץ און אנדערע קלייניקייטן, געזעגענט מיט מיין משפחה, קרובים און באקאנטע, האב איך זיך ענדע חודש יולי 1939, געלאזט אויפן וועג פון אומלעגאלער עליה קיין א״י. און פינקטלעך 12,30 ביינאכט, האב איך פארלאזט בילגוריי. עס איז שווער זיך פארצושטעלט די געפילן וואס האבן מיך דאן באהערשט, אָפרייסנדיק זיך פון מיין טייערער משפחה, פריינד און באקאנטע און בכלל פון מיין ליב שטעטעלע בילגוריי ווו איך בין געבארן און דערצויגן געווארן. נאר שטאלץ בין איך געווען, וואס אויך איך וועל זיין פון די בונים של ארצנו הקדושה.

אָנקומענדיק קיין זווערזשיניעץ, האב איך זיך ענדלעך דער־ווארט אויף דעם צוג וואס האט קורסירט לעמבערג—ווארשא. איינשטייגנדיק אין צוג, האב איך גלייך דערפילט א צווייטע אַט־מאָספער, אין יעדע קופע זענען געזעסן עטלעכע יוגנטלעכע מיט א פריילעכן שמייכל, און גלייך מיך געפרעגט פון וואנען איך בין און וויפיל חברה פאָרן, איך האב זיך איינגעארדנט אין קופע און מיר זענען גלייך געווארן ווי אלטע גוטע באקאנטע.

ווען אין דרויסן האט אנגעפאנגען טאָגן, און די פויגל האבן אנגעהויבן צו שווימטשן, אזוי האט זיך ספּאָנטאניש געלאזט הערן פון יעדן פענסטער, פריילעכע עברית לידער, אנקומענדיק קיין לובלין, האט זיך די גאנצע חברה קאָנצענטרירט אין צוויי וואַגאָנען, מיט יוגנט התלהבות האבן מיר כסדר געזונגען און געטאנצט הוירא, אזוי, אז אויף מיילען ווייט האט זיך דערטראגן דער עכאָ.

אנקומענדיק קיין ווארשא, זענען מיר גלייך אוועק אין דעם צוגעגרייטן ארט אין אַקאַדעמישן הויז, אויף פראַגא.

דאס אַקאַדעמישע הויז האט אויסגעזען ווי א גרויסער באַן־הויף. מענטשן האבן געפּאַקט און געשטויבט זאכן, געשריבן און סתם גערעדט, יעדער איינער איז ארומגעגאנגען מיט דער פראַגע, ווען פארן מיר שוין? אזוי זענען מיר אָפּגעווען אין ווארשא דריי טעג.

א געוויסן פרימאָרגן איז פלוצים געקומען א פקודה, אז אין פארלויף פון 30 מינוט זאלן אלע זיין גרייט צו דער באַן. עס איז געווארן א גרויסער רעש. יעדער גרופּנפירער האט קאָנטראָלירט זיינע מענטשן, פארשטענדלעך אז פיל חברה האבן געפעלט. מען האט געשיקט מענטשן זיי זוכן. און איידער מען האט באוויזן צו קאנטראָלירן צי אלץ איז אין אָרדנונג, איז אריינגעקומען דער מפקד פון טראַנספּאָרט. און געגעבן א פקודה, זענען במשך פון 10 מינוט געווען אויסגעשטעלט 1500 מאַן, אין מיליטערישער אָרדענונג גרייט צו מאַרשירן צום באַן־הויף. נאכן אָפּזינגען דעם בית־רישן הימן, זענען מיר אוועק צום גדיניער באַן־הויף.

אויפן באַן־הויף, איז געווען זייער א גרויסער עולם וואס איז געקומען געזעגענען די אָפּפארנדע. דער צוג איז געווען דעקאָרירט מיט בלוי־ווייסע פענער און פארשידענע לאָזונגען. עס זענען בייגעווען די גאנצע מפקדה הראשית פון בית״ר אין פוילן מיט מנחם בגין בראש. מיר זענען אריין אין די וואַגאָנען מיט א פון פריער אויסגעשטעלטער אָרדנונג. באלד האט זיך דערהערט דער פייף פון דער באַן. מיט געזאנג פון התקוה פארלאזן מיר ווארשא, אויפן וועג צום לאנג אויסגעבענקטן ציל.

אָפּפארנדיק עטלעכע סטאציעס האט אונז ערווארט א גרויסער סיורפּריז, עס איז אריינגעקומען מנחם בגין מיט דעם פארשטאר־בענעם סטאַווסקי ז״ל. האבן יעדן דערלאנגט דעם פּאַספּאָרט, וואס איז געווען: די ארויס־פּאַר־וויזע, טראנזיט־וויזע דורך רומעניען, טערקיי, ביז די טעריטאריאלע וואסערן פון א״י.

נעמענדיק דעם פּאַספּאָרט אין דער האַנט, האָט יעדער מיט אַ תּפילה אויף די ליפּן זיך געווונטשן; מיר זאָלן זוכה זיין, אַז דער אריינפאָר קיין א״י זאָל זיין בשלום. אַזוי האָבן מיר זיך שעה נאָך שעה דערוואַרטעט פון דער אַלטער היים, צו זען בקרוב דעם אויסגע־בענקטן טרוים, א״י.

נאָך אַ טאָג פאָרן מיט דער באַן, זענען מיר אָנגעקומען אין דער פּוילישער גרענעץ־שטאָט, שנאַטין. מען האָט אונז איינקוואַרטירט אין דעם יידישן טעאַטער, דאָרט איז געווען ווי אין אַ מיליטערישן לאַגער, מיט אַ שטרענג דיסציפּלינירטער אָרדענונג.

אָנקומענדיק קיין שנאַטין האָט מען געזאָגט, אַז צוליב געוויסע סיבות וועלן מיר זיין עטלעכע טעג אויפן דעם אָרט, ליידער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר זענען אָפּגעווען עטלעכע וואָכן און צום סוף זענען מיר געווען געצווונגען צוריקצופאָרן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די ענגלישע רעגירונג איז געוואָר געוואָרן פון דעם גרויסן טראַנספּאָרט, האָט זי זיך געוואָנדן מיט אַ געהיימען צירקולאַר צו דער רומענישער רעגירונג און געפאָדערט דעם טראַנספּאָרט באַלד נישט אַדורכצולאָזן, און אַזוי ווי דער פּאָליטישער מצב איז שוין געווען אָנגעשטרענגט, האָט די רומענישע רעגירונג נישט געוואָלט זיך איינרייסן מיט ענגלאַנד צוליב דעם ביסל יידן וואָס האָבן געוואָלט פון זיך אַראָפּוואַרפן דעם 2000 יעריקן גלות.

אָפּזיצענדיק אין שנאַטין פיר וואָכן, איז אין אַ געוויסן טאָג געקומען צופאָרן מנחם בעגין, ערי זשאַבאָטינסקי און אַנדערע. זיי האָבן געהאַלטן אַ פאָרטראָג וועגן א״י און אונז געמאָלדן אַז ליידער קענען מיר נישט פאָרן ווייטער, די רומענישע רעגירונג לאָזט נישט אַדורך, מיר מוזן פאָרלויפיק פאָרן צוריק, אין אַ געוויסע צייט אַרום, וועלן מיר פאָרן זיכער, און אויב עס געפונען זיך אַזעלכע וועלכע ווילן אויף אַן אומלעגאַלן וועג דורכפאָרן רומעניען

קיין קאָנסטאַנץ, וועט ער גלייך אריין אין דער שיף וואס ווארט אויף אונז, עס האבן זיך באלד געשאפן גרופן, און דער סוף איז געווען אז עטלעכע צענדליק חברים זענען אריבער די גרענעץ און זיי האבן במשך פון דריי וואכן, געלאנדעט אויף די ברעגן פון נתניה, דער גרעסטער טייל, וואס אויך איך בין געווען צווישן זיי, האבן באשלאסן צוריקצופארן.

צוריקקומענדיק אהיים, האט זיך באלד אנגעהויבן די ערשטע מאָביליזאציע, דער דייטשער מערדער איז אָנגעפאלן אויף פוילן, אין פערלוף פון עטלעכע טעג איז אונדזער טייער שטעטעלע אָפּגעברענט געווארן, אזוי האט זיך אָנגעפאנגען דער אומקום פון אונזער נישט פארגעסענער שטאט בילגוריי, מיט אירע טייערע יידן.

א דאנק א צופאל, זענען א טייל יידן אוועק קיין רוסלאנד אויך איך האב געהאט דאס גליק און נאך פארשידענע איבערלע־בענישן, אדורכמאכענדיק יארן פון תפיסות און לאגערן, בין איך ענדלעך 7 יאר שפעטער אָנגעקומען און באטרעטן דעם באָדן פון אונזער אויסגעבענקט לאנד, ארץ־ישראל.

יצחק ראפאפארט

---

# אֲהַבְתִּיךְ, בִּילְגוֹרַיי

אֲהַבְתִּיךְ, בִּילְגוֹרַי,
אֲהַבְתִּיךְ תָּמִיד, עַל יְהוּדַיִךְ:
סוֹחֲרַיִךְ, סַבָּלַיִךְ וּפוֹעֲלֵי סַדְנוֹתַיִךְ,
עַל אַנְשֵׁי „הַשְּׁטִיבְּלָךְ" וּבָאֵי בָּתֵּי מִדְרָשַׁיִךְ,
עַל סִמְטוֹת רְחוֹב „הַגֶּשֶׁר" שֶׁהָמוּ תָּמִיד מִילָדַיִךְ.

אָהַבְתִּי אֶת יְפִי מִישׁוֹרַיִךְ וְהָרַיִךְ,
מִרְעֵה־הָאָחוּ וּמֵי־„מַעְיָנַיִךְ",
טִיּוּל הָעֲרָבִים וְהָרְחִיצָה בִּנְהָרַיִךְ,
עַרְפִלֵּי הַטַּל הָעוֹטִים אֶת אֲפָרַיִךְ,
אֹדֶם הַשֶּׁמֶשׁ הָעוֹלָה מֵעַל יְעָרַיִךְ.

אֲהַבְתִּיךְ עַל יְפִי נוֹפֵךְ,
וְתָמִיד שְׂנֵאתִיךְ עַל „קֵינַיִךְ"
שֶׁעָזְרוּ לָרוֹצְחִים עֵת טָבְחוּ יְהוּדַיִךְ,
צָחֲקוּ לַנָּשִׁים שֶׁבְּלִי לְבוּשׁ נִסְחֲבוּ בִּרְחוֹבוֹתַיִךְ,
וְלַפְּעוּטוֹת שֶׁהִתְגּוֹלְלוּ בִּכָּרִים בְּחוּצוֹתַיִךְ.

בַּת־עַמִּי! נוֹף זָר וְקַרְקַע זָרָה טִפְּחוּךְ,
לָכֵן הִפְרֵית אַדְמָתָהּ בְּאֵפֶר־עַצְמוֹתַיִךְ.
עֲשׁוּקָה וְזָרָה הָיִית בַּנֵּכָר.
לָכֵן רַבּוּ בְּכָל הָעוֹלָם שׂוֹנְאַיִךְ.
כָּל בַּיִת – מִקְלָט לְרוֹצְחַיִךְ,
כָּל מָקוֹם – מוּכָן לְכִבְשָׁנַיִךְ
וַהֲרוּגִים בְּכָל בָּתֵּי־קְבָרוֹתַיִךְ.

אַשְׁרֵי הָעַיִן הָרוֹאָה בְּשׁוּבֵךְ לְמוֹלַדְתֵּךְ
וּבְנְיַן אַרְצֵךְ, מְכוֹרָתֵךְ.

י. ת. קרוננברג

# די נעסט פון נויט

קאַנטיק, אבער נישט פיר קאַנטיק, איז געווען דער הויף פון משה בערלס (משה שטאָק), לענגער ווי ברייטער, ווי אן אויסגעפורמטער קאַסטן אן אדעק. דריי זייטן פון הויף, האבן געשאפן די נידעריקע פארבויטע הייזלעך, די פערטע זייט — אגאנץ אָפענע וועלכע דער ריינשטאָק מיט דעם האַלצערנעם בריקל צום ארייננפאָר, האט אפגעטיילט דעם הויף פון דער גאס, וועלכע איז געלאפן מיט א שטארקע שיפוע, פון מאַטל איציק־הערשס הויז, לענגאויס דעם נייעם חדר, שול־הויף און אלטן בית־הקברות, ביז דעם טייך מיט דער ברוק, דערפאר האט מען די גאַס גערופן די „ברוק".

אויבן פון דעם הויף, פונקט אנטקעגן דער גאַס, האט זיך דער באָדן געהויבן בארגיק ארויף, ווי אויף אן אלט איינגעבויגענער פלייצע, האט ער אויף זיך געטראגן דעם אלטן ברייט פארצווייגטן באַרן־בוים, מיט זיין מאַיעסטעטישער קרוין, וועלכער האט אין זיין שאָטן געהאלטן די פארכמורעטע צוזאמענגעדריקטע הייזלעך, נישט צולאזנדיק צו זיי קיין זונען שטראַל און ווארעמקייט.

רעכטס פון דעם באַרן־בוים, האבן זיך דורכגעריסן צוויי שמאָלע געסעלעך, ווי צוויי בלוט אַרטעריעס, וועלכע האבן געמאכט דעם איינדרוק, ווי זיי וואלטן געוואלט ביידע זייטן הייזלעך צו זיך דערנענטערן, זיי האבן זיך מיט זייער שמאלקייט געצויגן ביז אויבן ארויף, ווי זיי האבן זיך פאַרייניקט, אויסטיילנדיק צוויי נייע ריכטונגען, איינע, צום טריסקער שטיבל און שול־הויף, די צווייטע, דורך זעליג מערזעל און די פלוימענבוימס צום מארק צו.

פאר פסח, ווען דער פארפרויערענער באָדן האט זיך אנגעהויבן דערווארעמען, און די אנגעוואקסענע אייז־ברילעס האבן זיך אנגעהויבן צו שמעלצן, האבן די צוויי שמאלע געסעלעך געשפיגן און פארפלייצט דעם הויף מיט וואסער און פארשידענע אפפליסן

וואס מען האט פון די שטובן ארויסגעגאסן. און אלעס איז געש־ווומען באַרג אראָפּ, פארפלייצט דעם הויף און די הייזער, ביז עס האט זיך אריינגעגאסן אין רינשטאָק, דורך ביידע זייטן פון היל־צערנעם בריקל, ביז אין טייך אריין.

ביסלעכווייז האבן זיך די איבערגעבליבענע בלאָטעס אָנגע־הויבן אויסדעמפן און גאנצע כמאַרעס פליגן וועלכע האבן געריועט אויף די איבערבלייבעכצן, וועלכע די וואסערן האבן אנגעטראגן, האבן באַלאַגערט יעדער דורכגייער און זיך געזעצט אויף די שויבן, און ווענט, אריינדרינגענדיק אין די שטיבלעך, מיט א זשומעריי און צוזאמען מיטן קליינוואַרק געשאפן א סימפאָניע פון פרייד פון אָנקומענדיקן פרילינג.

די ווינטער טעג זענען פאַרביי. די זון האט זיך הויך אויפ־געהויבן איבער משה בערלס הויף, א נייע לעבן האט דערוואכט. דאס זענען געווען די פאר פסח טעג, וועלכע סימבאָליזירן טעג פון אויסלייזונג און אויפקום, דאס הייפל האט פון זיך אראָפּגעוואָרפן דעם ווינטער מיט די בייסיקע פרעסט און קעלטן, קיין בלאָטע האט זיך שוין מער נישט געווען, עס האט זיך שוין געטראָגן קעגן די זונען שטראַלן א לייכטער זילבערנער שטויב, וועלכער האט זיך אריינגעריסן אין די פעדער־הייזלעך דורך די שפּאַרעס, ווו קליינוואַרג האט מיט שטיקלעך שפיגל, די שטראַלן אויף די די ווענט אָפּגעשלאָגן און זיך געשפילט אין פייגעלעך.

די שכנים פון הייפל, האבן זיך געגרייט צום אָנקומענדיקן יום־טוב, מוטערס מיט טעכטער האבן געוואשן וועש אין גרויסע קיילעכדיקע באַליעס, דער ריח פון זייף און סאָדע האט פארכאפט דאס גאנצע הייפל, פון צייט צו צייט האט זיך אדורכגעטראגן א טונקל־גרויע פאַסמע וואסער מיט מידלינעס, פון די אויסגעגאַ־סענע באַליעס, נאך דעם האבן מוטערס און טעכטער געטראגן די וועש מיט קיאַנקעס צום טייך שווענקן און אויסקלאַפּן אויף שטיינער,

אפריילעכער אָפּהילך פון די קיאַנקעס, אויסגעמישט מיט פרייד און געלעכטער האט פארפולט דעם ארום ביז די פארנאכטן, ביז די זון איז ארונטער אונטער די קעפּ פון די צמענטאַש ביימער, האט מוטער מיט טעכטער דורכגענעצטע, ווידער פארפילט דאס הייפל, לאנגע שנורן פון צוזאמענגעקניפּטע שטריק האבן ארומגעצוימט, ווענט און בוים, און די ווייסקייט פון דער אויסגעהאָנגענער וועש, האט געבלענט אנטקעגן דער לבנה שיין, וואס האט דעם הויף באלויכטן ווי א ריזיקע לאַמטערנע.

פרימארגנס זענען געקומען, פארנאכטן זענען פארגאנגען. נייע זאָרגן און דאגות זענען אויפגעקומען, ווי אזוי דעם פסח אין שטוב אריינצובאקומען.

אין די פאר יום־טוב טעג, האט זיך יעדער מיט זיין נויט געמוזט באקענען, די אלטע געשניצטע קאָמודעס און שרענק, האבן זייערע אָרעמס צעעפנט, ארויסגעבענדיק פון זיך דעם דלות, אָפּגעטראָגענע כאַלאַטלעך מיט צעריסענע עלענבויגנס, הויזן און וועש. שיין זענען זיי אמאל געווען, מיט פרייד האט מען זיי אמאל באנייט, פיל פון זיי דערמאנען די ווייטע פארגאנגענהייט, די ערשטע טריט צו א ניי לעבן (די חתונה).

יאָרן זענען פארביי, פאר דער צייט פארעלטערט געווארן, קינדער אויף דער וועלט געבראכט, שותפים צו נויט און דחקות, אויסגעבלייכטע פּנים׳לעך, פארבענקטע נאך קינדער גליק, נאך ווארעמקייט פון לעבן. מיט וואס באגעגענען אָט די קינדערלעך דעם יום־טוב? מיט אויסגעוואקסענע צעריסענע אַנצוגלעך, צעדרייטע אויסגעריבענע שיכלעך מיט אָפּגעריבענע ווייסע נאָסקאַלעך, (נישט געהאט מיט וואס זיי אָפּצופּוצן), היטעלעך מיט צעריסענע דאַשקעס. ווי אזוי נעמט מען אט די זיסע קינדערלעך מיט צום דאווענען? בלוט טריפט פון די עלטערנס האַרץ.

די ווייבער, א גאנץ יאר זיצן זיי אין דער היים מיט דער אָרעמקייט, שבת ביי דעם טייטש־חומש, אבער יום־טוב? ווי גייט

אײדישע טאכטער נישט דאװענען? אבער װי אזױ גײט מען? אָפּגעטראָגענע, שױן נישט אײנמאָל איבערגענײטע ספּודניצעס, צעשיטע שאַלן, די לעצטע אױערינגלעך פארזעצט צוזאמען מיט די לײכטער דעם װינטער אדורכצושטופּן, קײן שיך אױף די פיס, דאס שײטל נאך פון דער חתונה נישט פארקעמט.

די מײדלעך, זײ װעלן מיט קנאה קוקן אױף די פּארמעג־לעכע חבר׳טעס װאס װעלן פּסח שפּאצירן איבער דער גאס אין זײערע נײע קלײדעלעך און שיכלעך מיט שלײפן אױף די קעפּלעך.

אזױ זענען געלאָפן די געדאנקען קוקנדיק אױף דעם ביסל אָרעמקײט, שװארצע װאָלקנס האבן אין דמיון די שײנע װעלט פארשטעלט, װו נעמט מען? װאס טוט מען?

עס זענען געװען פאלן, װאס דאס באװײזן זיך פון בריװ־טרעגער, האט אונזערע שכנים, פון פארצװײפלונג ארױסגענומען, א פעטער, א מומע, אדער סתם א קרוב אין װײטן אמעריקא, האט אין זײן חוב נישט פארגעסן און פּינקטלעך אים אָפּגעצאלט, דאן האט די לאגע זיך אינגאנצן געענדערט, די שטובן האבן אױפגע־לעבט, די פּנים׳ער ביי די עלטערן און קינדער האבן זיך װי נאך א שרעקלעכן שטורם אױסגעלײטערט, מיט פרײדיקע געשרײען און טי למאל אױך א קללה׳לע האט פארפילט די שטוב.

מעסט אָן מײן קינד, שטײ גלײך, א פולע שטוב אנגעברענגט, שוכעלעך, הײזעלעך, היטעלעך, זעקעלעך און טלית־קטן׳לעך, אױך א כאַלאַטל פאר דעם טאטן, די מײדלעך, זײ גײען דאך נישט דאװענען, מוזן זײ שױן בלײבן די געליטענע.

אזױ האט זיך אנגעהױבן דער ערב יום־טוב פיבער, מוטער און טעכטער האבן זיך גענומען פארלאטן די ציכן פון בעטגעװאנט, אױספארעכטן די װעש, אױסגעקאלכט די פארגעלטע װענט און פון רױך פארקאָפּטשעטע סופיטן. נאכן קאַלכן קראַצט מען די פּאָדלאָגע מיט מעסערס, עס װײזן זיך, געלע װי װאַקס, אָפּגעװאשענע

ברעטער, מען לופטערט די מלבושים פון א גאנץ יאָר, מען וואַשט די שויבן, די פענסטער, אין די ווינקלען הענגען אין ווייס בלענ־דענדע פלאַכטעס די מצות וואס מען האט געבאקן אין א שותּפות־„לאַט״. עס איז נאך געבליבן קליינע ארבעטן, אויפהענגען דעם לאָמפּ מיט זיינע קייטן, וועלכער איז באַנייט געווארן פון זיין יערלעכער שווארצקייט און פליגן שמוץ מיט א גאָלד־פּראָשעק, אריינזעצן א נייע קנויט, און ארויפשטעלן פון אויבן די שיין. מען לייגט אריין פריש שטרוי אין די אויסגעבריטע בעטן און מען הענגט אויף די פאָרהענגלעך אויף די פענסטער.

אונטער דער קיך קנאַקט פריילעך דאס סאָסנאָווע האלץ, וואס מען גליט אויס די בלעכן און שפעטער אָפּגעשמירט מיט ליים, די שטובן זעטיקן זיך אָן מיט אליבלעכע שמעקעדיקע וואַ־רעמקייט, דער יום־טוב איז שוין אויף דער שוועל, דער פסח איז דא.

דער פסח איז פאַרביי מיט זיינע אכט זארגלאזע טעג, דאס הייפל איז ווידער אריין אין זיין וואָכיקער זארג און דאגות, עס האבן זיך געשטעלט לאנגע הייסע זומער טעג, קינדער פון הייפל זענען אוועק רייסן ווייסן און בלויען בעז, וועלכער האט מיט זיין געשמאַק געררייצט זייערע נעזלעך און מיט זיין שיינקייט געצויבערט די יונגע גלאנציקע אויגעלעך.

דער אלטער באַרן־בוים אין הייפל, האט זיך אנגעהויבן וועקן צום לעבן, זיין קרוין האט זיך באצירט מיט ווייס־פּיאָלעטע בליטן, דאס זשומעריי פון בינען איבער די פינאנדער געעפנטע בליטן האט זיך געהערט ווי אן איינטאָניק מוזיק פון ארבעט.

אין א קורצער צייט, האבן די בלעטעלעך פון די בליטן אָנגעהויבן מאַסנווייז אראָפּצופאלן, שאפנדיק א שניי־ווייסן ארום דעם בוים. זיין קרוין האט זיך אנגעהויבן באצירן מיט קליינע גרינע בלעטלעך, עס האט אויסגעזען ווי א פּראָצעס פון זיין ווידערגעבורט, ער ווערט העכער און ברייטער, הדרת־פנים׳דיקער

און שטאָלצער, ער האט די נאַקעטקייט פון זיינע צווייגן באַצירט און באצויגן, ניי, פריש, ווי ער וואלט איצט פון דער ערד ארויס־געקראכן.

פון טאג צו טאג האט ער זיך געענדערט, די בלעטערלעך, שוין גרעסער, ברייטער, טונקל־גרינער און צווישן זיי, ווי קרעלן באשיטע באַרנדלעך, אפילו אונטן, ביי זיין אַלטן שטאַם, ווי שטיי־נער און וואָרצלען אָפּגעדעקטע פון דער ערד, פּאַרטריקנטע,—האט אין א האַלב־קרייז,—אין דערזייט ווי די זון האט מיט איר וואָרמ־קייט דערגרייכט,—אָנגעהויבן שפּראָצן א העל־גרינע יונגע טראַווע, זי האט מיט אירע צוזאמענגערולטע קעפּעלעך דורכגעפּיקט די ערד און זיך פריי געהויבן האַרמאָניזירנדיק זיך מיט איר איינטאניקייט מיט איר נאָנטסטן שכן, מיט דער קרוין פון באַרן־בוים.

אויך דאס לעבן אין די ווינונגען האט זיך געענדערט און אין זיך אריינגענומען דעם זומער שטייגער, די אלטע שמאָלע פאר־קלאפּטע פענסטערלעך, האבן זיך ברייט פונאנדערגעעפנט, אראפּ־ווארפנדיק פון זיך די פּאַקולעס מיט ליים, מיט וועלכע מען האט זיי צום ווינטער ארומגעקלאפּט און פארקלעפּט, פאר די קעלטן און פרעסט.

דער הויכער אויוון מיט זיינע געזומסן, ביז אונטער דעם סופיט און די ברייטע קיך אויף זעקס פייערקעס, מיט צוויי טיר־לעך און א רושט אין מיטן, האבן אויך זייער רו באקומען. מען האט זיך צו זיי מער נישט צוגעטוליעט, געקוויקט מיט זייער ווארעמקייט, די ברייטע באַנק, וואס איז געשטאנען איבער דער ברייט פון אויוון, איז געשטאנען פאר־יתומ׳ט, פארלאזט, ווי אירע שכנים.

בלויז איין מאל אין דער וואָך, פרייטיק, האט זיך דאס קיך־טירל געעפנט, א רויט פייערל פון קנאקנדיקן שוועבל־האָלץ, האט פארכאפּט דעם שווארצן חלול פון דער קיך טיפעניש, טראָגנ־דיק זיך אין די אינגווייטן פון די אלטע ציגל, אין דער לופט אריין,

דאס קעניגרייך האט אַ גאנצע וואָך געהערט צו זיין מאַיעסטעט, די „פיסלעך", וועלכע זענען געשטאנען אויף די קיך־בלעכן, נעבן די פאַרקאָפּטשעטע מיט סאַדזעס פיסלעך, זענען געשטאנען די מאַמעס און אריינגעבלאזן זייער אָטעם אין די צעגליטע קוילן און האלץ, אויף וועלכע עס האט זיך געקאָכט אין ציגונענע הויכע טעפּ א שטשאַף־באָרשטש, וואס די קינדער האבן געבראכט פון די לאָנ־קעס, צום ברויט צו טרינקען, אדער אַ ביסל קליסקאַלעך מיט קאַרטאָפל אויף מיטאג, ווען די קינדער קומען פון חדר. קליסקאַ־לעך מיט באָבלעך, האט מען געקאכט אויף וויעטשאָרע, ווען די מענער קומען פון מנחה־מעריב, ווען גאט גיט א גוטן טאג, שמעקט אין דער פארנאכטיקער טונקלקייט א געדישעכטץ פון א קעלבענער־ראָש מיט פיסלעך און רעטשענער־קאַשע, נאך אזא מאָלצייט, פלעגן זיך אממיינסטן די מאַנסלייט, צולייגן כאַפּן א דרימעל, דאגעגן די שכן׳טעס, פלעגן זיך אויסזעצן אויף די פריזבעס און שוועלן, און דערציילן פארשידענע געהערטע מעשיות, מופסים פון גוטע יידן און שדים.

אממייסטנס, האט זיך אזא מין אָוונט פארענדיקט מיט א פלאָטקעלע פון איין שכן׳טע אויף דער צווייטער, וואס די האט אליין געזען, יענע האט אליין געהערט, אויף צו מאָרגנס איז מען געגאנגען אויסווייזן, זענען זיך אלע געשיכטעס צעפאלן ווי א זייפן־בלאָז, א וואָרט פאר א וואָרט, מען האט זיך צעקריגט, ברוגז, איינע האט נישט געקוקט אין דער צווייטערס זייט, ביז א שמחה, אדער חס־וחלילה א צרה, האט מען זיך ווידער איבערגעבעטן, זיך אויס־געוויינט.. איינע אויף דער צווייטערס מזל.. אדער געפרייט זיך ווי מיט אַן אייגענער פרייד.

דאס קליינוואַרק, איז מיט באַרפעסע פיסעלעך, טיילוויז פארבלוטיקטע פינגערלעך, ארומגעלאפן איבערן הויף און געשפּילט אין מאַרוזשקע (באַהעלטאלעך), זייערע הילכיקע קולות האבן

געקלינגען איבערן גאנצן הויף, ביז זיי זענען מידע געפאלן אויף די גצלעגערס, מיט שווארצע פיסעלעך פון שמוץ און שטויב. די עלטערע האבן אויסגעטאָן די יינגערע און אלע זענען געבליבן שלאָפן אין די פארשמוציקטע העמדעלעך אין וועלכע זיי זענען ארומגעגאנגען א גאנצן טאג.

די יוגנטלעכע, האבן זיך אין די אָוונטן צוריקגעקערט פון טייך ווו זיי האבן נאך א שווערן ארבעטס-טאג געוואשן זייערע יינגע קערפערס, קוויקנדיק זיך מיטן זויבערן קאלטן וואסער. זיי זענען אין דער טונקלקייט פון הייפל ווי פארשלונגען געווארן, יעדער צו זיך אין שטוב, אָפגעגעסן אויף גיך. א טייל האבן פון מידקייט זיך געלייגט שלאָפן, בכדי אויסצורוען די מידע גלידער, צו דער מארגעדיקער ארבעט. א טייל האבן זיך אוועקגעזעצט ביי דער רויטער שיין פון נאכט-לעמפל, לייענען א ביכל, וועלכעס האט פארכאפט די יינגע פאַנטאזיעס און זיי ארייגעפירט אין לעבן פון די העלדן, אלץ מיטגעפילט, מיטגעלעבט, ביז א מידקייט האט זייערע מוסקולן באהערשט, די אויגן-לעדלעך האבן זיך אנגעהויבן אראָפצולאזן. א יינגער שטארקער שלאָף האט זיי פר׳שכור׳ט און פון דעם טאג אפגעטיילט. א טייל זענען אוועק אין די ארגאניזאציעס וואס זענען געווען רעשיק, לעבעדיק, ביז שפעט אין דער נאכט.

אין דעם הייפל איז געווארן אלץ שטילער און שטילער, די לעצטע ליכטלעך פון די נאַכט-לעמפעלעך האבן זיך געלאשן אין די פענסטער, די לעצטע לאָדנס האבן זיך מיט א גרילץ פון די פאַראָסדעטע זאַוויאַצעס, ווי פאַנצערס איבער די פענסטער אראָפ- געלאזט, א געדיכטע פינסטערניש האט אלץ אין אירע נאַכט־אָרעמס איינגעהילט, ביז אין באַגינען, ביז דעם ערשטן הענער-קריי.

דאנערשטאג, דער יריד־טאג איז פארביי, ווער עס האט זיך וואס אויף דעם מאַרק איינגעקויפט, צוגעגרייט אויף שבת און אויף

דער אנקומעדיקער וואָך, געבליבן איז בלויז דער פרייטיק, דער לעצטער טאג פון דער וואָך.

געשטעלט האט זיך דער פרייטיק אין הימל, נישט ווי געוויינלעך, נישט ווי יעדער טאג, ביי דעם ערשטן קרייען פון די הענער. ווען די נאכט האט אפגעטראטן דעם טאג איר קעניגרייך. ווען די ערשטע רויט־שאַרע פאַסן האבן זיך נידריק אויף מזרח באוויזן, האבן זיך די הימל בעלי־בתים אנגעהויבן צו וועקן. די לאָדן האבן זיך מיט א טראַסק געעפנט, נאכציִענדיק נאך זיך די סוואָרזשאַנעס, א קאלטע פרי־מארגן לופט האט א יאָג געטאן דורך דעם צעעפנטן פענסטער, וועלכעס איז באלד פארמאכט געווארן פאר דער פרישער לופט, פאר מורא די קינדער זאלן זיך חלילה נישט פארקילן. די נאכטיקע שטיקעדיקע שטובן־לופט, האט ווידער די פענסטער־גלעזער פארהויכט ווי אונטער א נעפל, דאס רויטע פייערל פון קאַגאַניקל אויף דער קאַפּע, האט אויסגעזען קעגן אנטשטייענדיקן טאג, ווי א הענגעדיקע פייער־פונק.

די מארגנדיקע העלקייט האט אלץ מער און מער, פארגאסן די שטוביקע טונקלקייט, די קולות פון די קוקאַווקע וואס האט זיך געזעצט אויף דעם אלטן באַרן־בוים, האבן געוועקט די איינוווינער ווי צו א מאָרגן תפילה.

בעלי־בית׳טעס שטייען אויף, די טעכטער נאך זיי, דער מאַן נאכן לייגן טלית און תפילין, צעהאקט האָלץ אין אויוון אריין, די בעל־הבית׳טעס דעקן אָפּ פון די דייזעס די קישנס ווו זיי האבן ראָשציִנעט דאס ברויט אויף דער צווייטער וואָך און נעמען עס איבערקנעטן, די טעכטער, קנעטן דאס טייג פאר די חלות און מאָנקיכלעך, עס ברענט זיך שוין אין די אויוונס, א רויטער פלאַם פון טרוקענער סאָסנע־האָלץ, צעלייגט זיך איבער די האלב־רונדע סקלעפּיעניעס פון אויוון און טראגט זיך ארויס דורך די טירלעך, אין קוימען אריין, אין דרויסן מאכט דאס הייפל אן איינדרוק, ווי

א ריזיקער אינדוסטריע צענטער, מיט צענדליקער קוימענס, פון וועלכע עס טראגן זיך געדיכטע וואָלקנס רויך אין די הימלען הויכן. א געשמאקע ווארעמקייט הילט איין די וווינונגען, דאס קליינ־וואַרק איז שוין אויפגעשטאנען, זיך געוואשן, געזאגט ברכה און זיך געקליבן אין חדר אריין, — מיטנעמענדיק פריש געבאַקענע פּאָפּלינקעס.

אבער נישט אומעטום האט די פרייטיק זאטקייט און פריי־לעכקייט געהערשט, דאס האט מען געקענט זען אפילו אין דרויסן. עס איז געווען געווען א קוק צו טאן אויפן קוימען, און באלד האט מען זיך געקענט איבערצייגן, ביי וועמען דער שבת וועט זיין נישט קיין פריילעכער. אין די שטובן איז מען נישט אויפגעשטאנען אזוי פרי, די טירן און פענסטער זענען געווען פארמאכט. די קינדערלעך זענען געגאנגען אין חדר הונגעריק און פארזארגט נישט מיטנעמענדיק פאר דעם מלמד דעם שכר־לימוד, מורא האבנדיק ער זאל נישט אהיים שיקן, די דאזיקע בעלי־בתים זענען ווי שולדיקע, גאנץ פרי ארויס פון די שטיבן, ווי מורא האבענדיק אז זיי וועלן עפעס פארזאָמען.

מיטאג צייט, האבן די בעלי־בית׳טעס אונטערגעהייצט די קיכן. אין די פייערקעס ארייגעשטעלט טעפּ מיט וואסער, עס זאל מאכן אן איינדרוק, אז עס קאָכט זיך, אויב וועלכע שכנ׳טע וועט ארייג־קומען אויסגעפינען דעם מצב, כלומרשט, אן עצה האלטן, זאל זי נישט דערקענען וואס אין שטוב טוט זיך. דאס איז ליידער נישט געלונגען, ווייל מיט דעם זעלבן מיטל, האבן זיך זייער פיל שכנים באנוצט.

אזוי האט מען אויסגעקוקט, אזוי האט באַומרויקט יעדער שאָרך פון דער טיר. האט וועמען אָפגעגליקט, דער בעל־הבית, האט מיטאג צייט, אפילו א זייגער צוויי, דריי, געקראָגן א פּאָר זלאטעס געבאָרגט, אדער פארזעצט א משכון, האבן זיך די בעל־הבית׳טעס מיט זייערע געהילפן, ווי אָטאָמאַטן איינגעשאַלטעט.

עס איז באלד געווען ברויט, חלה, הערינג און ליכט, עס האט זיך שוין געקאָכט, בעבעלעך, רייז אדער קאַשע.

מען האט קודם איבערגעביסן, די נשמה צו דערהאלטן. די געמיטער האבן זיך געענדערט, די שטובן אויסגעקערט, אויפ־געררוימט, מיט די טעפּ וואסער, די קינדער אָפּגעצוואגן. מען האט גלייך מיט אלע אפילו ליכט געבענשט.

פון דאווענען זענען אלע בעלי־בתים געקומען גלייך און מיט א „גוטן שבת" איז יעדער אריין צו זיך אין שטוב. די ליכט האבן פריילעך געברענט, שבת׳דיק, באלד האט זיך געהערט א התלהבות׳דיקער „שלום עליכם, מלאכי השרת, מלאכי עליון". יעדעסווארט האט ווי א פלאַם אנגעצונדען... פעלזן גערירט, און באלד „אשת חיל מי ימצא". זי די אשת־חיל פון דער אָרעמער יידישער שטוב, איז געזעסן ווי נאך אן אָפּגעהאלטענעם נצחון, דערשעפּט, פארמאטערט. איר אָטעם האט שטיל באוויגן איר איינגעפאַלענעם ברוסט־קאַסטן. א טרער איז לאנגזאם ארויסגעפאלן פון איר אויג־ווינקל, ווען זי האט געהערט דעם לויב־געזאנג פון איר מאן צו דער „אשת חייל". אבער שבת טאר מען נישט זיין טרויעריק. א בעסערער שבת! א ערגערער שבת! דאך שבת. ווען נישט קיין פיש, איז הערינג אויך אן עסן, און טאקע צווישן דעם הערינג און קליסקאלעך מיט בעבעלעך א ביסל זמירות „מנוחה ושמחה אור ליהודים, יום שבתון יום מחמדים" און קליינוואַרק העלפט אונטער. מען פארגעסט ביי וואס פאר א טיש מען זיצט.

אזוי איז אוועק טאג נאך טאג, וואָך נאך וואָך, די הייסע זומערדיקע זון האט געבראָטן די לייבער, פון די מאָגערע הייפל איינוווינער, וועלכע האבן געזוכט אין די פרייע מינוטן פון טאָג אן אָפּרו אין שאָטן, ביי דעם טייך צווישן די קוסטעס אוןביימער.

אמערסטן, האבן פון דעם אָפּרו געגאסן נאר יינגע מענטשן און קינדער. עלטערע האבן זיך דעם לוקסוס נישט געקענט דער־

לויבן, צוליב מאַנגל אין צייט און וועלכער בעל־הבית׳ישער־ייד באָדט זיך צוזאמען מיט יינגוואַרק אין מיטן העלן טאָג ! יידן פלעגן פארנאכט אראָפּ צום טייך, זיך שנעל אונטערגעטונקט עטלעכע מאָל, פון דער באָרד און פיאות האבן געטריפט טראָפּנס וואסער און אזוי אריין צו מנחה־מעריב.

די טעג זענען געווען נאך צודערליידן, אבער די נעכט זענען געווען מאַטערנדיקע. די ענגע וווינונגען, וואס זענען אממייסטנס באשטאנען פון איין צימער מיט א פעדער־הייזל, ווו די גרויסע קיך און דער אויוון מיטן פּיעקולעק האבן פארנומען א דריטל פון צימער, אָן שום מענטשלעכע באקוועמלעכקייטן.

אין די וווינונגען, איז אייביק געהאנגען א געדיכטע שטיקנדע לופט, וועלכע האט געדינט ווי שפּייז און מערונג פאר פארשיי־דענע אינזעקטן.

ביזן אויסלעשן דעם נאַפט־לאָמפּ, האבן די שווארצע זלודנע פליגן מיט זייערע ראַציקע פיס און באוועגלעכע פּיסקעס, געריסן שטיקער פון די שלאָפענדיקע קינדער. הונדערטער ברוינע לאנג־וואָנסעדיקע פרוסאַקעס, האבן באלאגערט דעם אויוון, די קיך־ווינק־לען און די קאָפּע ווי א היישעריק.

די קינדער, צוזאמענגעדריקטע, צופוסנס און צוקאָפּנס אין די באַנק־בעטלעך, אדער אויף די געלעגערס אויסגעבעט אויף די ברעטער פון באַנק־בעטלעך, האבן זיך געוועקט, געווארפן אין שלאָף, שרייענדיק, עס בייסט, מאמע עס בייסט ! ווען די מוטער האט ארויפגעדרייט דעם נאַכט־לאָמפּ, האבן זיך כמאַרעס רויט־בייכיקע, אויסגעפּרעסענע וואַנצן, אנגעהויבן צעלויפן איבערן בעט־געוואנט, אין די לעכער אריין. ווען עס איז נאר פינסטער געווארן, האט די זויסטע פלאָג ווידער געצויגן און געצאַפּט פון די בלוט־אָרעמע קינדערשע קערפּערס, ביז זיי זענען מידע, גלייכגילטיק, אריין אין שיכרות פון שלאָף, נישט פילנדיק מער דעם פּיין.

אין דער פרי זענען די קינדער אויפגעשטאנען, מיט רויטע אָנגעביסענע און צעקראַצטע קערפּערלעך ביז בלוט, מיט גראָבע אנגעשוואלענע ליפּן אדער אויגן.

דער זומער מיט זיינע הייסע טעג, האט זיך שוין געפילט ביי ענדע, די תבואה פעלדער ארום דער שטאט, זענען שוין געווען געראַמט, די פויערן האבן די אָפּגעשניטענע תבואה, געבונדן אין סנאָפּעס, הויכע אנגעלייגטע וועגענער איבערגעבונדן און פארצויגן אין מיט א דראָנג — אָפּגעפירט אין די ווירטשאפטן, בלויז די שטע־כיקע אָפּגעשניטענע שטרוי, ווי פארגעלבטע דראָטן־עקן האבן ארויסגעשטארצט פון דער שווארצער ערד.

א קאלטער בייסיקער הערבסט ווינט, האט שוין אנגעהויבן אין די אָוונטן צו בלאזן, מיטרייסנדיק די רעשטלעך פארגעלטע בלעטער פון די קאַשטאַן־ביימער און סעדער. אויף דער אַלטער באַרן־בוים אין הייפל, האט זיין אויסזען פארלוירן. זיינע שצערפּקע קליינע גרינע באַרנדלעך, האבן די קינדער שוין פון לאנג מיט שטיינער אָראפּגעהאקט, אריינגעלייגט אין שטרוי, געמאכט לעזשיל־קעס. קיין בינען האבן שוין מער איבער זיין קרוין נישט געזשומעט, די קוקאַווקע, האט איר געזאנג אין די פרי־מאָרגנס, מער נישט אויסגעזונגען. ער האט אויסגעזען רחמנות׳דיק, ווי א פארלאזענער זקן פון זיינע קינדער.

פון צייט צו צייט, האט זיך אויף זיינער א צווייג ארויפ־געשטעלט א שווארצע קראָ, צוהאלטנדיק זיך מיט אירע שווארצע שפּיציקע שפּאָרן. אויסציענדיק איר שווארץ באפעדערטן האלדז, האט זיך איר פּיסקל צעעפנט מיט א רעשיק געשריי, ביז קליינוואַרק האט איר א שטיין דערלאנגט, האט זי צעשפּרייט אירע שוואַרצע פליגל און אוועקגעפלויגן.

אויף די הייפל־קעץ האבן צווישן זיינע צווייגן זייער שפּיל־פּלאַץ באַקומען, שפּרינגענדיק פון איין צווייג אויף דער צווייטער,

אדער א פארהונגערט פערד, האט מיט זיינע אַלט-פארגעלטע ציין די קאָרע, ביז דעם האָלץ אָפּגעגריזשעט. א טרויעריקער אומעט האט דאס הייפל ארומגעצוומען.

דער ראש־השנה איז פארביי, דער יום הכפור האט אנ- געיאגט מ׳ט שנעלע טריט, די הייפל איינוווינער, פארזארגטע, פאר׳דאגה׳טע, איינגעהילטע אין שרעק און פחד פאר דעם יום־ הדין, האבן פארענדערט די פנים׳ער, מען האט זיך געשראקן פאר יעדער באוועגונג, פאר דעם אייגענעם שאָטן.

ערב יום־כפור צום פארפאסטן, ווען די מענער זענען א היימגעקומען פון מנחה, איז די שטימונג אין די שטיבן געווען א געדריקטע, מען האט שנעל געגרייט די טישן, אָפּצועסן דאס מאָלצייט צום פארפאַסטן, איינער האט דעם צווייטן אונטערגעיאָגט וואס שנעלער, מען זאל חלילה נישט פארשפעטיקן צו כל־נדרי, די קינדערלעך האבן אראפגעראמט פון די טישן, געטרונקען זיבן שליק וואַסער — א סגילה דער דורשט זאל נישט מאטערן — די מיידלעך האבן שנעל געוואשן דאס געשיר, די מוטער האט אריינגעשטעלט די ליכט אין די לייכטער.

אלץ איז געבליבן ווי אין אָפּווארטונג, א הייליקע שטילקייט האט די שטיבן איינגעהילט, די מענטשן האבן זיך דערהויבן צו די גרעסטע הייכן פון געטלעכקייט, זיי האבן אין די מינוטן מוסר געוועז זייערע נשמות, זיך אין גאנצן, ווי זיי וואלטן מער נישט געהערט צו זיך.

ווען די מוטער האט אָפּגעדעקט דאס פנים פון אירע הענט, און אירע רויט פארוויינטע אויגן האבן זיך אָפּגעריסן פון די ברענענדיקע ליכט אין די לייכטער, האט א יאמערלעך געוויין פון דער גאנצער משפחה זיך געריסן דורך ווענט, טירן און פענסטער, זיך איבערגעטראגן פון הויז צו הויז, פון שטוב צו שטוב, קוואַלן פון טרערן האבן געוואשן די קעפעלעך פון די קינדערלעך. הייסע

פאטערלעכע און מוטערלעכע הענט האבן די שפעלעך צו זיך געדריקט, מיט האַרץ און נשמה געבענטשט און געבעטן דעם איינציקן באשעפער, ער זאל זיי חלילה נישט שיידן, נישט פאר׳יתומ׳ן, נישט פארשעמען, קיין שונאים זאלן אין זיי נישט דערפרייט ווערן, זיי זאלן נישט בלייבן צו שאנד און צו שפּאָט.

די געוויינען ביים בענטשן די קינדער האבן הימלען געריסן, די פארבלוטיקטע אָנגעווייטיקטע הערצער פון טאטע-מאמע, האבן זייערע ווונדן פון א גאנץ יאָר געעפנט, עס האט זיך זיי אויסגעוויזן, ווי נאר אין די מאמענטן — אין די הייליקע מינוטן זענען זיי אימשטאנד, פאר זייערע עופה׳לעך, פאר זייערע אָנגעליטענע פארהונגערטע קינדערלעך, אלדעס-גוטס אויסצובעטן. מען האט געוויינט, ספּאַזמירט, גע׳חלש׳ט, מיט די לעצטע טרערן און ציטער פון דער נשמה. ביז דער טאטע האט זיינע רויטע אויגן אויסגעווישט מיט דער פארטשיילע וואס ער האט געהאט אין בוזעם פון קיטל. פארבייגייענדיק דער מוטער האט ער געטון א מורמל, שוין געגוג יידענע, מיר וועלן גיין אין א גליקלעכער שעה. די טיר האט זיך געעפנט, דער פאטער האט געקושט די מזוזה, נאך אים די מוטער און די קליינוואַרג האבן געטראגן די טליתים און מחזורים.

די זון האט זיך רויט געזעצט, א קאלטער אָוונט האט דאס הייפל איינגעהילט, דער וועג פון הייפל ביז דעם בית־המדרש, איז געווען געפלאסטערט מיט טרערן און ברכה׳ס, וואס טרעפנדיקע שכנות האבן זיך געווונטשן און געוויינט.

די זון איז שוין פארגאנגען אונטערן האָריזאנט, פינקלדיקע ווייטע שטערנדלעך האבן זיך פון אונטער די לייכטע וואָלקנדלעך ארויסגערוקט און געשאנקען פאר אונזער וועלטל זייער שיין, דארט אין די שולן, שטיבלעך און בתי־מדרשים, זענען געשטאנען יידן געהילט אין טלית און קיטל, צווישן הויכע וואַקסענע יזכור־ליכט, פאר הייליקע, נאָענטע נשמות און מיט געטלעכער הייליקייט

צוזאמען מיט דעם חזן געזאגט כל־נדרי, דער האַרציקער מאָטיוו האט אַלץ צוזאמענגעשמאָלצן, פארברידערט, יינג און אַלט, נאָנט און ווייט, אפילו די קריסטן אין פּויליש (פעדער־הויז) ביי דער טיר, זענען געקומען די הייליקייט באַוווּנדערן, די שטילע יום־כפּור נאכט, דעם הייליקן יום־טוב.

אויך סוכות, דער שייד־יום־טוב פון הערבסט איז פאַרביי, ווינטן בייסיקע, קאַלטע, האָבן געהוילעט פון די לאָנקעס איבערן הייפל, דורכרייסנדיק זיך דורך די לעכער פון אראָפּגעפאַלענעם קיט פון די שויבן, און דורך די פאַרפוילטע שינדל פונם דאַך, אין בוידעם אריין, ווו זיין פייפן איבער דער סטעליע, האט אָנגע־וואָרפן א שרעק אויף די קינדער.

די פרי־מאָרגנס זענען געווען גרויע, קאַלטע, א זילבער־ווייסער פראָסט האט זיך צעשפּרייט איבער די דעכער, די בלאָטעס זענען פאַרפרוירן אין פעלזיקע גרודעס, אויך אין די רינשטאָקן, איז איבער די אומריינקייטן וואס מען האט ארויסגעגאָסן אין די פרי־מאָרגנס, פאַרצויגן א לייכט אייז־הייטל, ווי קליינוואַרג, האט גיי־ענדיק אין חדר אריין, זיך פריילעך געגליטשט אויף די פּאָדקאָוועס פון די שיך.

א זייגער צען—עלף, ווען די נידריקע ווינטער זון האט צעשפּרייט אירע שוואַכע שטראַלן, האט זיך דער פראָסט אויף די דעכער געבראָכן, ער האט אנגעהויבן ווייגען מיט גרויסע בלאַנ־קענדע וואַסער־טראָפּנס, שאפנדיק קליינע מוטנע קאַלוזשעס וואסער, אין זיי האבן די בעלי־בתים פאַרמיטאַג, צעמישט א גצלן קלעפּיקן ליים, פאַרשטופּט אַלע שפּאַרעס מיט פּאַקולעס, און פון אויבן פאַרקלעפּט מיט ליים, פאַרמאכט יעדער עפענונג, ווו די קעלט קען נאר אריינ־דרינגען. די ארבעטן האבן זיך געצויגן ביז אין די פאַרנאכטן, ביז די שפּיץ־פינגער, האבן דערפילט דעם בייסיקן פראָסט, ווען עס האט אָנגעהויבן שטעכן ווי מיט דינע נאָדלען אונטער די נעגל, האט מען

אלץ געלאָזט, אָנגעהויכט די הענט און איילִיק אריין אין שטוב.

דאס גאנצע בני־בית, האט מען געקענט טרעפן ארום דער גרויסער קיך, די מוטערס, זענען געזעסן אנטקעגן דעם אָפענעם טירל, פון וואנען עס האט זיך פון צייט צו צייט ארויסגעריסן א וואָלקן רויך וואס דער ווינט האט צוריקגעיאָגט פון די לופטן, און זיך געוואַרעמט די קניען און די הענט, רייבענדיק איינער אין דער צווייטער. דאס נאַסע צווייגן־האָלץ האט געזאָטן, ארויסזעצנדיק פון זיינע עקן א געלע שמוציקע פליסיקייט.

די טונקלקייט אין די שטובן זענען געדיכטער געווארן, א רויטער פלאַמען־פלעך, האט פון אָפענעם טירל זיך אָפגעשלאגן אויף דער דערבייאיקער וואנט, דער פאטער האט די הענט געוואשן און גענומען דאווענען מנחה, דאס קליינוואַרג, האט ביי דער צייט געבראָטן רעדעלעך פון געשניטענע קאַרטאָפל. עסנדיק זיי הייסע, האבן זיי זיך אָפגעבריט די ליפן מיט דער צונג.

נאך מנחה־מעריב האט מען אָנגעצונדן דעם נאַפט־לאָמפ און מען איז געגאנגען עסן וויעטשערע (נאַכטמאל), אויף די פענסטער האבן זיך דערוויילט, ווי נישט באמערקט, אָנגעהויבן מאָלן פארשידענע פראסטיקע קווייטן און בלעטער, זיי זענען געווארן פון מינוט צו מינוט ווי סאַמעט, פוכקער און ווייסער, דער פראסט האט זיך אנגעהויבן שפירן אין די שוואַך־באהייצטע שטובן. אין דרויסן אויף די עקן פון די דעכער, זענען געהאנגען לאַנגע שפיציקע אייז־צעפּ ווי די שפיזן, אזוי איז דאס הייפל איינגעשלאפן געווארן, אנטלויפנדיק פון דער בייזערווירקלעכקייט, ביז דעם ערשטן הענער־קריי, ביז פרי־מארגן, האט זיך א נייע וועלט אַנטפּלעקט. דער ווינטער אין זיין פולער ווידערגעבורט ווי א ווייסער בלענדענ־דיקער טיפער שניי, האט זיך ווי א טעפּיך אויסגעפלאסטערט, האט ער אלץ מיט זיין ווייסיקייט צוגעדעקט, און אומעטום זיך ארייגעריסן, ווייטע קלאנגען פון די גלעקלעך, וואס זענען געהאנגען איבער

די פערדס העלדזער, ציענדיק די ערשטע שליטענס, האבן זיך צום הייפל דערטראגן, פאר וועמען דער ערשטער זויבערער שניי האט לוסט און פרייד געברענגט. אונדזער הייפל, האט ער אפגעשויט, פארשלאסן, ווי פון לעבן אוועקגעריסן, פארמאכטע לאדן, פארפרוירענע פענסטער, דורך דער טיר איז מען ביים עפענען אדורכגעלאפן, די קעלט זאל נישט אריין. שטיל ווי אויף א בית־הקברות. בלויז אויבן פון הייפל, ווי פון די נידריקע צוזאמענגעוואקסענע הייזלעך, האבן שוואכע וואלקנדלעך העל־בלויען רויך דורך זייערע קוימענס זיך הויך געטראגן, איז געשטאנען דער אלטער באַרןבוים. אויף זיינע צווייגן האט ער געטראגן, אנשטאט די קליינע גרינע שצערפקע באַרנדלעך און בלעטער, א פוכיק ווייסן שניי.

דאס איז געווען משה שטאקס הויף, די נעסט פון נויט.

אזוי האט מען דא געלעבט, דערפאר גאט געדאנקט. דא געבוירן, דערצויגן געווארן, מיט מי און שווייס חיונה געצויגן, דורכגעלעבט א ענג וועלטל, צווישן געציילטע שפאַנען און מענטשן, ביז די היטלער מערדער האבן אלץ און אלעמען פארניכטעט.

בראון שמואל

---

# די ערשטע טעג מיט די דייטשן

ווען איך הייב זיך אן דערמאנען, ווי אזוי אונזער טייערע שטאט בילגוריי האט אויסגעזען און וואס מען האט פון איר געמאכט, ווערט אין מיר דאס בלוט פארגליווערט.

א שטאט מיט אזעלכע טייערע אינסטיטוציעס, דער חדר „יסודי התורה", א־ישיבה מיט העכער הונדערט קינדער, וואס די שטאט האט זיי אויסגעהאלטן בכבוד.

די חסידישע יידן, מיטן רב ר' מרדכי רוקח זצ"ל, דאס רודניקער שטיבל מיט אירע טייערע יידן, די הארמאַן'ס, ר' לוי שטערן און אנדערע, דאס גערער שטיבל, מיט אזעלכע טייערע יידן, ווי נחום וואגנער, מיט זיינע יידישע קינדער. אהרן וויינבערג, חנוך ראטענבערג, חנוך לייכטער, ישראל'קע וויינבערג און אנדערע, יידן לומדים. גרויסע בעלי־צדקה, געהאלפן און געווען גרייט צו העלפן יעדן נויטבאדערפטיקן ייד אין שטאט.

ווען איך בין אנטלאפן פון בילגוריי, האב איך אין שיניאַווע געטראפן דעם ראש־ישיבה פון בילגוריי ר' יעקב אליעזר גאלדבערגער, ער האט זייער געוויינט אויף דעם גרויסן חורבן. דער קול־התורה וואס מען האט געהערט אין בילגוריי כמעט די גאנצע 24 שעה אין מעת־לעת, איז איבערגעריסן געווארן.

•

באלד ווי די דייטשע מערדער זענען אריין אין בילגוריי, האבן זיי אָנגעווארפן א שרעקלעכן פחד אויף דער יידישער באפעלקערונג, מען האט געכאַפט אויף ארבעט און דערביי מערדערלעך געשלאגן.

א געוויסן פארנאכט כאַפט מען אויף אַרבעט און איך בתוכם,

א ס.ס. מאן שטעלט אונז אויס, און פירט אונז אין מיליטערישער אָרדענונג ביז אין הויף פון דער סטאַראָסטווע.

דארט האב איך געטראפן יידן. יינגע און גאנץ אלטע, זיי האבן געטראָגן מיסט מיט די בלויזע הענט, וואס צווייטע האבן עס צוזאמענגעקערט אויפן הויף. די דייטשן האבן שטארק געיאָגט די יידן, עס האט אויסגעזען ווי צווישן מלאכי־חבלה. איך האב אויך געכאַפּט מיסט מיט די הענט און בין געלאָפן הין און צוריק.

די ס.ס. מערדער האבן זיך אויסגעשטעלט אין צוויי שורות און מיר האבן געמוזט אדורכגיין מיטן מיסט צווישן זיי און יעדן איינעם האבן זיי באגלייט מיט א קאָפּ אין דער זייט און דערביי געלאַכט:

איך האב זיך עפּעס אדורכגעדרייט, אזוי אז מיר האבן זיי נישט געטראפן, לסוף רופט זיך אָן איין ס.ס. — אָנווייזנדיק אויף מיר — אָט דער הונדע, האט נאך נישט באקומען, ער איז צו מיר צו מיט א ווילדן כעס און מיר דערלאַנגט א קאָפּ אין בויך, אז נאך 5 חדשים האב איך אים נאך געשפירט.

שפעטער האט מען מיך, מיט יעקב צוועקן צוגענומען, זיי האבן אונז געגעבן אַ קליין העקעלע. און מיט דעם האבן מיר געמוזט צעהאקן א פעסטע דאָמבינע שראַנק.

די ס.ס. האבן זיך געדרייט הין און צוריק און מיר זענען געזעסן אין גרויס פחד. פלוצים קומט צו איינער און זאגט. וויסן זי יודע, דאס אלע יודן מוזן געשאסן ווערן. הייבט זיך אָן יעקל צוועקן בעטן, אז ער האט א פרוי מיט קליינע קינדער, ענטפערט אים דער דייטש מיט א געלעכטער, דאַס מאכט נישט, אויך די פרויען מיט די קליינע קינדער מוזן גיין קאַפּוט.

איך האט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אז דאס זאל זיין ריכטיק. אבער ליידער האט עס די צייט גצוויזן, זיי, די דייטשן ימ״ש, האבן אומגעבראכט זעקס מיליאָן יידן הי״ד.

דויד־משע בריק.

• לויטן רוסיש-צאַרישן געזעץ, האט יעדער מלמד געמוזט האבן אן ערלויבעניש צו פירן א חדר, אבער נישט אלע מלמדים אין שטאט האבן די דערלויבעניש געהאט.

די מלמדים וועלכע האבן געהאט די דערלויבניש אויפן חדר האבן פאר-אפאָר רובל, שוין עטלעכע טעג פריער געוווּסט אז דער שול-אינספעקטאָר פון לובלין קומט אויף א באַזוך קיין בילגוריי.

מען האט אין גרויס איילעניש מיט דער הילף פון אלע חדר-יינגלעך די פּאָדלאָגעס מיט רידל און מעסער געריבן און געוואַשן, מען האט פון בוידעם אראָפּגענומען דעם קיסרס בילד מיט דער דאָסקע (לוח), אָפּגעווישט פון דעם שטויב וואס איז געווען אויף זיי פון דער גאנצער צייט, פון איין באזוך צום צווייטן.

דעם מלמד האט געלערנט מיט די קינדער פון א פּאַפּיר געשריבן מיט יידישע אותיות דעם „באָזשע צאַראַ כראַני״ — דער מלמד אליין האט אויך נישט געקענט די רוסישע שפּראַך.

ווען דער אינספעקטאָר איז אריין, האט דער מלמד מיט די חדר-יינגלעך אָפּגעזונגען דעם מזמור, וואס איין ווארט האט זיך נישט געקלעפּט צום צווייטן און ער איז אוועק.

---

# לייביש מלמד

קליינע יינגלעך אז זיי זענען אַלט געווארן דריי יאָר, פלעגן זיי מוטערס פירן אין חדר צו ר׳ לייבישן דעם דרדק מלמד, וואס האט געוווינט אין מאַרק נעבן די יאַטקעס.

זיין זון, משה׳לע בעלפער (ביי־הילפער), האט גענומען דאס קינד, ארונטערגעזעצט עס צווישן די קינדערלעך און דערביי אלע געטיילט צוקערלעך.

ר׳ לייביש, א ייד זקן, אין מיטעלער וווקס, מיט א ווייסער באָרד, וואס אין מיטן איז נאך געווען צו באמערקן עפעס שוואַרצע האָר, וואס האבן געבלישטשעט אַנטקעגן דער זון, מיט א פאָר ברילן צוגעבונדן מיט צוויי שטריקלעך, זענען געריטן אויף זיין נאָז, ער איז געזעסן אויף א ביינקל אויבנאָן מיט א ביינערנעם־טייטל אין האנט און פוןביידע זייטן טיש זענען געזעסן אויסגעזעצט קליינע קינדערלעך, ווו ער האט מיט זיי הויך אויפן קול געלערנט, מיט א שיינעם קלינגעדיקן ניגון. אָט אזוי זאגט א יינגעלע אָלף, אָט אזוי זאגט א יינגעלע בית. יעדעס מאָל האט א צווייט קינד באקומען א שטאָך מיטן טייטל, פאר נישט נאכזאגן דעם אָלף־בית.

אין דער צווייטער זייט שטוב האט זיך געברענט דער אויוון ווי אין א גיהנם, זיינע ברענעדיקע פלאַמען האבן אָפגעשפיגלט אויף די שווארצע ווענט, ביי וועלכן עס איז געשטאנען זיין פרוי (די רביצן), געבאַקן די ספעציעלע צוקער־קיכלעך פאר זויג־קינדער. זי פלעגט אויך באַקן פארשידענע אויסגעשניצטע קיכלעך און זיי פאַרבן מיט פארשידענע קאָלירן.

יעדעס מאָל פלעגט זי נעמען א צווייט קינד, געבן אים צו שניידן מיט די בלעכענע פאָרמען, פייגעלעך, הינטלעך און אנדערע זאַכן, שפעטער פלעגט זי עס באַקן און איר טאכטער לאה פלעגט עס פארקויפן אין די געוועלבער.

זיין זון משה׳לע, פלעגט ברענגען די קינדער אין חדר און זיי אָפּפירן אַהיים. ווען אַ פרוי אין שטאָט האָט געבוירן אַ יינגל, פלעגט מען מודיע זיין משה׳לען, און ער פלעגט באלד ברענגען זכר־קוויטלעך פאר שמירה און זיי אויסקלעפּן אין שטוב. יעדן פאר־נאכט פלעגט ער צוזאמענעמען דאס גאנצע חדר, זיי אויסשטעלן אין שורות און גיין מיט זיי קריאת־שמע לייענען.

ארייננקומענדיק, פלעגט משה׳לע געבן אַ געשריי, אַ גוטן־אָוונט, דעם קליינעם יינגעלע, מזל־טוב, און אלע קינדערלעך נאך אים.

נאכן אָפּליינען די קריאת־שמע, האט משה׳לע פארטיילט די קינדערלעך קיכעלעך אדער צוקערלעך און ווייטער געגעבן אַ געשריי אַ גוטע נאַכט דעם קליינעם יינגעלע און אלע קינדערלעך נאך אים. אזוי האט משה׳לע אָפּגעפּראַוועט אַכט טעג, ביזן ברית־מילה.

ביינאכט, פלעגט משה׳לע גיין לערנען מיט מיידלעך דאַווענען אדער צעטראָגן חתונה־קאַרטן. סוכות, פלעגט ער גיין מיטן אתרוג צו די פרויען, זיי זאלן אתרוג בענטשן. שמחת־תורה, פלעגט ער פאַרקויפן פענער פאר קליינע קינדער. פורים, פלעגט ער טראָגן שלח־מנות, פון איין בעל־הבית צום צווייטן. און פון דעם אלעם, איז ער געווען אַ גרויסער קבצן.

א. כרמי

---

# יעקל מלמד

ר׳ יעקל מלמד איז געווען א ייד א הויכער, זייער א דאַרער, פלעגט ארומגיין אין א לאנגען כאַלאַט ביז די קנעכלעך פון די פיס און זייער א באַשיידענער מענטש. א ייד אין די זיבעציקער, מיט א טונקל־געל בערדל, האט ער אויסגעזען ווי פון עטלעכע פערציק. ער איז אויך געווען א דרדק מלמד, אבער שוין פון א העכערער מדרגה. ער האט שוין געלערנט האַלב־טראַף און גאַנץ־טראַף (ניקוד). ער האט לאַנגע יארן געוווינט אין חנינה׳ס הויז מיטן גרויסן הויף, ווו די קינדער פלעגן זיך גערן שפילן.

ביי אים פלעגן לערנען די רייכערע קינדער און זיינע בעלי־בתים פלעגן אים זייער מהנה זיין.

די קינדער פלעגן ביי אים גערן לערנען. ער האט נישט געהאט קיין קאַנטשיק און נישט קיין טייטל. ער פלעגט מיט די קינדערלעך לערנען, פשוט זיך בעטן ביי זיי. נו, קינדערלעך! זאָגטשע שוין אַלע, קמץ אָלף אָ, קמץ ב באָ, און די קינדערלעך פלעגן אים טאקע נאָכזאגן מיט זייערע קלינגעדיקע קולכעלעך.

ער האט געהאט א ספּעציעלן מעטאָד. במשך א קורצער צייט פלעגט ער אויסלערנען די קינדער, זיי זאלן זאגן עברי ווי א וואַסער.

יעקל מלמד פלעגט אויך גיין מיט די קינדער קריאת־שמע לייענען. אבער שטיל זייער באשיידן.

אין די לעצטע יאָרן, האט ער קיין פרוי נישט געהאט, פלעגט ער זיך אויסהאלטן ביי זיינע בעלי־בתים, פון די קינדער מיט וועלכע ער האט געלערנט.

א. קראנענבערג

# איצעלע מלמד

ער איז געווען א נידריקער מיט א שיינער הדרת־פנים׳דיקער באָרד, געוווינט קעגן דעם בית־המדרש, ער האט זיין מלומדת געפירט שוין א ביסל מאָדערנע, געלערנט מיט די קינדער אין כיתות, ער פלעגט ארומשפאַצירן איבערן צימער מיטן קאנטשיק אונטערן אָרעם און לערנען מיט א קלינגעדיקן ניגון חומש מיט רש״י, ויאמר, ער האט געזאגט, ה׳, גאָט, אל, צו, משה, איינער האט געהייסן משה, און אזוי ווייטער.

ער האט גוט אכטונג געגעבן, אז די קינדער זאלן אים נאָכזאגן, ווער עס האט נישט פינקטלעך נאכגעזאגט, פלעגט באקומען מיטן קאנטשיק.

ביי אים פלעגן קינדער ליב האבן צו לערנען, ווייל ער פלעגט זייער ווייניק לערנען, ער איז געווען דער איינציקער מוכר־ספרים אין שטאט, ווו מען פלעגט קריגן צו קויפן א סידור, א סליחה א קינה, א טייטש־חומש און פארשידענע מעשה־ביכלעך.

יעדן טאג, פלעגט ער אויסלייגן די גאנצע קראָם זיינע אין גרויסן בית־המדרש, איבער דער צייט פון דאווענען ביי אַלע מנינים. ערב ראש־השנה און יום־הכפור, פלעגט ער זיך פשוט קיין עצה נישט קענען געבן, ער פלעגט נעמען די עלטערע חדר־יינגלעך זיי זאלן אים צוהעלפן און פאר זיי איז דאס געווען א גרויסער כבוד.

זיין פרוי (די רביצן), א נידריק אויסגעדארטע, פלעגט ברענגען מילך פון די ארומיקע דערפער און פארקויפן צווישן די יידן אין שטאט.

פון דעם אלעם, האט ער געהאט פרנסה בדוחק.

א. כרמי

# איצי־מאיר מלמד

ער איז געווען א ייד א נידעריקער, מיט א ברייטער האַלבּ־גרויער באָרד. א שטערן פול מיט קנייטשן. זיין פּנים איז געווען געלב, ווי עס וואלט געווען פון וואַקס. פון מאָל צו מאָל פארהוסט ער זיך, לאַנגע יאָרן וואס ער לייט אויף אַסטמע, עטלעכע מאָל אין טאג נעמט ער א גלאָז וואסער, גיט אריין א גרויסע לעפּל סאָדע, מאכט א ברכה „שהכל״ און טרינקט. נאכן טרונקען גוט ער א גלעט איבער זיין בארד, ווי ער וואלט א גוט גלאָז משקה אויסגעטראנקען.

ר׳ איצי־מאיר, איז געווען א גמרא־מלמד, ער פלעגט שוין לערנען מיט די קינדער חומש מיט רש״י און א שטיקעלע שפתי־חכמים. ער פלעגט אויך לערנען יעדער וואָך א קאַפּיטל ספּאַרבּע (עשרים וארבע, נ״ך), וואס דאס איז דאַמאלט ביי די בילגורייער יידן נישט געווען קיין גלייכע זאַך. ער איז געווען א גרויסער מסביר.

לאנגע יארן האט ער געוווינט ביי די קלאָץ׳ס אין א קליין שטיבל, ווו דער גרויסער אויוון מיט דער קיך האבן פארנומען א העלפט. דאס צווייטע קליינע צימערל, וואס איז געווען ארויפּ־צוגיין מיט צוויי שטיגן, איז געווען דער שלאָף־צימער פאר זיין משפחה וואס איז באשטאנען פון 9 פּערזאָן.

דעם חדר האט ער געפירט אין דער קיך ווו עס איז גע־שטאנען א לאנגער טיש פון איין עק שטוב ביז דער צווייטער, באזעצט פון זיינע 30 תלמידים פון ביידע זייטן. און פון אויבנאָן איז געזעסן דער רבי מיטן קאַנטשיק אונטער אָרעם. כסדר א בייזער.

די רביצן (באַשעלע), איז געווען א אשת־חיל. זי פלעגט זיך אמאל געבן א נעם צום רבין מיט די תלמידים, הלמאי, זיי האבן נישט געברענגט קיין מלומד־געלד, קיין ראש־חודש־געלד. דערביי געשאָלטן מיט פאַרשידענע קללות. זי פלעגט דערביי געבן

א קלאַפּ אין טיש. זאלן זיי מיך אָפּטרעטן! דער רבי האט עס שוין נישט געקענט פארטראגן, האט ער געטאן א זאָג, יידענע, שוין גענוג.

פון דער קיך האט כסדר געזעצט א רויך מיט א פּאַרע צו־זאמען וווּ עס איז געשטאַנען די רביצן און געקאָכט דאס מיטאג אויף די פּיסלעך.

זומער, ווען מען פלעגט גיין פון חדר מיטאָג עסן, איז מען געלאפן זיך באדן אין טייך, דערווייל אריינגעכאַפּט אין א סאָד, אָפּגעריסן א ביסל עפּל, באַרנעס. אבער נישט איינמאל פלעגט טרעפן, אז וועלכעס יינגל פלעגט צוריקקומען אָן א היטל, אדער צעריסענע הויזן, פלעגט אפּנאַרן דעם רבין מיט פארשידענע תירוצים. דער רבי האט אבער פארשטאנען און אים מכבד געווען מיטן קאַנטשיק. יעדער פארנאכט, פלעגט איין חדר מיטן צווייטן פירן מלחמות. נישט איין בעל־הבית'טע פלעגט וויינען, אז די חדר־יינגלעך האבן איר דאס האלז צעטראגן.

פרייטיק האט מען געמוזט קענען דאס חומש פון אויסנ־ווייניק. ווער עס האט נאר געברענגט מלומד־געלד איז געווען פון די ערשטע און זענען אדורך בשלום, זיי פלעגט דער רבי, שבת נאכן פרק, גיין פארהערן דאס קינד צו זיינע עלטערן, דערביי געבן דעם קינד פארשידענע שבחים. קינדער, וואס האבן נישט געברעגט דאס מלומד־געלד זענען געווען די קרבנות.

פורים פלעגן די קינדער איינלייגן וועלטן, געבעטן ביי די עלטערן זיי זאלן שיקן שלח־מנות דעם מלמד.

גליקלעכע האבן די קינדער געטאן א מאַך אויף די טיר פון מלמד און זענען אריין מיטן שלח־מנות. ביים טיש איז געזעסן דער רבי מיט דער רביצן. זי האט גוט אכטונג געגעבן ווער פון די תלמידים עס האט קיין שלח־מנות נישט געבראכט. דערפאר האט דעם קינד קיין צרות א גאנץ יאר שוין נישט געפעלט.

כתהרי

# ר' טאַדיע מלמד

אין דער לובעלסקי גאַס. ארויפצוגיין מיט הויכע טרעפלעך האט געוווינט ר' טאָדיע, דער גמרא מלמד. ער איז געווען א ייד א הויכער מיט א ווייסער באָרד און לאנגע געדרייטע פיאות. געהאט א ברייט-געקנייטשן לומדישן שטערן. געטראגן ווייסע הויזן און זאָקן. ער איז געווען זייער א פרומער און ערלעכער ייד.

כסדר איז ער ארומגעגאנגען אין א טלית־קטן מיט לאנגע ציצות, כמעט ביז צו דער ערד און ער האט גערעדט א ליטווישן-יידיש.

ביים דאווענען פלעגט ער מאכן פארשיידענע העוויות. פלעגט קלאַפּן מיט די פויסטן אין די ווענט, פלעגט יעדעס מאָל געבן א שפרונג אין דער הויך כמעט אָנרירנדיק דעם באַלקן, און בכדי צו זיין זיכער, אז ער פארפעלט נישט קיין וואָרט אין דאווענען, פלעגט ער יעדער וואָרט זאגן עטלעכע מאָל.

ער האט קיינמאל נישט געוואלט האבן קיין גרויסן חדר. ער פלעגט לערנען גמרא מיט תוספות און אנדערע מפרשים. ווען ער פלעגט אריין מיט זיינע תלמידים אין א שווערער פלוגתא, פלעגט ער אָנהויבן זוכן אין אלע מפרשים. ער איז דאמאלט געווען אין די עולמות פון אביי ורבא, ער האט אזוי לאַנג געזוכט ביז ער האט דעם ריכטיקן תירוץ געפונען. דאמאלט פלעגט ער מיט זיין אַרבל פון ווייסן כאַלאַט אָפּווישן דעם שטערן און מיט א פריי-לעך פנים זאגן צו זיינע תלמידים, נו, מיר זענען ארויס.

בעת דער מלחמה צווישן פוילן מיט די באָל-שעוויקעס, זענען אדורכגעגאנגען דורך ר' טאָדיעס פענצטער עטלעכע פוילישע זעלנער. הערנדיק די געשרייען זענען זיי אריין אין שטוב. ר' טאָדיע איז געשטאנען און געדאוונט, געביילט מיט די פויסטן. די זעלנער, — מיינענדיק אַז ער שרייט אויף זיי, האבן

זיי אים געוואלט ארעסטירן, אבער נאך דעם ווי מען האט זיי די זאַך אויפגעקלערט האבן זיי אים באפרייט.

ר׳ טאָדיע פלעגט מאכן וויין. ער איז געווען דער פאר־זארגער פון דער שטאט מיט כשר׳ן וויין אויף שבת, צו קידוש.

פאר די ימים־טובים, פלעגט ר׳ טאָדיע מיט זיינע קינדער אויפזיין גאנצע נעכט און מאכן וויין.

ווער עס האט טאקע געוואלט האבן אביסל גוטן און כשר׳ן וויין אויף פסח, האט געקויפט ביי ר׳ טאָדיען.

ה. וואלאך

---

# ר׳ שמואל אליהו שווערדשארף

איינע פון די ליכטיקסטע געשטאלטן אין בילגוריי אין זיינער צייט, וואס איז געווען באוווסט מיט זיינע מעשים־טובים, איז בלי־ספק געווען ר׳ שמואל אליהו שווערדשארף.

ער האט געשטאַמט פון לובלין, א זון פון ר׳ אליעזר דער מחבר פונם ספר „דמשק אליעזר״ אויף דער הגדה של פסח און נאך חבורים, אן אייניקל פון ר׳ דובעריש היילפערן, וועלכער איז באַקאַנט אלס דער „לובלינער מגיד״. זיין פרוי אסתר איז געווען די טאכטער פון ר׳ יחזקאל תאומים—ווייגבערג פון בילגוריי, דער זון פון ר׳ לייביש זאַוואָכוואָסטער, וואס איז געווען דער ברודער פונם לייפניקער רב ר׳ ברוך, דער מחבר פון ספר „ברוך טעם״ און „עטרת חכמים״, וועמענס איידעם עס איז געווען ר׳ חיים האַלבערשטאַם פון צאַנז, דער באוווסטער צאַנזער רבי. די פרוי פון דערמאנטן ר׳ יחזקאל מאיר איז געווען די טאכטער פון בילגורייער רב ר׳ יצחק נתן נטע בערלינער, א זון פון בערלינער רב וועלכער איז געווען באקאנט אונטערן נאמען ר׳ העשעלע בערלינער.

אויסער זיין גרויסן יחוס, איז ער אליין געווען א בעל־מעלה, א ייד א פִקח און א תלמיד־חכם. זייענדיק א גרויסער עושר, געהאט א גיט אין סאָקאָלאָווקע, האט ער אויך געוווסט ווי אויסצונוצן זיין עשירות. ער האט געהאט אַן אָפענע האנט פאר יעדן נויטבאַדערפטיקן.

זייענדיק באַקאַנט מיט דעם רוסישן מיניסטער פלאַטאַנאָוו, וועלכער האט געהאט גיטער אין בילגורייער געגנט, איז ער אָנגעקומען אין די הויכע־פענצטער און דערגרייכט ביז צום קייזערלעכן הויף, ווו ער איז פאָרגעשטעלט געווארן פאַרן רוסישן קייזער אַלעכסאנדער דער צווייטער, וועלכער האט אים געשאנקען א בריליאַנטענעם רינג.

באַנוצנדיק זיך מיט זיין הויכן שטאנד, האט ער זיך אלע

מאָל איינגעשטעלט פאר א יידן, וועלכער האט זיך געפונען אין אַן עת־צרה.

איבערגעלאזט האט ער צוויי זין: ר׳ משה צבי, וועמענס פרוי מרים פרימעט, איז געווען די טאכטער פון ר׳ איטשעלע לצווי פון קראקא. ר׳ דוד טעבל, וועמענס פרוי די באַוווסטע גנענדעלע, איז געווען די טאכטער פון ר׳ יעקב אשכנזי פון מעמעל, וועלכער איז געווען א ברודערן־זון פון לובלינער רב ר׳ יהושע העשל אשכנזי. די עלסטע טאכטער גיטל, איז געווען די פרוי פונם באוווסטן בילגורייער תלמיד־חכם, ר׳ יונה חיים קראנענבערג. די טאכטער פריידע, איז געווען די פרוי פון לאַנג־יעריק ראש־הקהלה און גרויסער עסקן ר׳ יצחק ישעיה האַרמאַן, וועלכן מען האט גערופן איציק ר׳ מאָטלס. די טאכטער חנהטשע, איז געווען די פרוי פון ר׳ אברהם חיים דער זון פון ר׳ מיכל מיכלזאָן, פון פיעטרקאוו. זי איז געווען די מוטער פון פלאָנסקער רב צבי יחזקאל. די טאכטער זלאַטע, איז געווען די פרוי פון ר׳ וואָלף לבוב, דער זון פון ר׳ יעקב לבוב פון קאָמאָרנע, אן אייניקל פון בעל־מחבר פונם ספר „ישועות יעקב״. די טאכטער נייטשע, איז געווען די פרוי פון ר׳ יצחק גארפינקל, דער זון פון באוווסטן חסיד און גביר ר׳ קלמן לייב פון פולאַוו.

ר׳ שמואל־אליהו איז געווען א גרויסער נדבן, ער האט אויפ־געשטעלט דאס קליינע בית־המדרש פון זיין אייגן געלד. ווי אויבן דערמאנט, איז ער געווען א גרויס פערזענלעכקייט, ווען מען האט געבויט די שטאט־שול, האט ער איינגעלאדן דעם גובערנאַטאָר פון לובלין, ער זאל לייגן דעם ערשטן שטיין. ווען דער גובערנאַטאָר איז צו דער באשטימטער צייט נישט געקומען, האט ר׳ שמואל־אליהו געהייסן אָנהויבן בויען, שפעטער אין א צייט איז דער גובערנאטאָר געקומען, זעענדיק די שול אין מיטן בוי, האט דאס אים זייער פארדראסן. ר׳ שמואל־אליהו האט זיך באלד געכאפט און

געזאגט צום גובערנאַטאָר, אז נישט די ווענט פון דער שול איז דאס וויכטיקסטע, נאר דער בעל־עמער, און טאקע צוליב דעם, וואַרט מען אויף אים. מען האט אים דערלאנגט א זילבערנע קעלניע, מיט וועלכער ער האט געלייגט דעם ערשטן שטיין.

שמואל האניגבוים — י. ח. קראנענבערג

# איציק ר׳ מאטלס

ר׳ יצחק ישעיהו האַרמאַן, וועלכן מען האט גערופן איציק ר׳ מאָטלס, איז געווען א נידריקער, מיט א ווייסער הדרת־פנים׳דיקער באָרד, א ברייטן לומדישן שטערן, מיט א פּאָר טיפע שווארצע אויגן מיט גרויסע ברעמען. איז געווען א גרויסער למדן, ער איז געווען דער איידעם פון ר׳ שמואל אליהו שווערדשארף.

פון זיינע פריסטע יאָרן, האט ער זיך פארנומען מיט קהל־זאכן און איז טאקע לאנגע יארן געווען דער ראש־הקהל אין בילגוריי, עס איז אין שטאט נישט געווען קיין איין דבר־מצווה, מיט וועלכע ר׳ איציק זאל זיך נישט געווען פארנעמען און דערפאר פלעגט אים כמעט די גאנצע שטאט רופן דער „פעטער איציק״.

ר׳ איציק האט געהאט גרויס אָנזען ביי די בילגורייער יידן, ער איז געווען זייער א קלוגער מענטש, מען פלעגט זיך מיט אים עצות האלטן, און יעדער האט אים גרויס כבוד אָפּגעגעבן.

ווען ער איז נפטר געווארן, האט מען אים א הספד און הקפות געמאכט אין דער שטאט שול, און כמעט אלע בילגורייער יידן האבן אים צו דער אייביקער רו באגלייט און באוויינט די גרויסע אבידה.

יעקב הארמאן

# ר׳ יעקב זצ״ל שלייכער

ר׳ יעקב זצ״ל שלייכר, נקרא בפי כל ר׳ יענקעלע מיכל-מילנערס. קצת גבוה מקומה בינונית, מצח גדול ובהיר, עינים מאירות, פאות גדולות משולבות, בזקנו הארוך והרחב. תוארו מעידה על ת״ח גדול, שחכמת אדם תאיר פניו. מלבושיו נקיים, למרות חייו הדחוקים, כדין ת״ח שלא ימצא רבב על בגדו.

תחילת כניסתי לביהמ״ד. למד עוד כל היום בעמידה, בא באשמורת לפני עלות השחר. בקיץ ובחורף לא עצרוהו הגשם, השלג והכפור בחורף, אף לא שצפתהו השמש בקיץ. תמיד לא פסק פומי׳ מגירסא. למדן מופלג, רוב ימיו שהכרתיו למד הג׳ בבות גפ״ת, עם השיטה מקובצת.

הפלא היותר גדול שלא הי׳ לו אפי׳ תיבה א׳ מיותרת בביאור הארוך של הרשב״ם בב״ב, והוצרך עוד להשטמ״ק כ״כ הסביר דברי הגמ׳ שבכל האריכות ממש, אין אפילו תיבה מיותרת.

עמד ע״י החלון הראשון שברוח הצפונית של ביהמ״ד ולמד בקול נעים, בתחילה חשבתי שזה שעומד שם אצל הפתח, בצד מערבית צפונית, כדי שלא יבלבל המתפללים, שעלו למזרח ולדרום, ולימודו בקול יפריע להם. אח״כ כשראיתיו כמ״פ באמצע הלימוד נוטל ידיו מהכיור שברוח מערבית הסמוך לו, כמבואר בשו״ע שהחופף בראשו צריך נט״י, ובשעת עיונו בסוגיא עמוקה, שכח וחוכך ראשו וזקנו כרגיל למעיינים. חשבתי שלכן עומד סמוך לכיור. אמנם כשראיתיו אח״כ בשעת התפילה שעלה לראש השולחן, כדין שצריך לכנוס, שיעור שני פתחים, הסכמתי שעמידתו שם, הי׳ מפאת גודל ענותנותו, הי׳ שפל בעיניו שאינו ראוי לעלות לצד המזרח, כי הוא הי׳ מרגיש מהו קדושת בית אלהים ומה נורא הוא.

בסוף ימיו נחלש מאד, והוכרח ללמוד קצת בישיבה, והי׳ מקומו אחר ארה״ק בספסל המחובר לבימה (בעלעמער), לא מצאוהו

בשום פעם ישן או שיהיה משיח. אנחנו לא הרהבנו עוז בנפשנו לשאול אותו מה שלא הבינונו בלימודינו, בידענו שכל רגע יקר וקדוש אצלו.

אך מורי הרב הגריע״מ זצ״ל דיבר עמו הרבה בד״ת ושיבח סברותיו המחוכמות, ת״ח זה הי׳ תורתו אומנתו. כל מחסורו הספיקו כמעט מתפללי ביהמ״ד הגדול והקטן ובסוף ימיו גם מתפללי ביהח״ס דרודניק וטריסק.

כשנסתלק עשה לו מורי הגריע״מ הספד גדול. וכל העם לווהו בבכי גדול.

הניח אחריו שני בנים, יצחק דוד הי׳ דר בפרמפול. אליהו הי׳ דר בכפר גיזד ובשעת השואה נרצחו ע״י הנאצים ימ״ש והי״ד.

הרב ר׳ יצחק הכהן הוברמן

---

# ר׳ שניאור זלמן גולדברג

ר׳ שניאור זלמן היה ת״ח מובהק, בקי ברוב הש״ס ותנ״ך בע״פ, מח״ס שדה תבואות, שושני פאר עה״ת, חבצלת השרון, שירים נחמדים, בהסכמת הגאב״ד דלומזה.

ר׳ שנ״ז נולד בהומל אשר ברוסיה, ובא ע״י סיבה משפחתית לבילגוריי, כל היום והרבה מהלילה עמד בזויות מזרחית דרומית בביהמ״ד הגדול כשפניו אל הקיר, ושפתותיו מרחשין, לומד בע״פ, או מתפלל, למרות דוחקו הגדול ר״ל, הי׳ תמיד בשמחה, וניגון שגור בפיו. הי״ל תנועות נחמדות בסדר התפלה, בסדר העבודה דיוהכ״פ, „זהבים מעביר לבנים לובש״, ובפיוט ונתנה תוקף בתיבות „אדם יסודו מעפר״, כשהתחיל להגיד התיבות בתנועה שחיבר להם, אז אפילו מי שהי׳ ממהר לצאת מאיזה סיבה, לא היה יכול, כי נעשה כמסומר להמקום ע״י גודל המתיקות.

כל ימיו הי׳ משתדל ללמוד עם בחורים הקטנים שבביהמ״ד, הם היו לומדים בגמרא והוא שומע, ומסביר להם הענין בע״פ. הרבצת תוה״ק הי״ל כטבע שני.

ולמרות דוחקו הי׳ קונה כמ״פ ספרים הנצרכים בביהמ״ד, והשתדל שבנ״א יקנו חלק ע״י גורל ומי שיזכה בגורל ינדב הספרים לביהמ״ד.

גם הוא הי׳ כל סיפוקו ממתפללי ביהמ״ד הגדול והקטן.

הרב ר׳ יצחק הכהן הוברמן

# ר׳ מרדכי יוסף שץ זלה״ה

כל היום ורוב מהלילה ישב בביהמ״ד על הספסל שאצל השולחן ברוח דרומית מערבית, אצל ארגזי־הספרים.

רוב ימיו הי׳ עוסק בלימוד גפ״ת, בסוף ימיו למד הרבה רמב״ם, הי׳ בקי גדול בספר תבואת שור ע״פ הגה״ק מבוטשאטש זי״ע, עסק גם הרבה בקבלה, וחסידות, מתפלל בנוסח וכוונת האריז״ל, חיבר ב׳ ספרים „מי מעונות״ עה״ת, „ברכה משולשת״ על מועדים, ובשריפה שהי׳ בכניסת הנאצים ימ״ש נשרפו ר״ל.

בתחילה כשהי׳ כוחו חזק, ארגן שיעורי ערב והי׳ לומד עם בע״ב פשוטים ובע״מ משניות ועין יעקב, וכמה מתלמידיו שהיו חייטים פשוטים, ושאר בע״מ, הכרתים, שהי״ל אח״כ ידיעה והבנה גדולה בלימוד ולמדו דף גמרא היטב, כיהושע שניידר ושלמה אליהו שפיזאייזן.

אם שמע ח״ו על איזו פורצה בדת, הרעיש בביהמ״ד והלך להרב וצעק, לא נתן מנוחה עד שתיקנו הדבר.

נשאר ממנו בן ר׳ ישעי׳, שהי׳ בעל מדות ישרות, פזרן לכ״ד מצוה, הנאצים ימ״ש רצחוהו ע״י יריה הי״ד.

גם הוא הי׳ רוב הספקתו ממתפללי ביהמ״ד הגדול והקטן.

הרב ר׳ יצחק הכהן הוברמן

# ה"ר פנחס מענדל זינגר זצ"ל

הרה"ג שלהיו"ח ר' פנחס מנחם הנק' פנחס מענדל הי' חתנו של מורי הגה"צ ר' יעקב מרדכי זי"ע. הי' יליד טומשוב לובלסקי. אביו הי' הרה"ג שלהיו"ח ר' שמואל מו"צ בטומשוב, יחוסו נמשך ממאורן שלב"י הפוסק האמיתי בעל ש"ך ולמעלה בקודש, כמבואר בריש ספר „מגדים חדשים" על מס' ע"ז.

אמו הי' צדיקה מפורסמת והלכה כל הימים בטלית־קטן על בגדי', מנהגה הי'. בש"ק אספה כל הנשים הצעירות ולמדה עמהן דינים הנחוצים להן שיהיו בקיאין בהן. וכשסיימה, קודם הליכתן הביתה, שאלה אותן, עכ"פ תעידו, שלא דיברנו בכל הזמן לשון־הרע ורכילות ח"ו.

אחר שנשא בתו של הרה"ג ריע"מ זצ"ל, עודו צעיר לימים כמנהג בזמן ההוא, נתקבל לרב בעיר הקטנה לענטשין הסמוך לורשה, שם הדפיס את ספרו „מגדים חדשים" ע"מ ע"ז, אשר מעטים המפ' ונתקבל ברצון בין הלומדים.

והיות שעיירה זו לא יכלה לספק פרנסתו. עקר דירתו משם ונתישב בורשה הבירה ברחוב קראָכמלנה. בזמן מועט נתפרסם בחכמתו ויושר פסקיו ונהרו אליו מכל הסביבה לד"ת.

מענין לספר עובדא דלהלן: נשי אותה הסביבה כבסו פעם הלבנים שלהן ותלוי אותן על עלית הבתים מתחת לגג. פ"א גנבה אשה אחת הרבה כתנות של שכנתה, והתחילו להתקוטט. תכלית הדבר הי' שבאו לפניו לד"ת, ציוה קודם כל להביא כל הלבנים לביתו. ציוה לרבנית שתקח כו"כ מכתנותיו היפות שלהם ותערבב באותה חבילה. למחרת בבואן לשמוע הפס"ד, אמר לאחת, שתלך ותברר מהחבילה כל שהן שלה. הלכה ובררה את שלה. אח"כ עירבבן עוה"פ וציוה לחברתה לברר; ובהיותה רוצה לגנוב משל חברתה,

כמובן לא הכירה איזו כותנות של חברתה ואיזו של הרב. כי הלא ביקשה מה שאינו שלה, ע״כ ברורה כל הכתנות תיפות של השכנה ושל הרב. אז נוכח שהיא רוצה לגנוב, אז בעל־כרחה הודתה שנכשלה בעוון.

פסה״ד המחוכם הזה נתפרסם אז גם בעתונות הפולנית.

אחר שפרצה המלחמה העולמית הראשונה, וחותנו הגריע״מ נפטר בלובלין, בא והתישב בבילגוריי, ועסק בתורה כל היום אבל פרנסתו היתה דחוקה מאד. נתקבל משם לרב בדזיקוב ישן אשר בגאליציה. שם הדפיס ספרו השני „אבני זכרון״ ע״מ ברכות.

בניו היו שלשה, יהושע שהי׳ סופר מפורסם בארה״ב, יצחק הוא עתה סופר מפורסם שם. משה, שניהל הרבנות בדזיקוב, אחר פטירתו.

בפרוץ מלחמת העולם השניה, גלה לסיביר ונפטר שם.

הרב ר׳ יצחק הכהן הוברמן

# פיגורן

## יצחק באשעוויס

די דייטשן האבן געהאט פארנומען ליטע, אוקראַינע, פוילישע יידן וואס זענען אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אוועק קיין רוסלאַנד, האבן זיך אנגעהויבן אומצוקערן קיין פוילן. קיין בילגוריי האבן זיך אומגעקערט עטלעכע משפחות און זיי האבן געבראכט א גרוס פון דעם רעוואָלוציאנערן רוסלאנד.

איין משפחה זענען געווען די רובינשטיינס. שלמה רובינשטיין איז געווען אין בילגוריי א נישט געענדיקטער אַדוואָקאַט, האט געהאט א היפש הויז אין מאַרק און איז געווען פארעכנט פאר א משכיל. ער איז צוריקגעקומען מיט זיינע עטלעכע טעכטער, אַלע שיינע, געבילדעטע און קלוגע.

שלמה רובינשטיין אליין איז געווען א שיינער, הויכער ייד מיט א ווייסער באָרד, אָנגעטאן האַלב־לאַנג און האלב־קורץ, אויפן נגידי"ש־השכלה'שן שטייגער.

די צווייטע משפחה זענען געווען די וואַרשאַוויאַקס. די עלטערן זענען געשטארבן אין רוסלאנד. אבער עס האבן זיך אומגעקערט פינף בחורים און צוויי מיידלעך. דער פאטער איז געווען א ייד א למדן, אבער די קינדער זענען שוין געווען אדורכגענומען מיט דער מאדערנע קולטור.

די דריטע משפחה זענען געווען די שור'ס. אַנטשל שור איז געווען פון פאַך א מגיד אדער א מטיף, ווי טייל האבן זיך גערופן. ער איז שפעטער געווארן אן אָפיציעלער פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער אגודה. אַנטשל שור האט געקאנט לערנען און איז געווען א מגיד פון אַלטן און נייעם שניט. א געמיש פון א בעל־דרשן און ארעדנער. די קינדער זיינע האבן אלע געקענט העברעאיש און רוסיש. דער עלצטער, מאָטל שור, האט גערעדט א פליסיקן העברעאיש.

דאס קומען פון די דאזיקע דריי משפחות האט ארויסגערופן אגערודער אין בילגוריי. אין טריסקער שטיבל און אין בית-המדרש האט געקאכט מיט די ניי-געקומענע, איך האב מיך אָנגעהויבן דער־ וויסן, אז אין בילגוריי זענען דא מער היינט-וועלטישע וויפיל איך האב געוווסט.

עס זענען אפילו געווען עטלעכע בחורים און מיידלעך, וואס זענען שוין געווען היפש אַסימילירט, ד. ה. זיי האבן געלערנט אין גימנאַזיע (נישט אין בילגוריי, נאר אין לובלין אדער זאַמאָשטש) און האבן אפילו גערעדט צווישן זיך פויליש.

אַנטשל שור האט געדאווענט אין טריסקער שטיבל און פלעגט מיטברענגען מיט זיך זיין זון מאָטל. וואס איז געווען מיט צוויי אדער דריי יאר עלטער פון מיר. מאָטל שור איז געווען נישט קיין הויכער, א ברייטלעכער, א פאַריסענע נאָז, העלע אויגן, גראָבּ־ לעכע ליפן. ער האט געטראגן קורצע מלבושים און א קאַשקעט הוט. מאָטל שור איז געווען א גוטמוטיקער יינג, א באריידעוודיקער, ער האט גלייך געזאגט די יידן אין טריסקער שטיבל, אז זיי קענען נישט קיין דקדוק, מאכן גרייזן אין דאווענען, רעדן ארויס די העברעאישע ווערטער נישט ריכטיק און זיי זענען פאַנאַטיקער. טריסקער יידן האבן אים נישט געשוויגן, מען האט אים גערופן שייגעץ און מען האט אים אפילו געוואלט ארויסווארפן פון שטיבל. דער פאטער, אנטשל שור, האט זיך אנגענומען פאר זיין זון.

איך בין געווען דערביי און האב אָפן געזאגט מיט וועמען איך האַלט. עס איז געווען פאר די טריסקער חסידים א ביטערע פיל צו הערן, אז דעם רב׳ס אייניקל איז אויף דער זייט פון אן אַפיקורס. דאס איז געווען דער ערשטער צייכן אז איך ווער קאַליע...

איך האב זיך באַלד צונויפגערעדט מיט מאָטל שור און געפונען ביי אים אַן אוצר ביכער. איך האב געבארגט ביי מאָטל שור א דקדוק און זיך צו אים א נעם געטאָן מיט א ברען, וואס עס

איז אומגלויבלעך, אז גראַמאַטיק זאל קענען ארויסרופן. איך האב שוין דאמאלס געקאנט אהיפש ביסל עברית, אבער איך האב נישט געוווסט ווי אזוי און אין וואס פאר אן אָרדנונג ווערטער בייטן זיך.

אין משך פון זעקס וואָכן האב איך שעה'ן יעדן טאג שטודירט דעם דקדוק, און ווען איך האב אים געענדיקט, האב איך געקענט שרייבן עברית. איך האב מיך גלייך אוועקגעזעצט און אָנגעשריבן א שיר אין עברית, מיט גראַמען און מיט ריטם.

גרויס איז געווען מאָטל שור'ס פארוואונדערונג ווען ער האט איבערגעליינט דעם שיר. ער האט נישט געגלויבט די אייגענע אויגן און אפילו מיך חושד געווען, אז איך האב דאס פון ערגעץ איבערגעשריבן. אבער ער האט זיך באלד איבערצייגט, אז עס איז מיין אייגנס. ער איז געווען באגייסטערט, שטאָלץ וואס ער איז געווען די סיבה דערפון וואס מיין „טאַלאַנט" איז ארויסגעקומען און איך האב געהאט א געפיל אז ער איז א ביסל אייפערזיכטיק.

בטבע א באריידעווודיקער — האט מאָטל שור נישט געקענט האלטן די זאַך בסוד, ער האט גלייך גענומען דערציילן וואס ער האט אויפגעטאָן. ער האט דערציילט, אז ער האט מיר אין משך פון זעקס וואָכן געגעבן לעקציעס, און עס איז ארויסגעקומען פון דער געשיכטע, אז נישט בלויז איך בין א גוטער תלמיד, נאר ער, מאָטל, איז אן אויסגעצייכנטער לערער. דאס איז טיילווייז געווען ריכטיג. מאָטל שור איז ווירקלעך געווען א גוטער פעדאַגאָג, א גרויסער ליבהאָבער פון עברית, א פייערדיקער ציוניסט, און בכלל א בחור מיט א גוט איידל האַרץ. מאָטל שור איז אומגעקומען פון די דייטשע מערדער, אוועק פון דער וועלט ווי א קדוש.

מאָטל שור'ס לויב־ווערטער האבן מיר געבראכט היפשע צרות. אין טריסקער שטיבל און איבער גאנץ בילגוריי האט מען גערעדט, אז דעם רב'ס אייניקל האט זיך א נעם געטאָן צו אפיקורס'ישע ביכער. עטלעכע יידן האבן מיר געזאגט מוסר און מיך אויסגעשייגעצט.

מיין מוטער האט געטענה׳ט, אז איך פאַרשאַף איר בושות און חרפות. איך טו איר אָן שאָדן, ווייל די מוטער האט געפּלאַנט אראפצובר׳ענגען קיין בילגוריי דעם פאטער. ער זאל דא ווערן א מורה־הוראה. אבער ווי אזוי קען ער קריגן א צד ווען זיין זון קערט זיך אָפּ פון רעכטפארטיקן וועג?

צו פארדעקן מיין שלעכטע אויפפירונג, האב איך פלייסיק געלערנט יעדן טאג אין דערפרי און נאכמיטאג אין טריסקער שטיבל.

די חסידים זענען געווען אויף מיר אין כעס. אבער די היינטיק־וועלטישע אין בילגוריי, די אפענע און אפילו די באהאל־טענע, זענען געווארן צו מיר צוגעזאָטן.

דער ווינטער איז אריבער און עס איז געקומען דער זומער פון 1918. מיין ברודער איז אוועק קיין קיעוו, וואס די דייטשן האבן דאן געהאט פארנומען און ער האט דארט געארבעט אין א יידישער צייטונג. דארט, אין קיעוו אין כאַרקאָוו, אין מינסק, האבן זיך שוין געהאט אויסגעפיקט פון די אייער־שאָלן די יידיש־סאָוויעטישע שרייבער: מאַרקיש, שוואַרצשטיין, האָפמאַן, קוויטקאָ, פעפער, כאַריק, און אנדערע. זעליג מלמד האט געגרינדעט די קולטור־ליגע. אוקראַינע איז געווען ערב די פּאָגראָמען. די דייטשן האבן אנגעהויבן באקומען קלעפּ אויפן מערב פראנט. אבער אין בילגוריי האט דאס אויסגעזען ווייט, און אָן א האַפּט. אמת, אנשטאָט קאָזאַקן, האבן זיך יעצט ארומגעדרייט איבער די בילגורייער גאסן עסטרייכער. מאַדיאַרן, באָשניאַקעס, הערצאָגעווינער, אבער וואס איז די נפקא־מינה ווי אזוי סאָלדאַטן זענען אנגעטאָן?

איך האב געטראָפן טודרוס זייגערמאַכער (לאַנג) און ער האט געכאפּט מיט מיר א „שמועסל״ וועגן גאָט, נאַטור, די סיבה ראשונה (די ערשטע אורזאַך פון דער עקזיסטענץ) און נאך אזעלכע משכיל׳ישע טעמעס. ער האט מיר געבארגט אן אלט דייטשיש

טעקסט-בוך פון פיזיק. אין מיין זיידענס הויף האט זיך געפונען א ווינקל, וואס איז געווען פון דריי זייטן ארומגעצוימט, דארט איז געוואקסן א בוים מיט מאַלינעס. אונטער דעם מאַלינע-בוים, אויף א בענקל אדער א קלעצל, בין איך געזעסן און שטודירט די אלטע פיזיק. איך בין דארט געווען א רואה ואינו נראה. איך האב געזען פון דאנען די שול, דאס בית־המדרש און א ווייטן שטח מיט פעלדער, וואס האבן זיך געצויגן ביז צום סאָסנע־וואַלד. סאָוועס זענען געפלויגן ארום דעם דאַך פון דער שול, געמאכט הקפות. און איבער אלעמען האט זיך אויסגעשפרייט א הימל בלוי ווי א פרוכת פון ימים־נוראים.

א גינגאלדענע זון האט געשאטן מיט ליכט און מיט ווארימ־קייט. מיר האט זיך געדוכט אז איך בין א פארצייטיגער פילאָזאָף, וואס האט זיך אָפּגעזונדערט פון דער וועלט און זיך ארייגעטאן אינגאנצן אין חכמה און געטלעכקייט.

דאס לייענען די אלטע פיזיק איז מיר אנגעקומען זייער שווער. די זאצן זענען געווען לאנגע און פארוויקלטע, די שפראך איז געווען אפרעמדע. אבער פון ווען קומט דאס אן וויסנשאפט לייכט?! עס איז געווען א צרה מיט מאַטעמאטיק, מיין גאנץ וויסן איז באש־טאנען פון א ביסל אַריפמעטיק. איך האב איבער יעדן זאץ געמוזט לאנג קלערן און ברעכן דעם קאָפּ. טיילמאל האב איך פון געוווינ־הייט גענומען אונטערברומען א גמרא־ניגון. די זאצן אין דער דאזיקער פיזיק זענען געווען אזוי שווער, ווי להבדיל מהר״ם־שיף.

אין איינעם א פארמיטאג, ווען איך בין אזוי געזעסן און געלערנט, האבן זיך באוויזן נעבן מיר צוויי בחורימ׳לעך,ביידע אנגעטאן ווי גימנאַזיסטן, מיט געגילדעטע קנעפּ און מיט קריינדלעך אויף די היטלען, עס זענען געווען די איינציקע צוויי גימנאַזיסטן וואס בילגוריי האט פארמאגט: נטע שווערדשארף און מאיר הודעס, ביידע האבן געשפילט א ראָלע אין מיין לעבן.

נטע שווערדשארף האט געשטאמט פון א מיוחס־דיקער משפחה. זיין זיידע, ר׳ שמואל אליהו, איז געווען א למדן, א גוט־באזיצער, א גרויסער בעל־צדקה. נטע האט געהאט א מומע, גנענדעלע, וואס האט געשריבן לשון־קודש בריוו צו איר איידעם הירש יחזקאל מיכלזאן, דעם ווארשעווער רב און איז אויך געווען אונזערס א ווייטע קרובה.

נטע שווערדשארף איז א געווען בלאָנדער, געהאט בלויע אויגן, ער איז געווען זייער א קורצזיכטיגער און געטראגן ברילן מיט גראָבע גלעזער. ער האט דערמאנט אין די אמאליקע גימנאזיסטן, וואס האבן באצייטנס גענומען אויף זיך דעם עול פון פאָלק און פון דער מענטשהייט. ער האט געהאט א נאמען אין שטאט פאר א בחור מיט קינסטלערישע און אידעאליסטישע נייגונגען. ער האט ארגאניזירט טעאטער־קרייזלעך אין אלע ציוניסטישע גרופן. ער האט אין אלץ ארייגעלייגט א סך הארץ און לעבן.

ער איז געווען ארייגעטאן אין חלומות צו קענען אויסזיצן די אכט קלאסן. ער האט גערעדט א שיינעם פויליש און נישט אויפגעהערט צו לייענען ביכער. מען האט אים זעלטן געזען אָן א ביכל אונטערן ארעם.

ווען די דייטשע מערדער האבן געזייעט פארניכטונג, איז ער פארשוווּנדן אין דער אייביקייט גלייך מיט אלע קדושים.

---

# גנענדעלע

גנענדעלע איז געווען די שנור פון ר׳ שמואל אליהו שווערד־שארף, זי האט געשטאמט פון דייטשלאנד, און איז געווען זייער א געבילדעטע פרוי, און זייער פרום, אין די יינגע יארן איז זי געווען זייער רייך, דאס גאנצע לעבן האט זי זיך אפגעגעבן מיט מצוות. דערפאר האט זי די גאנצע שטאט גערופן די „מומע גנענדעלע״.

עס איז אין שטאט נישט געווען קיין איין ארעמע כלה, פאר וועלכע גנענדעלע האט נישט געזארגט און זי חתונה געמאכט.

גאנצע טעג איז זי געווען פארנומען ביים קאכן די יוכלעך און געטראגן זיי פאר ארעמע קראנקע. אפילו ווען זי איז שוין געווען אין די עלטערע יארן, האט מען זי כסדר געזען ארומגיין אפילו אין די גרויסע פרעסט מיט א קיישל אין האנט, טראגנדיק פארשידענע סלאָיקעס מיט קאָנפיטורן, יאַגאָדניק, ווישניק, פאר אָרעמע קראנקע דאס האַרץ צו דערכאַפּן.

פרייטיק, פון גאנץ פרי, פלעגט זי שוין פארזארגן אָרעמעלייט מיט חלות, וואס האבן נישט געהאט אויף שבת. זי האט שוין געוווסט פון אלע ארעמעלייט און זייער מצב.

דאס לעבן אויף דער וועלט איז אדורכגאנג — פלעגט זי זאגן, דערהויפט, מען דארף זיך אָנגרייטן אויף יענער וועלט. ווען זי פלעגט זיך נאר עפּעס פילן שלעכט, האט זי באלד איינגענומען אן אָפּפיר מיטל, זיך אָפּגעוואשן, בכדי די חברה־קדישה־ווייבער זאלן נישט האבן ביי איר קיין סאך ארבייט, און פלעגט זאגן, נו, קינדער, איר קענט גיין זאגן... אז איך בין גרייט...

זי פלעגט שרייבן א פליסיקן עברית, וואס אין דער דאמאלס־דיקער צייט איז עס געווען א חידוש. די בריוו וואס זי פלעגט זיך כסדר שרייבן מיט איר איידעם הערש יחזקאל מיכלזאָן, דער

געוועזענער פלאָנסקער רב. (שפעטער פון די אנגעזעענסטע ווארשעווער רבנים), מחבר פון פיל ספרים, זענען געווען אדורכגעפלאכטן מיט שיינע משלים און מליצות פון א הויכן סטיל און זענען געדרוקט אין ספרים.

זייער אינטערעסאַנט איז דער בריוו „די דין־תורה״, וואס איז געדרוקט אין ספר „פינות הבית״, פון איר איידעם צבי יחזקאל, וואס זי פאדערט פון אים, אז באלד ווי ער וועט באקומען די ידיעה אז זי איז געשטארבן, זאל ער זאגן נאך איר קדיש, און אין דעם זכות שרייבט זי: בין איך זיכער, „אז איך וועל אדורך דאס ערשטע פייער״.

עס איז נישט געווען דער טאג, וואס ביי גנענדעלען זאלן נישט עסן עטלעכע ארעמעלייט פון שטאט אדער צוגערייזטע.

הארט פארן טויט האט זי אויסגעדריקט איר בקשה, אז נאכן טויט זאל מען איר מיטגעבן א טייל פון טיש, אויף וועלכן עס האבן כסדר געגעסן די ארעמעלייט, און מען האט איר בקשה דערפילט.

ביי דער לויה איז געווען די גאנצע שטאט, די געוועלבער זענען געווען געשלאָסן, די רבנים האבן איר הספדים געמאכט, א שטארקן איינדרוק האט געמאכט דער הספד פון קרעשעוּוער רב. ער האט געזאגט אז זי איז באמת געווען אן „אשת־חיל״, ווי עס שטייט: „כפה פרשה לעני״, ווען זי איז געווען רייך האט זי אליין געגעבן, „וידיה שלחה לאביון״ שפעטער האט זי געזען מען זאל געבן, יעדער האט באוויינט און איבערהויפט די אָרעמעלייט, די גרויסע אבידה וואס בילגוריי האט מיט גנענדעלען פארלארן.

פערל האניגבוים

---



# בלימה׳לע

בלימה׳לע איז געווען דער ראש פון די חברה־קדישה־ווייבער, אָן איר האט מען נישט געטאן קיין שום זאַך, עס איז נישט געווען קיין טאָג, וואס זי האט זיך נישט פארנומען מיט מצוות, פארזארגט אָרעמע כלות און קראנקע, די הויפט אויפגאבע אירע איז געווען גיין מבקר־חולה זיין אלע קראנקע פון שטאט און יעדן עפעס מיטברענגען צו דערכאפן דאס האַרץ.

אפילו אין די גרעסטע פרעסט און רעגנס, פלעגט מען זען בלימה׳לען גיין — אנגעטאן די ווינטער־שאַל — מיט לאנגזאמע טריט מבקר־חולה זיין. אז מען פלעגט זי פרעגן פארוואס זי גייט אין רעגן? האט זי געענטפערט, אז איצט ליגט נעבעך דער קראנקער אליין און דערפאר כאַפּט זי טאקע אריין א ביסל מער שכר־טרחה.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז בלימה׳לע אנטלאפן צו איר זון איצי קיין לוצק און דארט אומגעקומען מיט דער גאנצער משפחה אין יאר 1943 דורך די דײַטשע רוצחים.

שושנה לערמאן

---



# גיטל משה־איציס

גיטל משה־איציס האט זיך פארנומען מיט מצוות, זי האט געוווּסט פון אלע אָרעמע אין שטאָט, ווער עס נויטיקט זיך אין א ביסל יויך, א ביסל קאָמפּאָט, דאס האַרץ צו דערכאַפּן. ווו עס איז דא אן אָרעמע יתומה חתונה צו מאכן, וועלכער אָרעמאַן דארף א היטל, א פּאָר־הויזן, אַלץ איז געווען אויף איר קאָפּ.

8

פרייטיק צו נאכטס, אין דרויסן איז געפאלן א נאסער שניי, פינסטער און גליטשיק, ביי דער באבע גיטל'ע אין שטוב איז געווען ליכטיק, וואַרעם און זויבער אין יעדער ווינקעלע. דער פעטער איצי איז געקומען פון דאווענען, אָפּגעזאגט שלום־עליכם, אָנגעגאסן דעם כוס צו מאכן קידוש. ער האט געוואַרט אז די באבע זאל קומען צום קידוש, אבער זי האט עפּעס געגרייט אין א קיישל און געקרעכצט. ווען דער פעטער האט מיר געגעבן א צייכן נו—אָ, האב איך פארשטאנען, אז איך דארף רופן די באבע צום טיש. דער פעטער האט געמאכט קידוש און די באבע האט מיט טרערן אין די אויגן נאכגעזאגט אמן. די באבע האט זיך נישט געזעצט עסן, און האט געזאגט: חינקה'לע, האט היינט נישט גע־שיקט נאך קיין עסן, איך מוז איר דאס עסן צוטראגן, פריער פון

דעם וועל איך זיך נישט זעצן עסן. איך האב דאן געזאגט מיין באבען, אז זי איז נישט געקומען, מן־הסתם דארפן זיי נישט.

די באבע האט מיך אנעם געטאן, זי האט מיר געגעבן אפעקל און אליין גענומען א קיישל מיט עסן, מיר זענען ארויס אויף דער גליטשיקער גאס. חינקה׳לע האט געוווינט ביי דער בריק, ווען מיר זענען אריין מיט די פינטטערע טרעפ. האט זיך געבערענט א קליין שבת־ליכטל, די אלטע חינקה׳לע איז געלעגן א הונגעריקע אין בעט, אין דער צווייטער זייט די שנור, באָרוועסע קינדערלעך האבן זיך ארומגעדרייט אין שטוב, בלינדערהייט האט חינקה׳לע דערקענט און מיט פרייד אויסגעשריגן: „גיטל׳ע, געבענטשט זאלט איר זיין״! די באבע האט ארויסגעלייגט די חלות, וויין און פיש, איך בין ארויס פון שטוב מיט א געוויין, די באבע א צעפריידענע האט געזאגט צו מיר, קום מיין קינד, איצט וועט מיר דאס עסן באַקומען „ווען די הונגעריקע האבן זיך מיט וואס צו זעטן״.

די קינדער פלעגן גד׳לן שרייען „קאָמפּאַניאַ״! גד׳ל פלעגט פון זיך צערייסן די מלבושים, ער איז ווידער געקומען צו גיטל׳ס פענסטער א נאַקעטער, גיטל׳ן איז נישט נמאס געווארן און אים ווידער ארויסגעגעבן אנדערע מלבושים מיט עסן.

שיינדל פלאַם פלעגט אָפּט זיצן ביי גיטל׳ן אין קיך, ווען א ווארשעווער סוחר וועלכער פלעגט עסן ביי גיטל׳ן אין גאַסט־הויז, און זי דערזען, פלעגט ער זאגן, עס איז מיר נישט אַנגענעם צו עסן, ווען די פרוי איז ביי אייך אין קיך. האט גיטל געענטפערט: איר קענט זיך גיין עסן ווי עס געפעלט אייך, איך דארף אייך נישט, זיי,—האט זי אָנגעוויזן אויף גד׳לן, שיינדלן און אנדערע. זיי דארפן מיך און פאר זיי לעב איך. אבער היטלער ימח־שמו, האט זיך נישט גערעכנט מיט מעשים־טובים... זי איז אומגעקומען מיט איר זון שמואל־אליהו און זיין פאמיליע אין מיזאָטש.

רבקה גאלדשטיין

# חינקה׳לע



דאס בית־הקברות זענען אירע סאלאנען, זי פילט זיך דארט היימישער ווי ווער ביי זיך אין שטוב.

יעדן טאג ווי זי הויבט זיך נאר אויף, איז איר ערשטער באזוך אויפן בית־הקברות, חאטש ער איז ווייט אונטער דער שטאט, דארט האט זי פארברענגט כמעט גאנצע טעג. עס געפינט זיך נישט איין קבר אויפן בית־הקברות, אז חינקה׳לע זאל נישט וויסן ווער דארט ליגט, אפילו קברים פון לאנגע יארן. און געדענקט אויך יעדנס יאר־צייט.

אז עס ווערט ווער שלאף אין שטאט לויפט מען צו חינקה׳לען, אז זי זאל גיין אויפן בית־הקברות בעטן פארן שלאפן, און זי באקומט דערפאר באצאלט.

מיט יארן צוריק איז חינקה׳לע געווען רביצן, געלערנט מיט מיידלעך דאווינען.

די לעצטע יארן איז חינקה׳לע בלינד געווארן, האט איר געהאלפן אין איר פאך דער בן־יחיד, אברהם־חיים׳ל, וועלכער האט זי יעדן טאג געפירט אויפן בית־הקברות.

אז עס קומט ווער אויפן בית־הקברות אין א יאר־צייט, מעלדעט ער זיך גלייך צו חינקה׳לן, זי פירט יענעם גלייך צום קבר, קלאפט אן אין דער מצבה, און רופט אויס — „שרה, שרה, דיין טאכטער פערל איז דא ביי דיר״.

און אפילו זייענדיק בלינד, פלעגט זי ווייטער יעדן איינעם פירן צו צום קבר פינקט ווי פריער.

# דער בעל בטחון

איש היה בבילגוריי, ושמו ר׳ יצחק׳ל „כי לעולם חסדו״, גערופן האט מען אים אזוי, ווייל ער איז געווען זייער א פרומער, און פלעגט ביים דאווינען ביי „כי לעולם חסדו״ מאכן פארשידענע הַוָיוֹת.

געווען איז ער א שניידער, מיט א שפיציק, האלב־געל אויס־געצויגן בערדל, מיט גלייכע אויסגעצויגענע פיאות. געהאט האט ער צוויי שיקלדיקע אויגן. געטראגן א הויך סאמעטן היטל פול איינ־געשטעקט מיט נאדלען, מיטן דאשעק פארדרייט אין דער זייט, א צייגענעם אבגעבלאקירטן צעריסענעם חאלאט און צוויי צעריסענע שיך, תמיד איז ער געווען פריילעך און געהאט בטחון.

ער איז געווען א שניידער פשוט א „מומחה״. אז עס האט אים ווער געברענגט א צעריסן מלבוש צום פארעכטן אדער איבערצונייען, און אז מען האט אים געפרעגט — ר׳ יצחק׳ל, צי וועט עפעס קענען זיין פון דעם? איז געווען זיין ענטפער, — „פרעגט נישט קיין סך, פרעגט נישט, אַי, אַי, אַי, אמאליקע סחורה, נאך בעסער פון די היינטיקע נייע, — כעל אייך מאכן א קאפאטע, עטער האבן״.

אז מען פלעגט אים זאגן א חסרון ביים אפברענגען די ארבייט, האט ער זיך צעבייזערט — אטער מיר א מבין. ער האט ארויסגענומען א שטיק קרייד פון קעשענע דאס ארייגענומען אין מויל, א באשפיי געטאן די האנט, געטאן א קלאפ פון איין זייט און פון דער צווייטער זייט און געזאגט, — „פרימא געראטן, בעסער נישט געקענט זיין, בעסער״.

געווען איז ער דער שניידער ביי ר׳ אברהם׳ן, דער גביר פון שטאט. ער פלעגט אים שיין באפרידיקן, און איז אויך געווען דער אורח ביי אים אויף שבת.

געהאט האט ער עטלעכע קינדער, געווען א ייד אן אביון, געוווינט אין א געסל ביי דער בריק־גאס, אין א נידעריק האלב איינגעפאלן שטיבל מיט א קליין פענסטערל. פון די ווענט האט כסדר גערינען וואסער. דער דאך איז געווען צעבראכן, אז מען האט כמעט דעם הימל אדורכגעזען. אין שטוב איז כסדר געווען א רויך, וואס האט געזעצט פונם קאכן אויף די פיסלעך אזוי, אז איינער האט פשוט דעם צווייטן נישט געקענט זען. די פאדלאגע נאס צעבראכן. די קינדער זיינען געלעגן אין בעט שווארצע

איינגעהילט אין צעריסענעם בעט־געוואַנד, הונגעריקע געפרווירענע, עס איז קיינמאל נישט געווען אין שטוב א שטיקל ברויט צו דער זעט. אפילו אין די גאלדענע צייטן ווען ער איז געווען באַוואָרפן מיט ארבעט.

זיין איינציק פאַרמעגן איז געווען, דער אלטער פאַר־זשאַווער ניי־מאשין, וואס ביים נייען האט ער געסקריפּעט, ווי א נישט אויסגעשמירטער וואָגן, אז ער האט נישט געהאט קיין ארבעט, פלעגט ער זאגן תהילים הויך אויפן קול און דערביי שפּרייזן איבערן קליינעם שטיבל הין און צוריק, אז ער האט א ווינט אָנגעמאכט.

די פרוי איז געווען א באשיידענע, א שטילע. זיך באנוגנט מיט וואס זי האט נאר געהאט, זי האט נישט געהאט קיין גרויסע השגות. זי פלעגט זיצן האַלבע נעכט ביים קליינעם נאַפט־לעמפּעלע און פליקן פעדערן. אז די קינדער פלעגן וויינען מאמע, ברויט! איז זי צוגעגאנגען צו אים. יצחק, וואס וועט זיין? האט ער איר געענטפערט, מען מוז האבן בטחון.

יצחק'ל איז געווען זייער א פרומער, געמאכט ביים דאווע־נען פארשידענע העויות, ביי „מודים" פלעגט ער זיך געבן אזא שטארקן בויג איין, אז ווער עס איז געשטאנען נעבן אים, איז שיעור אומגעפאלן, ביים אויסגיין פון שמונה־עשרה, האט אים כסדר פלאַץ צוגעפעלט, ביי „עלינו" פלעגט ער געבן א שפּיי, אז ווער עס איז געשטאנען נעבן אים, איז אָפּגעשפּריצט געווארן.

ביים דאווענען פלעגט ער זיך קיינמאל נישט איילן. געזאגט נאכן דאווענען עטלעכע קאַפּיטלעך תהילים, ער פלעגט זאגן, וואס מען כאַפּט אריין, האט מען.

אז יצחק'ל האט אָפּגעארבעט א גאנצע וואָך און נישט געהאט אויף שבת, האט ער דעם בטחון נישט פארלוירן. אויפגעהויבן זיך פרייטיק בהשכמה, אָפּגעדאווענט, אָנגעטאָן דעם גאַרטל און געגאנגען

איבער דער שטאט. ווען ער פלעגט ענדיקן, איז ער א היימגעקומען א צעפרידענער און גערעדט צו דער וואַנט (ער פלעגט נישט קוקן אויף קיין פרויען) גו, זכסט שוין יידענע, אז מען דארף האב בטחון. ער האט איר אנידערגעלייגט דאס געלד און זי האט זיך גענומען מאכן שבת.

יצחק׳ל, איז באלד געלאפן אין מקוה און פון דארט אין בית־המדרש, זאגן שיר־השירים, נאכן דאווענען פלעגט ער פיל מאָל גיין עסן צו ר׳ אברהם׳ן און נאכזונגען דעם „שלום־עליכם" ביי א שיין ליכטיק געגרייטן טיש.

— און ביי אים אין שטוב האט זיך געברענט קליינע שבת־ליכטלעך, אויפן טיש איז געלעגן ברויט מיט הערינג און יצחק׳ל האט מיט התלהבות געזונגען דעם „שלום־עליכם" וואס דאס קליינוואַרק האט אונטערגעהאלפן און פון איין מאכל צום צווייטן האט ער געזונגען א ביסל זמירות ביז דאס קליינוואַרק זענען מידע געפאלען אויף די געלעגערס.

ווען ביי יצחק׳לן האט זיך געמאכט שוואך מיט ארבעט, האט ער אויך דעם בטחון נישט פארלארן, ער פלעגט נעמען זיין בני־בית און זיך איבער־פעקלען אין זיין געבורטס־שטאט, קיין גאָריי, ווי עס האט געוווינט מאַטעלע, זיין „רבי".

און צייטן, ווען יצחק׳ל האט געגנצלעך נישט געהאט קיין ארבעט, האט ער דעם בטחון נישט פארלארן, גע׳גט זיך מיטן ווייב און זיך אויפגעהאלטן אין בית־המדרש.

ערב־פסח, ווען עס האט זיך נאר באוויזן א ביסל ארבעט, האט יצחק׳ל חתונה געהאט מיט דער זעלבער פרוי, אזוי האט ער עטלעכע מאָל זיך גע׳גט און חתונה געהאט מיט דער זעלבער פרוי און קיינמאָל דעם בטחון נישט פארלארן.

א. קראנענבערג

---

ש. פ.

# בילגורייער כלל-טוער

## ר' לוי שטערן ז"ל

אַ ייד אַ בעל־מלאכה, אַ בעקער פון פאַך, אַ תלמיד־חכם אַ עסקן בצרכי־צבור באמונה ממש, אַ קנאי פאר יידישקייט, זיך מוסר־נפש געווען פאר יידישע ענינים, אנטייל גענומען אין אלע מוסדות התורה, גמילות־חסדים, אין אלע געזעלשאפטלעכע און פילאנטראפישע מוסדות ווי, לינת־הצדק, בקור־חולים, חברה־קדישה, בית־לחם, און עוסק געווען בלב שלם, אוועקגעגעבן די כוחות, בקיצור אַ פארצייטישער טיפ עסקן, אַ ייד אַ תקיף אַ עומד על דעתו, אַ ייד אַ חסיד, אַ ריכטיגע מזיגה פון חסידות, עסקנות און קנאות אַ בעל־טובה. אַ ייד אַ בעל־קומה, אַ בעל־כח אַ מטיל אימה, אַ מזג־טוב, געקאנט זיך צופאסן מיט זיינע מידות בהתאם למצב ולמקום ולזמן.

לוי ברכה'ס האט מען אים גערופן, ווער האט נישט געקאנט אין בילגוריי לוי ברכה'ס, געפירט דאס רודניקער שטיבל, ובלעדו לא ירים איש את ידו ואת רגלו.

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

---

## ר' ישראל משה־איצים ז"ל

אַ ייד אַ טריסקער חסיד, ראש פון דער חברה קדישה, אלע יארן אַ מהדר אחרי מצוות, עוסק געווען אין צדקה אין גמילות חסדים, ס'זענען געווען פאקטן וואס בילגורייער יידן ווייסן, אז ער האט זיך ממש מוסר־נפש געווען פאר אַפּראטעווען אַ ייד, אַ ייד אַ הדרת־פּנים אַ כלל־טוער פון פארצייטישן דור.

---

## ר' נתנאל שיער ז"ל

אַ זיפּן און ווייַן סוחר, אַ גערער חסיד, אַ גרויסער עושר, אוהב צדקה וחסד, געפירט אַ עכט יידיש־רעליגיעזע הויז, ער האט געוווּסט ווי אויסצונוצן זיין עשירות. ער האט גענומען איידעמס פון די שענסטע חסידיש־לומדישע היימען, ווי: שמעון ווארשאוויאק, חנוך ראטנבערג,

איתמר פעפערמאן, זיינע זון זענען געוועזן: חנוך שיער, מענדל שיער און יצחק מאיר שיער.

ער האט איבערגעלאזט אַ דור נאך זיך, פון חסידיש־ערלעכע מענטשן.

---

## ר׳ אברהם הארמאן ז״ל

געוועזן פון די יחידי סגולה וואס בילגוריי האט פארמאגט, אַ ייד אַ עושר, געגעבן צדקה און גמילות חסדים ביד רחבה, אַ בורח מן הכבוד, נישט געוואלט און נישט געלאזט זיך ארויפרוקן אויבן אָן. אין געגנטייל זיך צוריקגעהאלטן אַ נחבא אל הכלים, הקדיש זמנו לתורה, ערלעך אין מסחר ביז גאָר, און געזארגט פאר אַ שטרענג רעליגיעזע שטוב.

ער האט געדאוונט אין רודניקער שטיבל און שטענדיק אויף זיין ארט אין ווינקל, נישט אנגענומען קיין גבאות און נישט געזאגט קיין דעה. נאר פאר דאס „כולו אומר כבוד", אויף אזעלכע איז געזאגט געווארן „חבל על דאבדין ולא משתכחין".

---

## ר׳ אליעזר בוכבינדער הנקרא ר׳ אליעזר מוהל ז״ל

אַ זון פון ר׳ משה בוכבינדער ז״ל, ביי וועמען דער שרייבער פון די שורות האט געהאט די זכיה צו זיין זיין תלמיד, אַ ייד א תלמיד־חכם, אשר שם לילות כימים בתורה, אַ נהנה מיגיע כפו.

זיין זון ר׳ אליעזר, איז געוועזן אַ ייד אַ גרויסער בן־תורה, איז געוועזן מוהל אין שטאט שלא על מנת לקבל פרס, האט זיך קאטעגאָריש אָפגעזאגט פון וועלכער ס׳איז באלוינונג, נאר געטאן די מצוה בשלימות. אליין עוסק געוועזן אין מסחר, געהאט אַ געוועלב פון שפייז און פון דעם זיך מפרנס געוועזן, צום סוף געלערנט מיט בחורים.

ער איז געוועזן פון די אנגעזעענע יידן אין בילגוריי. פון תורה און חסידות אין וועלכע אונזער דור איז יעצט ארעם אין זיי — חבל!

---

בילגוריי האט פארמאגט אַ סך יידן תלמידי־חכמים, יראים ושלמים צווישן זיי סוחרים און בעלי־מלאכות, ניט געוויסט פון פאליטיק, טייערע יידן מיט ווארימע הערצער, מיר וועלן דא אויסרעכנען נאר אייניקע פון זיי, ווי: ר׳ אהרן וויינבערג, יחזקאל טייכער,

דוד פורער, טעבל סטעמפל, משה מאדעל, יקותיאל פעסט, יעקב גאלדבארד, שמאי אדלער, הלל יאנאווער און אנדערע.

ווער עס געדענקט די יידן ווי זיי האבן אויסגעזען שבת אין זייערע יום־טובדיקע מלבושים מיט זייערע ליכטיקע פנים׳ער, אריינצוקומען אין די יידישע הייזער אַ פרייטיק צו נאַכטס אדער יו״ט, דאס ווארימקייט, דאס עכטע יידישע פאַמיליע לעבן, דאס „בניך כשתילי זיתים סביב לשולחניך״, די האַרמאָניע צווישן עלטערן און קינד, די אורחים ביי דעם שיינעם שבת און יו״ט טיש.

די סאציאלע חברות, וואס האבן געזארגט פארן ארעמען חבר, פארזאָרגנדיק אים מיט אלץ, ווען עס פלעגט טרעפן אַ נויט־פאל ביי אַ ארעמען יידן, האבן אונזערע טייערע בעלי־מלאכות געווארפן די ארבעט און געשאפן פאר יענעם די הילף.

חבל על דאבדין ולא משתכחין!

---

## יונה אקערמאַן

ווער האט אין בילגוריי נישט געקענט יונה אקערמאן? געערט פון אלע קרייזן און שיכטן, חסידים, בעלי־בתים, סוחרים און האנדווערקער, יעדער איינער האט געוווסט אז יונה אקערמאן איז דער סימבאָל פון ערלעכקייט, אָן גאות, חנופה, פאָליטיק איז ער אויפגעקומען אויף אלע העכסטע כמעט אַמטן אין בילגוריי, ווי: דאָזאָר אין דער קהילה, לאַווניק אין שטאָט־ראַט א.א.וו. און אַלץ געגן זיין ווילן, אַ ריכטיקער בורח מן הכבוד, הכבוד רודף אחריו. פשטות ענוות האבן באַגלייט זיין וועג, טראָץ זיין אינטעליגענץ, העכערע בילדונג און שפראַכן קענער. אלעס געטון כמעט שלא על מנת לקבל פרס.

געלעבט פשוט, באשיידן, דורכשניטלעך, זיין פאַך, געשריבן פאַדאַניעס, געגעבן עצות אין אלע ענינים, מערסטנטייל אָן געלד, ממש אַ שונא בצע. אויך גוים האבן זיך אויסגעקענט אויף זיינע מדות און נהנה געווען פון זיינע עצות און פאַראַכטעט אים ביז גאָר.

נישט נהנה געווען פון דער וועלט, געלעבט ווי אַ פרוש, אייביק געליטן און נישט ארויסגערעדט, געווען דער פאַטראָן פון דער גאנצער פאמיליע אַקערמאַן, געזארגט פאר אלע, אלע כמעט איינגעאָרדענט, נאר ער האט זיך באגנוגנט מיט דאס מינדעסטע.

געווען פון די ערשטע אידעאישע ציוניסטן, מיטגעלעבט און מיט־געמאכט. געדאווענט מיט חסידים און אלע האבן אים מכבד געווען.

אויסגעוואנדערט אין קריג קיין רוסלאנד, מיטגעמאכט זייער פיל און געליטן, זיין איידעלער כאַראַקטער האט נישט אויסגעהאלטן די צרות, געשטארבן איינזאם אין טיפן רוסלאַנד, געלעבט אזוי און אזוי געשטאָרבן...

ת. נ. צ. ב. ה.

---

# שוחטים אין בילגורייַ פאַרן חורבן

## ר' אליעזר שוחט ז"ל

אַ טיפּ פון אַ פּארצייטישן ערלעכן ייד, אַ גרויסער בן־תורה און חסיד, אַ טוב לבריות און עוסק בצרכי־צבור באמונה, געהאט אלע מעלות, וואס עס פארלאנגט זיך פון אַ שוחט, האָט ערווארבן כבוד פון דער יידישער באפעלקערונג אין בילגוריי, ער האט עוסק געווען אין זיין אומנות בשלימות און אומגעקומען אין גרויסן חורבן — חבל!

---

## ר' זאב (וועלוול) שוחט ז"ל

נאך אלס יונגערמאַן איז ער געווארן אויפגענומען אלס שוחט אין בילגוריי, אַ ירא ושלם אַ בן־תורה מובהק, אלס זון פון אַ בעל־הבתישן יידן, האט ער אין זיינע יונגע יארן פארברענגט אין די ישיבות און אַ סך געלערנט. געדאוונט און געהאלטן זיך אין בעל־מלאכה'שן קרייז, און געלערנט מיט זיי שיעורים, געווען שפּעטער אויך מוהל און געטאן אלץ בשלימות לשם מצוה.

---

## ר' יאנטשע קאַנטאר ז"ל

אַ יונגערמאן אַ סאקאלאווער חסיד אַ סוחר, וואס איז אין די לעצטע יארן געווארן שוחט, אַ תלמיד חכם, אַ ירא שמים, אַן עסקן פון אגודישן חדר, וועלכער האט אוועקגעגעבן זיינע כוחות פארן חנוך, פון חדר און בית־יעקב אין בילגוריי, אנטיילגענומען כמעט אין אלע מוסדות, אַ נהנה מיגיע כפו, אַ אהוב על הבריות, אַ מקבל את כל האדם בסבר פנים יפות, אַ מזג טוב עם כל המדות שמנו חכמים, מי יתן לנו תמורתו.

---

שאַץ שמחה

# אלץ איז פאַרשווונדן ווי אַ חלום

אלע מאל ווען איך געפין זיך אין מיין איינזאמקייט, קומט מיר אויפן זכרון דאס בילד מיט 17 יאר צוריק, ווען איך בין געווען אַ קינד פון 13 יאר.

ווי אַ חלום זע איך דאס איינגעבויגענע הייזל מיטן שינדל־דאך, לעבן דער שטאטישער־עלעקטראווניע, די פענצטער קוקן אַרויס צום גאָרטן וואס איז פול מיט גרינע ביימער און בלעטער, די שמעקעדיקע מאַטשיעקעס רופן צו זיך און פאַר׳כשוף׳ן פונקט ווי אַ געליבטע איר געליבטן, דער גאנצער גארטן זעט אויס ווי מיט אַ גרינעם סאַמעט באצויגן פון וועלכע עס שפראצט ארויס פארשידענע קווייטן מיט פארשידענע קאָלירן.

אַ גאנצע נאכט איז אָפן דאס פענצטער, די בע׳טעם׳טע ריחות פילן אָן די הערצער מיט פרייד און האפענונג.

פארנאכט ווען די זון גייט נאר אונטער, איז אַ פארגעניגן צו זיצן אין גאָרטן, וואָס איז ארומגעוואַקסן מיט בוימעלעך.

קליין און גרויס שטראָמען ביינאכט צום עלעקטראָווניע־גאָרטן, די שיינע לידער פון דער יידישער יוגנט פארשאפן פיל פרייד און פאַרגעניגען, און די הארציקע טענער רייסן איבער די שטילקייט פון דער נאכט.

אזוי האבן יידן געלעבט און זיך געפרייט, ביז עס איז געקומען דער גרויזאמער טאג פון חורבן.

געווען איז דאס ענדע חודש אַווגוסט, אַ שיינער זומער־טאָג, קינדער שפילן זיך אויף פיניע צימרינגס פלאַץ, מען כאַפּט שמעטער־לינגען, מען שפילט פוטבאָל, עס איז אַ פארגעניגען, די פייגעלעך שפילן, אויך די מענטשן פרייען זיך מיט די זומער־טעג, שכנים זיצן אין הויף ווארעמען זיך אויף דער זון, עס איז אזוי לייכט אויפן הארצן, עס ווילט זיך זינגען גלייך מיט די פייגעלעך.

אין הויף אין אַ ווינקל זיצט אַ מיידל, העפט אַ טיכל און זינגט

זיך צו אַ לידל: וועגן אַ שניידער יינגל וואס האט געליבט אַ שיין מיידל עס דאַכט זיך, אז דאס שיינע געזאנג קומט פון ווייט, ווייט, און וואס אמאָל ווערט עס שוואַכער און שוואַכער, ביז מען הערט שוין נישט קיין שום קלאַנג, אלע שטראמען מיט אמאל ארויס: „בראַוואָ!" זי פאַר־שעמט זיך, ווערט רויט און לויפט אריין אין שטוב.

אין הויף איז מאדנע שטיל געווארן, די הינט בילן פונקט ווי זיי וואלטן עפעס שרעקלעכס דערשפירט, איך זעג מיטן ברודער האָלץ, פלוצים שרייט מען: „עס ברענט!", איך קלעטער ארויף אויפן דאַך פון הויז, זע איך ווי גרויסע וואָלקנס רויך זעצן פון דער ברוק־גאַס, יידן הייבן אָן טרעפן, איינער זאגט אז ס'איז זיכער ס'באד, איינער זאגט, דאס איז די באַיאַדעס, די גראַמאַדעס, אזוי שטייען יידן אין טרעפן, אבער באלד זעט מען אַ גרויס פייער פון דער צוויי־טער זייט שטאט, די זאמאשטשער גאס, פון דער באַגנער גאַס, עס ברענט שוין פון אלע זייטן.

עס ווערט באלד אַ גרויסער פּאַניק, יעדער טראגט דאס בעט־געוואנט און אנדערע זאכן, אויף די לאַנקעס ביי הערשעלעס מיל, דאס פייער ווערט וואס אמאל גרעסער, ס'שלינגט איין הויז נאך הויז, גאַס נאך גאַס, אזוי ווערן אָפּגעווישט, גאַסן: „רינעק", „קאשציושקע", „זאמאשטשער", „באַגנער", „3־טע מאַי", „שול גאס", „פילסודסקי", מיטן פלאַם ווערט פארשוואונדן די גרויסע שול, דאס בית־המדרש, דאס חדר, די ישיבה, דער מאגיסטראַט, די יאַטקעס, דאס שטאט־קינא, על־פי נס איז געבליבן די „קאשציושקע" גאַס אראָפּ צום זאַמד, די אָפּגעברענטע יידן, באזעצן זיך ביי שכנים, באַקאַנטע און משפחה.

אזוי איז אוועק מיטן רויך דאס יידישער האב און גוטס פון הונדערטער יארן שווערע ארבעט און מי.

---

# ט׳ ר׳ פּ ז

## חיים ברודער



אין זיינע יינגע יארן האט ער געארבעט אלס פריזיער אין איזשביצע, דארט איז ער אויסגעשטאנען אסך צרות, און דאך איז די שטאט ביי אים געבליבן באליבט ביזן טויט.

זיין איינציקער פארלאנג איז ביי אים געווען צו פארן קיין איזשביצע, אדער קיין רוסלאנד. ווי ער האט געהאט א ברידער. — „א שיינע שטאט רוסלאנד״ פלעגט ער זאגן. דאס איז ביי אים געווען די צוויי באליבסטע „שטעט״ פון וועלכע חיים פלעגט כסדר רעדן.

שפעטער קומט חיים צוריק אין זיין געבורט־שטאט, און ארבייט ביי זיין פעטער אלס פריזיער, און העלפט אים אויך שפילן אויף חתונות. אויף וועלכער חתונה חיים האט זיך נאר באוויזן איז שוין געווען פריילעך, א האלבע שטאט איז געשטאנען אונטער די פענסטער. נישט איינמאל פלעגט טרעפן, אז אין מיטן דער חתונה פלעגט חיים חאפן די פידל און נעלם געווארן דורך אן אונטער טיר.

די גרעסטע באליידיקונג איז ביי אים געווען, ווען מען פלעגט אים שרייען „חיים ברודער ממזר״.

ווען זיין פעטער איז אים געשטארבן, האט חיים זיך אויפגעהאלטן ביי זיין מומען מלכה. זיין באליבט מאכל איז געווען הייסע־באבעס.

איינמאל האט זיך חיים דערבעטן ביי זיין מומע מלכה, אז זי זאל אים מאכן א באבע, און ווען חברה האבן זיך דערוויסט אז מלכה באקט א באבע פאר חיים׳ן, האבן זיי אים אריינגעגאסן ריצין־אייל אין דער

בובע. חיים׳ן האט די בובע זייער געשמעקט, און געהאלטן אין איין רעדן — א פעטע בובע. און אז עס איז געקומען ביינאכט, איז חיים שיעור נישט געשטארבן. פון דאן אן האט ער שוין נישט געוואלט הערן פון קיין בובעס.

שוין אלט זייענדיק 60 יאר, פארגליסט זיך חיים׳ן חתונה צו האבן. חיים האט גארנישט געוויסט וואס עס גרייט זיך פאר אים. ער האט געמיינט אז עס ווייסט קיינער נישט פון זיין חתונה. ווען די כלי־זמר, מיט וועלכע חיים פלעגט שפילן אויף די חתונות, האבן זיך דערוויסט אז חיים פארט חתונה האבן, האבן זיי זיך אלע צונויף גענומען מיט די כלים, און זיך באהאלטן נעבן חיים׳ס הויז.

חיים האט זיך אויפגעהויבן פארטאג און צוגעגרייט צו דער חתונה. ווען ער איז ארויס פון שטוב און ארויף אויף דער פיר, זענען די כלי־זמר ארויס אויף דער גאס, און איינער מיט א פאן פאראויס, און מען האט אנגעהויבן שפילן. באלד האט זיך פארזאמלט די גאנצע שטאט און אזוי האט מען חיים׳ן באגלייט מיט מוזיק ביז אונטער דער שטאט.

ביי חיים׳ן איז זיין הויז געווען ליבער ווי זיין לעבן, ער האט מורא געהאט צו באנוצן אין זיין הויז עלעקטערי, ווייל פון לעקטער קען זיך נאך שאקלען דאס הויז.

ווען פוילן האט איינגעפירט די אורבאניסטיק, און געצווינגען צו מאכן שטאכעטן ארום די הייזער, איז חיים געווארן זייער טרויעריק, ער האט פא־שטאנען, אז אויך דער דאך דארף זיין פון שטאכעטן — איז ווי אזוי וועט ער קענען מאכן דעם דאך פון שטאכעטן עס וועט דאך אריין רעגענען.

זייענדיק אן אלטער ייד, פארלירט חיים די ראיה. אפט פלעגט ער זייער שטארק קרעכצן, אז מען האט אים געפרעגט — ר׳ חיים, פארוואס קרעכצט איר אזוי? האט ער געענטפערט, — ווען איך זאל געווען וויסן אז איך וועל בלינד ווערן, וואלט איך פריער געפארן זיך זען מיט מיין ברודער אין רוסלאנד.

הארט פאר זיין טויט האט חיים אויסגעדריקט זיין גרעסטן צער, עס איז אים א שאד געווען וואס ער קען נישט אנקוקן זיין הויז, חאטש נאך איין מאל פארן טויט.

---

# יחזקאל'ע



ער איז אייביק געווען יונג און פריילעך, נאך מיט לאַנגע יאָרן צוריק אז מען האט אים געפרעגט, יחזקאל וויפיל ביסטו אַלט? האט ער כסדר געענטפערט 35 יאָר, און ביזן לעצטן טאג איז ער אלץ נישט געווען עלטער פון 35 יאָר.

אפילו אין דער צייט פון דער וועלט-מלחמה, ווען עס האט געבושעוועט די חולירע, האט מען יחזקאלן חתונה געמאכט מיט א שטומע אויפן בית־הקברות, אלס סגילה, איז ער אויך דאן געגאנגען פריילעך צו דער חופה.

עס איז אין שטאט נישט פארגעקומען קיין איין חתונה, אויף וועלכע יחזקאל'ע זאל נישט זיין איר גאַסט און ויילן דעם עולם מיט זיין טאנצן און זינגען, אין וועלכן ער רעכנט אויס זיין יחוס. יחזקאל'ע וויאָטש — דאס בין איך, מאיר'לע באָטש — מיין פאטער. חנהל'ע די, — מיין מוטער, לייבעלע שאָוואלסקי — מיין פעטער, און אזוי רעכנט ער אויס זיין גאנצע משפחה.

ער געדענקט אויך גוט יעדער מארש, וואס מען האט גע־שפילט צו די חופות מיט 40 יאר צוריק און ביי וועמען.

# גד׳ל



אין זיינע יונגע יאָרן איז גד׳ל געווען א זיפּער, שווער געארבעט אויפן שטיקל ברויט, קיין שטאַרק קלוגער איז ער קיינמאָל נישט געווען.

ווען עס ברעכט אויס די פּויליש־באָלשעוויסטישע מלחמה, נעמט מען גד׳לן אין פּוילישן מיליטער און מען שיקט אים דינען קיין שטשעצין.

אין א קורצער צייט ארום, ברענגט מען גד׳לן אין שטאָט א משוגע׳נעם, ער לויפט כסדר איבער דער שטאָט אַן אָפּגעריסענער פון זיך די מלבושים, מאכט מיליטערישע איבונגען און שרייט כסדר: „קאָמפּאַניאַ״. פון צייט צו צייט שטעלט ער זיך אָפּ, הויבט זיך אָן קלאַפּן אין פּנים און לויפט ווייטער.

אויף איין זאַך האט ער נאך א זכרון, עס געפינט זיך נישט קיין איין מענטש אין שטאָט, אז גד׳ל זאל נישט וויסן ווי יענער הייסט, אז מען ווייסט אים אָן אויף וועמען און מען פרעגט אים, גד׳ל, ווי הייסט ער? הויבט ער אן צו שפּרינגען און זאגט ווי יענער הייסט.

ה. פיינענבוים

# שמעון'לע



אין די יונגע יאָרן איז ער געווען דאַמן־שניידער, דאָס הייסט, אָבגעטראָגן מיטן מייסטער די פּאַרטיקע מלבושים.

די גרעסטע קללה פאַר אים איז געווען, שמעון, צערייס די שיך, אָבער, שמעון, מען פירט דיר אַוועק דאָס הויז, פאַר דעם איז ער אַרוים פון די כלים.

זיינע לאָקאַטאָרן האָבן זיך נים געטאָרט פאַרמאַכן די לאָדן, איך בין בעל־הבית האָט ער געזאָגט, און ער האָט זיי פערמאַכט.

שפּעטער, וואַרפט ער אַוועק זיין פאַך, און איז געוואָרן אַ בן־בית ביים שטאָט רב, ער איז געווען גרייט זיך מקריב צו זיין פאַרן רב מיט די רביצ'ן, זיין דאַנקבאַרסטער אויסדרוק איז געווען: „רבי איר זענט אַ וואוילער יונג".

אַז זיין מוטער איז געשטאָרבן האָט אים זייער פערדראָסן אויף איר, און האָט געזאָגט: גאַנץ גלייך אויף דיר, האָסט נים געוואָלט עסן, יעצט ליג, ליג.

לעצטנס, האָט ער איבערגעריסן זיין פריינטשאַפט מיטן רב און רבי'צן, און האָט זיי פאַרלאָזט, און גענומען זיך צום וואַסער־טראָגן.

און צוליב וואָס ער איז ברוגז געוואָרן מיטן רב און די רבי'צן, בלייבט אַ סוד.

# אברהם׳לע

אברהם׳לע איז געווען אַ מענטש פון מיטעלער וווקס, מיט אַ שוואַרצע ברייטע באָרד. ער האָט געוווינט מיט זיינע עלטערן אין אַ דאָרף נעבן בילגוריי. ער פלעגט כסדר אַרומגיין אין שטאָט און רעדן צו זיך. ער פלעגט אויפקלויבן אַלע פּאַפּירן און טראָגן ביי זיך אין בוזעם.

ווען עס ברעכט אויס די ערשטע וועלט־מלחמה, איז זיין מוטער — וועלכע איז געווען זייער אַ פרומע, געשטאָרבן אויף דער כאָלערע וואָס האָט געבושעוועט אין לובלינער געגנט, און מען האָט זי נישט געקענט ברענגען צו קבורה אין שטאָט, האָט מען זי קובר געווען אין וואַלד. דאַמאָלס פאַרלאָזט זיין פאָטער דאָס דאָרף און קומט מיט אברהם׳לען אין שטאָט.

נאָך דער קריג האָט מען זיין מוטער אויסגעגראָבן, מען האָט דערציילט אַז זי איז געווען אין גאַנצן פריש. די פּויערים פון דאָרף פלעגן דערציילן, אַז ווען זיי פלעגן אַדורכגיין ביינאַכט פאַרביי דעם קבר, פלעגט זיך דאָרט עפּעס לייכטן.

ווען בילגוריי איז געווען אָקופּירט דורך עסטרייך, האָט די זשאַנדערמערי אַמאָל אברהם׳לען געבראַכט אַ געשמידן אין קייטן, טראַכטענדיק, אַז מען האָט געכאַפּט אַ שפּיאָן, ווייל ער פלעגט ביי זיך טראָגן גאַנצע פּעק פּאַפּירן, אָבער נאָכן אויפקלערן זיי דעם טעות, האָט מען אים באַפרייט.

זיין באַליבט מאכל איז געווען הייסע קאַרטאָפל, דערפאַר פלעגט מען אים טאַקע רופן „אברהם׳לע הייסע פּאָפּלעס״.

נאָכן פאָטערס טויט, האַלט זיך אברהם׳לע אויף אין בית־המדרש, ער טוט ביי מענטשן פאַרשידענע אַרבעט און באַקומט דערפאַר עסן.

# דער מלחמה אויסברוך

די לעצטע זוניקע אויגוסט טעג, דוקא צעשטראַלטע שיינע, עס האט זיך אפילו פון צייט צו צייט אָפגעריסן אַ בייזער שוין הערבסטדיקער ווינט, אַ קער געטאן די פארגעלטע קאַשטאַן־בלעטער, אבער באלד איז ער פארשוואונדן, ווי ער וואלט קיינמאל נישט געווען און ווידער די זון מיט איר קוים פילבארער ווארעמקייט. אַ גלעט. אַ צערטל. ווי אַ שעפּטשענדיקע טרייסט פארן געזעגענען זיך, ווי זי וואלט געוואלט מיט אירע לעצטע שטראַלן, די ביטערע געמיטער פארטרייבן. אראָפּנעמען פון די פארזארגטע פּנים׳ער די ערנסטקייט, זיי אָפּפרישן, דערווארעמען, אויפמונטערן צום ווייטערדיקן קיום.

די וועלט גייט נאך נישט אונטער, האבן יידן פּאָליטיקירט. מען סטראַשעט די גענז, נישט די און נישט יענע (געמיינט פוילן און דייטשלאנד) וועלן זיך אזוי שנעל כאַפּן צום געווער. אוועק די אמאליקע צייטן, מיר לעבן נישט מער אין אן עפּאָכע פון פּאָזיציאנעלע קאמפן, ווי מען איז אָפּגעלעגן אין די אָקאָפּעס, פּארלייזיקט, פארוואקסן ווי די מאַלפּעס, יארן לאנג געווארט אויף אַ גינסטיקן מאמענט, מיט אַ הוראַ (נאַ שטיקי, באַגנעטן־קאמף) אויף צו פארנעמען די פּאָזיציע.

היינט איז די צייט אן אנדערע, היינט פליען שטאלענע פייגל אין די לופטן און רייסן שטיקער פון דער ערד. ריזיקע באוועגלעכע פעסטונגען, מיט אויסגעשטרעקטע מאָרד־העלדזער, וואס ווארפן און שפּייען מיט בליי און פייער, זיי קענען אומברענגען וועלטן און איצט. דאס שרעקלעכסטע פון אלעמען גאַזן!

שטיקנדע גאזן, ברענענדיקע גאַזן, גאַזן, פון וועלכן דער קערפּער צעפאלט זיך אויף שטיקער, און דאס האבןביידע לענדער, די פייגעלעך דארפן נישט קלעטערן דורך שטעכל־דראט, זיי פליען

איבער די העכסטע בערג. אזוי אז די סכנה איז די זעלבע פאר ביידע און דאס וועט נישט דערלאזן צו קיין מלחמה.

אלא וואס גייט עס זיי? וועגן שטיוול? (געמיינט דעם דאַנציגער גאָלף) וועלן זיי שוין צווישן זיך אדורכקומען. צווייטנס, פוילן איז דאך נישט אליין, זי האט פארבינדעטע און דעוויזיעס אייגן מיליטער, ווי עס האט געזאגט רידז־שמיגלי, מיר וועלן קיין קנעפל נישט געבן!

אזוי האבן יידן פּאָליטיקירט, גרינגער געמאכט דאס האַרץ, נישט צוגעלאזט דעם וויסטן מלחמה געשפּענס, ווייל יידישע טאַטעס און מאמעס האבן זייערע זין אין די גורל'דיקע טעג געהאט צעשפרייט אין פוילישן מיליטער, יידישע אויסגעדינטע זעלנער. טאטעס פון קליינע קינדער, האבן געמוזט זיין גרייט צו יעדער רוף, און דערפאר טאקע האט מען נישט געוואלט צולאזן דעם געדאנק, אז עס קען עפּעס אזעלכעס געשען.

די טעג צו ענדע מאָנאַט זענען שנעל געלאפן, דער הימל האט זיך אנגעהויבן וואָלקינען, די לעצטע פייגל האבן אין א שורה־פלי פארלאזט די געגנט, אויפן וועג אין די וואַרעמע לענ־דער. דעם אומרו האט מען נישט געוואלט צו זיך צולאזן, דאך איז ער שטארק געוואקסן.

יוגנט און עלטערע מענטשן, זענען געשטאנען ביי טאָדרעס לאַנג׳ס געשעפט און אנדערע פלעצער, מיט אָנגעשפּיצטע אויערן, געהערט פון ראַדיאָ די בייסיקע רעדעס, פון די פוילישע מושלים מיט זייערע לאָזונגען, „מיר וועלן קיין שפּאַן ערד נישט געבן", זיכער אין זיך, ווען עס ברעכט אפילו אויס א מלחמה, איז זי דורך פוילן א געוווּנענע. פיבער און קעלט, אויפטרייסלונג און זעלבסט־בארויקונג, האט מיט די מענטשן וויברירט. נאך די רעדעס, הערנדיק דעם מלוכה־הימן (יעשציע פּאָלסקא ניע זגינענלא), איז זיך דער עולם צוגאנגען אין די שטובן, שכן צו שכן, איבערגערעדט דאס געהערטע,

נישט בלויז די מורא פאר דער קריג, האבן געגעבערט די יידישע מוחות, עס איז געווען נאך אמורא פאר וועלכע יידן האבן געציטערט, דאס זענען געווען די פוילישע שכנים, זיי, די גרויסע פאַטריאָטן, האבן שוין ערב דעם גרויסן שטורם־אויסברוך, זיך ארומגעדרייט פאריסענע, מיט פנים׳ער מלא־שמחה און גאנץ אָפן געזאגט, „זאל נאר די מלחמה קומען, וועלן מיר זיך אָפּרעכענען מיט די יידן״ (אייער זיידע פילסודסקי איז שוין לאנג געשטארבן). דאס האבן זיי געגעבן אָנצוהערן, אז מיר האבן דעם לעצטן שוק־פילאַר פאַרלארן, זיי ווארטן נאר אויף דעם פּאַסענדן מאָמענט, ווען זיי וועלן קענען פריי אהוליע טון איבער די יידן.

און טאקע די שפּיזיקע אויגן, מיט פריילעכע פנים׳ער האבן פאר׳מרה־שחור׳עט און אוועקגעשטויסן די לעצטע טרייסט, וואס יידן האבן זיך געפרווווט איינרעדן, אַז עס וועט דאך קיין מלחמה נישט אויסברעכן.

דעם לעצטן דאנערשטיק, אויגוסט 1939, האט מען שוין דייטלעך געפילט, אז עס האלט ערב עפּעס, אבער וואס, האט קיינער נישט געוווסט, די שטאט האט זיך געפונען ווי פאר א גרויס געשעעניש, דער האנדל אין יריד־טאג איז געווען ווי פאר־חלש׳ט, גלייכגילטיק, נישט מיט דעם שטענדיקן אימפעט, חאטש בעלי־בית׳טעס, האבן איינגעקויפט מער, ווי א צווייט מאָל, זאל זיין אויף יעדן פאַל. פאר וואס עפּעס אזוי, האט קיינער נישט געוווסט, סתם א געפיל האט דיקטירט, ווען מען האט געקאנט דער געדאנק אויסמאָלן, אז דארט ערגעץ אין א שלאנגן נעסט, צווישן אָפּגרונד פון דער מאָדערנער ציוויליזירטער מענטשהייט, שטייט דער ווילדער טייוול, מיט דעם זייגער אין דער האנט און ווארט אויף דעם געבורט פון דעם אומגליקלעכן ערשטן סעפּטעמבער 1939, בכדי צו עפענען די טויערן פון גיהנם. פון א גיהנם, וואס די מענטשלעכע פאַנטאַזיע האט עס נישט געקענט באַגרייפן.

פרייטיק י״ז אלול, דעם 1 סעפטעמבער 1939, 4 אזייגער פארטאג, האבן די ערשטע באָמבערס אויפגעוועקט דאס פוילישע פאָלק, די נעכטיקע פריינד פון היטלער־דייטשלאַנד, די גאַסט־געבער פון גערינג׳ן מיט זיין סוויטע, און זיי אָנגעזאגט די בשורה, אז די מלחמה איז אויסגעבראכן.

בליץ שנעל, מיטן אַנטשטיין פון טאג, האט זיך די טרויע־ריקע בשורה, איבערן גאנצן לאַנד צעטראגן, און האט אויך דער־גרייכט בילגוריי.

א טונקלקייט, א מרה־שחורה, האט די מענטשן באַהערשט. געוויין און יאָמער, האט די שטובן איינגעהילט. מוטערס זענען געלאפן אין די בתי־מדרשים איינרייסן. אויפן בית־עולם, קברים רייסן. בעטן פאר זייערע קינדער, זיי זאלן ניצול ווערן. דאס פייער זאל זיי אויסמיידן.

נאך טרויעריקער זענען מענטשן געווארן, אונטער דעם ווערבלן פון קאָסיבוצקעס פויק, ווען ער האט אין פארשידענע טיילן פון דער שטאט, צוזאמענגערופן דער באפעלקערונג און פאר זיי פאָר־געלייענט די מאָביליזאַציע באַפעלן פאר פארשידענע יאָר־גענג, און באַפעלן פון אָרטיקן שטאט־ראַט אין צוזאמענהאנג מיטן מלחמה־אויסברוך.

דאסמאל האט דער באַוואָנסעטער פאָלאַק, אויסגעזען ערנ־סטער, ער האט יעדעס ווארט געלייענט לאַנגזאם, מיט אויפמערק־זאַמקייט, ספעציעל שאַרף האט ער אַקצענטירט די ווערטער, דאס פוילישע מיליטער, וועלנדיק דערמיט באווייזן, דעם אַוואַנגארד פון לאנד, און צוגעבן מוט די, וועלכע דארפן זיך אין די נאָנסטע שעה׳ן אין איר אָנשליסן. אפילו ביים ענדיקן דאס לייענען, איז זיין ערנסטקייט נישט פארשוווּנדן, קיין וויץ, קיין גראַם, ווי געוויינלעך איז געווען זיין שטייגער, איז איצט פון זיין מויל נישט ארויסגעקו־מען. מיט שנעלע טריט האט ער זיך פון דעם פלאַץ אָפּגעטראגן אין

אַ צווייטן שטאָט־טייל. דאָרט, זיך ווידער צעפּויקט. ווידער פּאַר־זאַמעלט אַרום זיך אַן עולם.

ניִשט נאָר אַרום קאָסיבוצקין, דעם שטאָט פּויקער, האָבן זיך מענטשן פאַרזאַמלט. מאָסן מענטשן זענען געשטאַנען ווי צוגעשמיד צו די פּלאַקאַטן, וואָס זענען געווען אויסגעקלעפּט אין אַלע ערטער. לייענענדיק די באַפעלן פון דער מאָביליזאַציע, האָט יעדער זיך געזען ווי פאַראורטיילט, פאַרלוירן, קען עס דען מיך אויסמיידן? ווי צווישן פייער שאַנצן, האָבן דערשראָקענע אויגן פון פאָטער און מוטער געבלאַנדזשעט, געזוכט אַ רעטונג פאַר זייערע זין, וואָס אָט, אָט, און זיי פאַרלירן זיי, מלחמה!

מלחמה שטימונג אין שטוב, אין גאַס, אין שול, אין בית־המדרש. אויס אַרבעט, אויס האַנדל, אויס חדר. אַלעס פּאַראַליזירט, ווי מיט איינמאָל אָפּגעשטאָרבן. בלויז דאָ און דאָרט, רייסט זיך אויף אַ טיר, עס לויפט פון איר שנעל אַרויס אַ בחור, מיט אַ קופּערטל אין האַנט, און קוקט זיך אום עטלעכע מאָל, אין שוואַרצן חלל פון דער טיר, זענען געבליבן שטיין ווי פאַרשטיקטע, טאַטע, מאַמע, יינגערע שוועסטער, ברידער, מיט פייכטע אויגן און אויסגעשטרעקטע הענט, ווי מען האָט פון זיי דאָס טייערסטע אַרויסגעריסן, אַזוי איז אַלעמאָל אַ צווייטער פאַרשוווּנדן, און אַלע אין דער זעלבער ריכטונג, צו דער קאַלייקע (קליינע באַן), וועלכע האָט דאָס יונג־וואַרג אויפגעזאַמלט, און אין אַ אויסזיכטלאָזן וועג אַוועקגעפירט.

נאָך מער איז די שפּאַנונג געוואַקסן אין די אָוונטן, ווען די זון האָט זיך אונטער דעם האָריזאָנט באַהאַלטן, די טאַגיקע ליכ־טיקייט האָט זיך ווי אַ ליכט אויסגעלאָשן, און איבערגעלאָזט אַ שוואַרצע פינסטערקייט, די גאַנצע שטאָט האָט אויסגעזען ווי איין שטיק שוואַרץ צעצויגענער סאַמעט. די גאַסן נישט באַלויכטן, די פענסטער פאַרהאַנגען, איבער זיי פאַרמאַכט די לאָדן, עס זאָל זיך דורך זיי חלילה קיין פונק פון ליכט נישט אַדורכרייסן, אַז

אויב דער שונא וועט אָנפּליען, זאל ער נישט דערקענען די שטאט.

איינגעזעסן און פארקלעמט, האט זיך די שטאט אין דער נאכטיקער מרה־שחורה, בלויז אין דרויסן האבן זיך, פון צייט צו צייט פארבייגעשלייכט א פּארל נאַכט־שומרים, וועלכע האבן געהיטן די טעלעפאָנען־סלופּעס, שפּיאָנען זאלן זיי נישט שעדיקן.

עטלעכע טאג נאכן אויסברוך פון דער מלחמה, איז די שטאט פארפלייצט געווארן פון א גרויסע כוואַליע יידישע פּליטים. זיי זענען געקומען מיט פארשידענע מעגלעכקייטן, אויסגעמאטערטע, דערשעפּטע, מענטשן וואס האבן זייערע היימען, זייער האָב און גוטס, זייער שווייס און בלוט, פון דורות שווערע ארבעט, שוין פארלארן. דאס זענען אמיינסטנס געווען מענטשן פון טאַרנאָוו און קראקאווער אומגעגנט. זיי האבן דערציילט, וועגן דער שנעלקייט מיט וועלכער די היטלעריסטישע הארדעס, שטורמען פאָראויס, איינברעכנדיק יעדער ווידערשטאנד פון דער פּוילישער אַרמיי. גאנצע פּאָלקן קאַפּיטולירן מיט זייערע אָפיצירן צו די דייטשן, פריי מאַכנדיק פאר די דייטשע האָרדעס דעם וועג.

הערנדיק די באריכטן פון די פּליטים, האט יעדן א שוידער ארומגענומען, עס איז פארשטענדלעך געווארן, אז אלע שוץ־באַריערן, ברעכן זיך איין, מענטשן זענען געווארן הילפלאָז. דערווייל האט זיך אין שטאט אנגעהויבן פילן א מאַנגעל אין לעבנס־מיטל, די איינגעזעסענע, האבן נאך געהאט, ווייל יעדער איינער האט זיך וואס עס איז צוגעגרייט, ערגער איז געווען די לאגע פון די פּליטים, טראץ דער הילף וואס מען האט זיי צוגעטיילט, זענען זיי געשטאנען אין גרויסע רייען פאר די בעקערייען נאך ברויט. מיט די איבעריקע באדערפעניש, האט זיך יעדער שטוב מיט זיי געטיילט, ווי מיט אייגענע, פאר זיי געקאכט, באזארגט מיט נאכטלעגער, עס איז כמעט נישט געווען קיין איין שטוב אָן פּליטים, די זארג פאר די מענטשן האט אלעמען ארומגענומען, דאס זענען געווען

די ערשטע מלחמה־שפורן, די ערשטע בילדער פון עלנד און ליידן

מיטוואָך, דעם 6 סעפּטעמבער (כ״ב אלול), ווען בילגורייער ייִדן זײַנען געשטאַנען מיט רידלעס, געקאָפּעט שוץ־גראָבענס, נישט ווייט פון דער קאָליייקע האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ שאַרפער גערויש פון עראָפּלאַנען. זיי זענען געפלויגן זייער הויך, עס איז שווער געווען צו דערקענען זייער אָפּשטאַמונג. ערשט ווען אַ שאַרף געפּייף פון די פאַלענדע באָמבעס, האָבן דורכגעשניטן דעם לופט־רוים. און עס האָבן זיך געהערט די דעטאָנאַציעס פון די אויפרייסן, האָט מען פאַרשטאַנען אַז מען באָמבאַרדירט אונז.

די שטאָטישע סירענע האָט זיך צעיאָמערט שוין נאָך אַלע־מען. קיין ייִדן האָבן נישט געליטן. מענטשן זענען אין בהלה זיך צעלאָפן זוכנדיק אַ בעסערע באַהעלטעניש. פּוסט זענען געוואָרן די גאַסן, די מענטשן, פאַרשלונגען מיט האַרץ־קלאַפּעניש אין זייערע באַהעלטענישן, אויס מורא פאַר נאָך אַן אַנפאַל. אַזוי איז מען געלעגן ביז די סירענע האָט אָפּגערופן דעם אַלאַרם.

דער דאָנערשטיקער טאָג איז געווען רויק, קיין יריד איז נישט געווען, מענטשן האָבן זיך אַרומגעדרייט אונטערן איינדרוק פון דער נעכטיקער באָמבאַרדירונג. מען האָט דערפילט, אַז די מלחמה האָט זיך אויך אין בילגוריי אָנגעהויבן.

פרייטיק, דעם 8 סעפּטעמ. (כ״ה אלול), האָט נישט אויסגעזען ווי שטענדיק, די בעל־הבית׳טעס האָבן זיך געגרייט שבת צו מאַכן, אָבער נישט מיט דעם פאַר מלחמה׳דיקן לוסט און פרייד. יעדע באַוועגונג איז געווען געשפּאַרט, שטיל אָן רעש, בכדי דעם שבת נישט צו פאַרשטערן, אַלץ איז געטאָן געוואָרן גיך, וואָס פריער פאַרטיק צו ווערן.

10 אַ זייגער פרי, האָט זיך ווידער אַ שטאַרקער רעש צו דער שטאָט דערטראָגן, עס האָט זיך איבער די העלע הימלען פון בילגוריי באַוויזן אַן עסקאַדרע דייטשע באָמבאַרדירער, באַלד האָבן

זיך דערהערט מעכטיקע אויפרייסן. איינער נאך דעם אנדערן, עס איז אנטשטאנען א ווילדע בהלה. מענטשן זענען געלאפן נישט וויסנדיק ווו, געפאלן, זיך אויפגעשטעלט און ווייטער געלאפן. פרויען האבן גע׳חלש׳ט, ספאַזמירט. קינדער האבן געציטערט פאר מורא. א אומבאשרייבלעכע פאַניק און שרעק. אזוי האט עס די מענטשן געהאלטן, ביז דער רעש פון די עראָפּלאנען, האט זיך דערווייטערט. ביז די סכנה איז צייטווייליק פארביי.

צענדליקער באמבעס, זענען אין דער זעלבער צייט אין פארשידענע טיילן אין שטאט געווארפן געווארן; ביי יצחק ווירצער, איז די גאנצע וווינונג פארניכטעט געווארן, ביי נטע קראנענבערג אין גארטן, איז געפאלן צוויי באמבעס, וואס האבן דעם גאנצן הויף איבערגעקערט, עס איז אין הויז, קיין איין גאנצע שויב נישט געבליבן.

אין דער צווייטער זייט גאס, אין גארטן פון נתן׳לע מיימאן האבן זיך שכנים אויסבאהאלטן צווישן די פרוכטן־ביימער, אין דער זעלבער צייט האבן די יעגער אייראפלאנען ארומגעקרייזט און געזייעט טויט פון די מאשין ביקסן.

זונטיק, (כ״ו אלול) דעם 10 סעפטעמבער, זענען געפארן מיט דער קאַלייקע פון זווערזשיניעץ קיין בילגוריי א פּאַדפּאָרוצניק און א סערזשאַנד פון דער פוילישער אַרמיי. זיצנדיק אין דער קופע, האט זיך צו זיי דערטראגן פון דער צווייטער זייט א געש־פּרעך אין א שלעכטן פויליש, דערמאנענדיק דעם נאמען מילער. די צוויי מיליטער לייט זענען געווען בילגורייער — איינער סקאַ־ווערזשאקס אזון — זיי האבן געקענט מילערן, דעם פוילישן פּאַט־ריאָט, וועלכער פלעגט האלטן זיינע דרשות אין די פוילישע נאצי־יאנאלע ימים־טובים, דאך זענען די מיטפארער, זיי פארדעכטיקט

געווארן. זיי האבן באשלאסן די מענטשן נאכצושפיאָנירן. באלד זענען די מענטשן אויסגעשטיגן און געלאזט זיך אין דער ריכטונג צום נאַדלעשנע איבער די מלוכה־וועלדער, מילער.

עס האט זיך די צוויי מיליטער־לייט איינגעגעבן, זיך אריינצובאקומען אין הויף, צו זייער שטוינונג. האבן זיי פעסטגעשטעלט, אז זיי האבן צו טון מיט א פארצווייגטער שפּיאָנאזש־נעץ, אין וועלכער עס שטייט אין שפּיץ מילער אליין.

איינער פון די צוויי מיליטער־לייט, איז אוועק אין דער שטאטישער־פּאָליציי. אין געציילטע מינוטן איז דער גאנצער הויף געוועז ארומגערינגלט. דער פּאָליציי־קאָמיסאר אין באגלייטונג פון פּאָליציי, האט זיך ארייגעריסן אין קעלער, אונטער מילערס הויז און דארט געטראפן די גאנצע באַנדע, ארום דעם ראדיאָ־זענדער, וואס איז דארט געווען אינסטאלירט.

מאנטיק (כ״ז אלול), דעם 11 סעפטעמבער, 10 אזייגער פאר מיטאג, איז די גאנצע באנדע דערשאסן געווארן ביי די שוץ־גראבנס אונטער דער תפיסה. די ארעסטירטע האבן דערציילט, אז זיי האבן געהערט די לעצטע ווערטער פון דעם דייטשן־שפּיאָן: „היטלער, היטלער, מיר ארבעטן פאר דיר״, צום פּאָליציי־קאָמיסאר האט ער געזאגט: „מיך דערשיסט דו, אבער, אין א האלבער שעה ארום, וועט בילגוריי פארניכטעט ווערן״. און אזוי איז עס געשען.

דאס איז געווען דער אָנפאנג פון דער מלחמה אין בילגוריי, דער אָנפאנג פון שוידערלעכן סוף.

שמואל בראון

# די שריפה

**יש ומאורע מימי ילדותך נחרת עמוק כל־כך בזכרונך, עד שאינך יכול להשתחרר ממנו כל ימי חייך.**

---

עס טרעפן פאלן אין מענטשלעכן לעבן, וועלכע לאזן זיך קיינמאל נישט פארגעסן. דאס איז געווען דער פאַל אין מיין ייננ־סטער יוגנט, דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, „די שריפה אין בילגורייי״.

מאנטיק (כ״ז אלול), דעם 11 סעפטעמבער 1939, א שיינער זוניקער הערבסט טאג. איך האב זיך געשפילט מיט נאך קינדער אין הויף, א שוידער האט אונז פון שפיל אויפגעוועקט. די סירענע און די קלאנגען פון שטאטישן גאָנג, בילגורייי ברענט!

באלד האבן מורא׳דיקע פייער־צונגען ארומגעכאַפט דעם יידישן קווארטאל ביי דער בריק־גאַס, די באָד ברענט! דאס איז געשען פינקטלעך און אין דער צייט, וואס דער רייטשער נאַצי־שפּיאָן האט פּאָראויסגעזאגט, די שריפה האט זיך באלד באוויזן ווי א נקמה־אַקט, פארן דערשאסענעם שפּיאָן מילער.

מען האט נישט באוויזן זיך צו אָריענטירן, פון וואנען דאס פייער איז געקומען, איז שוין געשטאנען אין פלאמען דער גאנ־צער שול־הויף, די ברוק־גאַס, די באַגנע־גאַס, די שעוסקי גאַס, די פּילסודסקי גאַס, דאס פייער כאַפּט ארום דעם גאנצן מאַרק־רינג צעשפרייטנדיק זיך איבער דער קאָשציושקי גאַס. מענטשן לויפן ארום ווי צעמישטע צווישן די פלאַמען פון דער ברענעדיקער שטאט, בילגורייי אין פלאמען, בילגורייי ברענט! מען ראַטעוועט קודם די נפשות פון די שטובן, בעט־געוואַנט. קליידער, מעבל, געשיר, אַלץ וואַלגערט זיך אין דרויסן אונטער די פיס, וואס ווערט שפּעטער פארברענט פון די געפערלעכע פייער־היצן אדער

פון די הילצערנע טפּלעפּאנען־סלופּעס וואס פאלן אום ברענענדיק.

מענטשן שטייען צעמישטע מיט פארבראכענע הענט און קוקן זיך צו ווי זייער האָב און גוטס, פון שווערע יארן ארבעט, גייט אוועק מיטן רויך. עס איז אפילו נישט געווען מיט וואס צו לעשן דאס פייער. (באלד אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה זענען די פייער־לעשער, אוועק מיט אלע כלים).

מאסן מענטשן, פרויען מיט קליינע קינדער, טראגנדיק די אָפּגעראטעוועטע זאַכן, איינגעוויקלט אין ווייסע ליילעכער, פארלאזן די שטאט, לויפנדיק איבער די לאָנקעס צום טייך, אדער מיטן גאָש־געסל אויף די פעלדער.

מיין פאטער ז״ל, האט געבעטן מיין מוטער מיט די קינדער זיי זאלן לויפן מיט אלע מענטשן צום טייך און ער מיט נאך אנדערע מענטשן, זענען צוריק אין דער שטאט, העלפן ראַטעווען, וואס עס לאזט זיך. דער פּאַניק פון די מענטשן און די געוויינען פון די קינדער, די געשרייען פון די פרויען, געוואַלט, עס ברענט, בילגוריי ברענט, האבן די הימלען געריסן.

ווען מיר האבן זיך אומגעקוקט, האבן מיר געזען א שרעק־לעך בילד, די גאנצע שטאט איז איין שטיק שווארצער רויך, און ריזיקע פייער־צונגען שלינגען איין הויז נאך הויז און רייסן זיך צום הימעל. במשך אין איין שעה איז די גאנצע שטאט געשטא־נען אין פייער, ווי א פאַקל, פון יידישן האָב און גוטס.

ווען די יידן זענען געקומען צום שול־הויף, האבן זיי געזען ווי דאס פייער זעצט ארויס דורך די פענסטער, נישט טראכטנדיק קיין סך, זענען זיי אריין מיט מסירת־נפש אין די ברענענדיקע בתי־מדרשים, ראַטעווען פון דארט די ספרי־תורות, אלע מאָל איז ארויס א ייד כמעט א פאר׳חלשט׳ער, אויסגעריסט, פארברענט די מלבושים, די באָרד, טראגנדיק א פארסמאַלעטע ספר־תורה.

אין דער צייט פון דער שריפה, האבן די פוילישע אונטער־

וועלט, געוואלט אויסנוצן די צייט. זיי האבן אויפגעריסן דאס געוועלב פון טאָדרעס לאַנג און אנגעהויבן ראַבירן די סחורות. באלד איז אָנגעקומען פּאָליציי, וועלכע האבן דעם איינברעכער דערשאָסן.

ווען דאס פייער האט געהאט ארומגעכאַפּט די גאנצע שטאט האט זיך דערהערט א געוויש פון שווערע באָמבארדירער. עס האט זיך באלד באוויזן אַן עסקאדרע עראָפּלאנען, וועלכע האבן צו־געווארפן צינד־באמבעס, פון וועלכע דאס פייער האט אנגעהויבן ווילד צו בושעווען מיט א מורא׳דיקן רעש.

אָפּטוענדיק זייער ארבעט אין שטאט, זענען די עראפּלאנען געפלויגן איבער די לאָנקעס, ווו עס האבן זיך געוואלגערט די אָפּגעברענטע, פאר׳חושך׳טע און יידישע פּליטים. עס איז אנטשטא־נען א אומבשרייבלעכע, מורא׳דיקע בהלה, מענטשן האבן אנגע־הויבן שפּרינגען אין טייך, פרויען צוטוליענדיק צו זיך די צעש־ראקענע קינדער, זענען אויף דער ערד געפאלן, וועלנדיק זיי באַ־שיצן, די עראָפּלאנען האבן זיך אראָפּגעלאזט גאנץ נידריק און אָנגעהויבן שיסן אין די צעשראקענע יידן.

מענטשן האבן אנגעהויבן לויפן אין גרויס בהלה אין דער־נעבעדיקן וועלדל, וואס איז געווען ביי שיינוואַלדס מיל.

א טויט שטילקייט האט באהערשט דאס וואלד, דא און דארט זענען געלעגן קינדער איינגעוויקלט אין די אָפּגעראטעוועטע זאכן און געציטערט פאר קעלט, דאס איינציקע געוויין איז געווען ווו איז דער טאטע?

עס איז צוגעפאלן די נאכט, עס האט זיך געטראגן אין די הימלען א שטיקענדער רויך און די גאנצע שטאט האט אויסגעזען ווי א ברענעדיקע לאמטערנע, א קאלטער טוי, האט באדעקט דעם גאנצן ארום. יעדער מאָל האט זיך געהערט א טיפער קרעכץ. די מענטשן האבן אנגעהויבן פילן דעם גרויסן אומגליק. מיט געציילטע שעה׳ן פריער זענען זיי בעלי־בתים געווען, איצט זענען זיי היימלאָזע.

ווען עס איז שוין צוגעפאלן די נאכט, האבן מיר געזען ווי עס דערנענטערט זיך צו אונז א גרופע יידן, און צווישן זיי האב איך דערקענט דאס געשטאלט פון מיין פאטער.

איך קען קיינמאל נישט פארגעסן, ווי מיין פאטער האט דאמאלס אויסגעזען, אינגאנצן שווארץ, די מלבושים פארברענט, די האָר פון קאָפּ צעשויבערט, טראָגענדיק עפעס איינגעוויקלט אין א האלב־פארברענטן טלית. מיר האבן אנגעהויבן שרייען טאטע, איז ער צו אונז צוגעגאנגען.

ווען ער איז צו אונז צוגעקומען האבן מיר געזען אז ער טראגט די נייע ספר־תורה, וואס דער „מזרחי״ האט אליין געלאזט שרייבן און געפירט דאס ספר מיט גרויס פאַראַד אין חדר „יבנה״.

ער האט דערציילט, ווען ער מיט נאך יידן זענען געשטאנען און געראטעוועט ווען עס האט געברענט ביי יצחק מאיר וואַר־שאוויאק, האט מען געמאכט א געוואלט אז דאס פייער האט ארומ־געכאפט די קאַשצעלנע (שעווסקי) גאַס, ער האט זיך דערמאנט אז דארט ליגט אין צימער די אָפּגעראטעוועטע ספר־תורה, איז ער שנעל דארט אהינגעלאפן.

צוקומענדיק, האט ער געזען ווי דער דאַך פון הויז ברענט און א שווארצער רויך זעצט פון די פענצטער, ער האט לאנג נישט געטראכט, איז אריין דורך א זייטיק פענצטער, דער צימער איז שוין געשטאנען אין פייער, ער האט שנעל געכאַפּט די ספר־תורה און איז ארויס פון שוין ברענענדיקן צימער.

דער וועג צוריק איז שוין געווען פיעל שווערער, די גאנצער געגנט איז געשטאנען אין פלאמען, עס איז פשוט געווען אוממעגלעך זיך אדורכצורייסן. נאר אדאנק, וואס דער היטל מיטן טלית וואס זענען געווען נאַס פון וואַסער, האט זיך אים איינגע־געבן אדורכצורייסן דורך די פלאַמען און קומען צו אונז.

א גאנצע נאכט איז דער עולם געלעגן אויף די לאָנקעס און

געציטערט פון קעלט. מיין פאטער האט זיך געהאלטן אין איין טרייסטן, די ספר־תורה איז אָפּגעראַטעוועט געווארן.

צומארגנס באלד אין דער פרי ווען די זון האט נאר אָנגעהויבן זיך באווייזן פון אונטערן האריזאנט, האט זיך געהערט די געוויינען, יידן, מיר זענען אלע אָפּגעברענט. אלע אָפּגעברענט. א שרעקלעכע שטראָף פון גאָט!

מענטשן האבן אויפגעוועקט די קינדער וואס זענען א גאנצע נאכט געשלאפן אויף די אָפּגעראַטעוועטע זאכן, איינגעפאקט זיי, און געלאזן זיך אין שטאט. ווער צו זיין פארברענט הויז, ווער צו א קרוב אדער א באקאנטן וואס זייער הויז איז געבליבן.

א טרויעריגער צוג פון די מענטשן מיט די פעקלעך אויף די פלייצעס. יידן, וואס האבן במשך פון איין טאג, אַלץ פארלארן, אָפּגעברענט, געבליבן אָן אדאך איבערן קאָפּ, אָן פרנסה...

ווען מען איז געקומען אין שטאט, האט א פחד ארומגענומען. עס האט אויסגעזען ווי נאך א לאווע־אויסברוך, פון אויבן א ווייסער אַש, פון וועלכן עס זעצט נאך ארויס רויך מיט פייער, עס איז שווער צו גיין, מען דערקֶענט נישט קיין גאס, אונטער די פיס וואלגערט זיך דאס פארברענטע יידישע האָב און גוטס. די גאנצע שטאט ליגט פאר דיר, ווי איין גרויסע חורבה.

שמואל עצמון (ווירצער) שחקן

---

# בילגוריי נאָך דער שׂריפה

צומארגנס נאָך דער שׂריפה, מענטשן זענען ארומגעגאנגען צעבראכענע, איבער די חורבות, צוזאמענגעקליבן זאכן וואס האבן נאָך עפּעס געהאט א ווערט. מען האט אַרגעשלעפּט האַלב פארברענטע זעקלעך מיט מעל, צוקער, און אנדער זאכן.

מענטשן האבן זיך אָנגעהויבן ביסלעכווייז איינארדנען. ווער איז אריין צו א באקאנטן, צו א קרוב, אדער געדונגען א דירה ביי א קריסט וועלכע זענען נישט אָפּגעברענט געווארן. מען האט באלד אָנגעהויבן טראכטן פון א תכלית, צוזאמענגעקליבן שטיינער, ברעטער, ציגל, אָנצוהייבן בויען א דאַך איבערן קאָפּ. פון די ערשטע איז געווען יואל בעקער (ווייס), שוין אין דריטן טאג נאָך דער שׂריפה, האט ער געהאט אויסגעריכטעט זיין אָפּגעברענטע בעקעריי און געבאַקן ברויט.

מיטוואך (כ״ט אלול), דעם 13 סעפּטעמבער 1939, האט זיך דאס פּוילישע מיליטער צוריקגעצויגן, צו אונזער אומגליק האט זיך דער שטאַב געפונען אין בילגוריי און איז געווען איינקוואַרטירט אין בנין פון שולע. באלד האט זיך באוויזן אן עסקאדרע עראָפּלאנען, וועלכע האבן אנגעהויבן באָמבארדירן די שטאט פון אלע זייטן. עס איז אנטשטאַנען א מורא׳דיקע בהלה, מענטשן זענען ארומגעלאפן ווי צעמישטע, נישט האבנדיק זיך ווי צו באהאלטן. אָפּטוענדיק זייער טייוולאָנישע ארבעט זענען די עראָפּלאנען אוועק.

ווען די מענטשן זענען געקומען צו זיך, איז מען ארויס אין גאַס, זיך דערוויסן וואס די באָמבעס האבן פארשאדנט, מען האט זיך דערוווסט פון די ערשטע דריי קרבנות, וואס זענען געפאלן נעבן שאַרף׳ס מיל: ישראל שאַרף, שאַרף און הערש יחזקאל האַרמאן, איז שווער פארוואונדעט געווארן אין קאָפּ, פון וואס ער איז צוויי טעג שפּעטער געשטארבן.

דאָנערשטיק. (א' דרה"ש ת"ש), דעם 14 סעפטעמבער, איז די שטאט געווען פול מיט פויליש מיליטער, וואס האט זיך צוריק געצויגן אין גרויס בהלה, די יידן זייענדיק אונטער דער וויר־קונג פון דער נעכטיקער באמבארדירונג. האבן פארלאזן זייערע היימען און זענען ארויס אין די דערנעבנדיקע וועלדער, דאס האט אויסגענוצט דאס פוילישע אָפּטרעטנדע מיליטער. זיי האבן אויפ־געבראכן די יידישע וווינונגען און אלץ צעראבירט. ווען די יידן זענען ביינאכט צוריקגעקומען פון די וועלדער דערשעפּטע, הונגעריקע, האבן זיי אין די שטיבן גארנישט געטראפן.

פרייטיק, (ב' דרה"ש), דעם 15 סעפטעמבער, אין דרויסן איז געפאלן א דראָבנע רעגנדל, יידן זענען זיך צוזאמענגעקומען, שכן צו שכן, בכדי צו דאווענען מיט מנין, מען האט שוין אויסגעקוקט די נאכט, מען פלעגט צווישן זיך ריידן, אז אין דער פינסטער קענען זיי נישט באמבארדירן, דא האט זיך פלוצים דערהערט א רעש פון שווערע באמבער, וועלכע האבן די לופט אדורכגעריסן, עס זענען אָנגעפלויגן אַן עסקאדרע אַעראָפּלאנען און האבן אנגעהויבן באמבארדירן די שטאט, עס זענען געפאלן עטלעכע באמבעס, וואס האבן איבערגעדרייט דריי הייזער מיט די מענטשן צוזאמען, אין הויז פון יהושיע קלעזמער (וייפער), זענען אומגעקומען בערך 30 מאן, מענער, פרויען און קינדער.

ווען די עראָפּלאנען זענען אוועק, איז זיך באלד צוזאמענ־געקומען א גרויסער עולם, א שרעקלעכן איינדרוק האט געמאכט דער גאנצער פלאַץ, קלעצער, שטיינער און ציגל, זענען געווען צוזאמענגעמישט מיט מענטשלעכע הענט און פיס, די יללות און געוויינען זענען געגאנגען עד לב השמים.

דער פארזאמלטער עולם האט אנגעהויבן ארויסצושלעפן די טויטע פון אונטער די חורבות, מען האט ארויסגעשלעפט: שמאי אָדלער מיט זיין פרוי, בערטשע סטאָלאַר (יעגערגאָרן) מיט א טאכ־

טער, מענדל ערלעך מיט זיין פרוי (ער איז געבליבן לעבן), דבורה היטער (שיינזינגער) מיט א טאכטער, יהושיע זייפער מיט קינדער, בעריש פלאָמענבוים, דוד טייערס אן איינִיקל און אנדערע.

דאס ארויסנעמען די גע'הרג'טע פון אונטער די חורבות, האט פארנומען ביז שפעט אין דער נאכט. שרעקלעכע הארצרייסענדע סצענעס זענען פארגעקומען, ווען קרובים האבן דערקענט זייערע נאָענטע. די געוויינען האט מען געהערט איבער דער גאנצער שטאט.

מען האט צוזאמענגענומען אלע טויטע, זיי אריינגעלייגט אין הויז פון שטאט-רב (וואס איז פון דער שריפה נישט פארברענט געווארן), בכדי נאך יום־טוב ברענגען זיי צו קבר־ישראל.

מענטשן זענען זיך צוזאמענגעקומען און געדאוונט מיט מנין. אבער עס איז פארשוונדן די יום־טוב'דיקע שטימונג. מיט פיל הארץ האט דער חזן געענדיקט „תכלה שנה וקללותיה, תחל שנה וברכותיה". מיט שטילע טריט איז דער עולם זיך צעגאנגען יעדער צו זיין משפחה, וואס האט שוין געווארט מיט גרויס אומגעדולד.

שבת, (ג' תשרי), דער 16 סעפטעמבער, איז פארגעקומען אשווערע שלאַכט איבער בילגוריי. אין מיטן שטאט זענען געשטאנען פויליש מיליטער מיט שוגער מאַשין־געווער און געוואלט אָפּהאלטן די דייטשן וואס האבן געשטורעמט פאראויס, בכדי דאס פוילישע מיליטער זאל קענען אָפּציען. דאס קנאַלן פון די דייטשע שווערע האַרמאטן הערט נישט אויף, יעדעס מאָל שנייט אדורך מיט אפייף אין דער לופט א סנאַריאַד, פליענדיק כמעט איבער די מענטשלעכע קעפּ.

עס פּאַלט א קויל, אין איינעם פון די איבערגעבליבענע הייזער אין דער שול־גאַס, דאס הויז הויבט אָן ברענען, דאס פייער כאַפּט באַלד ארום דעם רב'ס הויז ווי עס ליגן די הרוגים. אין

געציילטע מינוטן איז דאס גאנצע הויז געשטאנען אין פלאַמען. מען האט נישט באוויזן ארויסצונעמען די טויטע און אלע זענען זיי דארט פארברענט געווארן.

נאכמיטאג, האט דאס פוילישע מיליטער פארלאזט די שטאט, עס איז באלד געשאפן געווארן א שטאָט-מיליץ, וואס איז ארומ־געגאנגען אין די גאסן און געהיטן די שטאט פון פארשידענע אָנפאלן און גניבות. א טויט שטילקייט האט געהערשט אין שטאט, די גאסן—פינסטער, נישט באלויכטן, עס הערן זיך נאר די טריט פון די נאכט־שומרים, וועלכע דרייען זיך ארום אין די גאַסן.

די יידן זענען געלעגן אין די שטובן מיט אויפגעשפיצטע אויערן, צו הערנדיק יעדער באוועגונג וואס קומט פאר אין שטאט. מען איז געלעגן א גאנצע נאַכט ווי צוגעשמידט צו די שפּאַרעס פון די לאָדן און ארויסגעקוקט, אָבסערווירנדיק יעדער באַוועגונג. פארשידענע טרויעריקע מחשבות האבן געעגבערט דעם מוח, טראכ־טנדיק, וואס דער מאָרגען קען ברענגען.

זונטיק (ד׳ תשרי), דעם 17 סעפטעמבער 1939, 8 פרי האבן זיך באוויזן די ערשטע דייטשע פּאַטראָלן אויף מאָטאָציקלען. זיי האבן געמאכט ארונדע ארום דעם מאַרק, באלד האבן זיך באַוויזן געפּאַנצערטע דזשיפּן, אויף יעדן דזשיפּ זענען געזעסן פיר דייטשן, לאַסט־אויטאָס, פוס־גייער, טאנקן און אנדער מיליטער. די שטאט איז באלד געווארן פול מיט נאַצישע חילות.

עס האבן זיך געהערט די קאָמאַנדעס פון די דייטשע אָפי־צירן, די געשרייען, וואס האבן זיך אדורכגעשניטן דורך די שמאָלע שפּאַרעס, און דערגרייכט אין יידישע הייזער. האבן דערציטערט די הערצער. מען האט זיך שוין אָנגעהויבן אָפּגעבן א דין־וחשבון אין וואס פאר א הענט מיר געפינען זיך...

עס האט זיך באלד אָנגעהויבן פאר די יידן די אמת׳ע פיין, גוישע כוליגאנעס, זענען ארומגעגאנגען אין שטאט און אָנגעוויזן

דעם דייטשן מיליטער, אָ „יודע״, ווי עס ווייגען יידן און ביי יעדע שטוב האט זיך געהערט די זעלבע: „אויפמאכען״!

עס זענען אריין דייטשע באוואָפנטע סאָלדאטן, גענומען ראַבירן, גוטע זאכן פאר זיך, עפעס אביסל נישט אזוי גוט, האבן זיי פארטיילט צווישן די פוילישע כוליגאַנעס וואס זענען מיט זיי מיטגעגאנגען און געהאלפן זיי אין זייער פארברעכערישער ארבעט.

יעדן טאג האט מען געכאַפּט יידן אויף ארבעט. די ארבעט איז באשטאנען אין פארשיטן די גריבער וואס די באָמבעס האבן געמאכט. ביי דער ארבעט פלעגן זיי שלאָגן די יידן מיט די קאָל־בעס פון די ביקסן, אָפּהאלטנדיק אזוי א גאנצן טאג, זענען די יידן א היימגעקומען ביינאכט צעשלאגענע, פארבלוטיקטע פון דער ארבעט.

די דייטשע מערדער האבן אויפגעבראכן דאס הורט־געשעפט פון ליפּא וואַגשאָל און צעראבירט די סחורות. עס האט זיך באלד פארזאמלט די פוילישע באפעלקערונג ארום די דייטשן, וועלכע זיי האבן זיי געטיילט פּראָדוקטן. עס איז געווען א בושה צו זען ווי אונזערע פוילישע שכנים צעשלעפּן דאס יידישע האָב און גוטס.

יעדן פארטאג. פלעגן זיי אויפרייסן די יידישע וווינונגען, מיט קלעפּ פון די ביקסן פלעגן זיי ארויסטרייבן די יידן האַלב־נאַקעטע צו דער ארבעט. א ספעציעלע הנאה פלעגן די דייטשע מער־דער האבן, ווען זיי האבן געכאַפּט אויף ארבעט די יידישע דאָקטוי־רים, אינזשינערן, אדער אנדערע פון דער אינטעליגענץ, די שווערסטע און מיאוס׳טע ארבעט, ווי רייניקן קלאָזעטן מיט די בלויזע הענט האט מען זיי געגעבן, און נאך דעם, שרעקלעך צעשלאגן.

דעם 22 סעפּטעמבער, (ט׳ תשרי, ערב יוה״כ), האבן זיי א גאנצן טאג געכאַפּט יידן אויף פארשידענע שווערע ארבעטן. ווען עס איז צוגעפאלן די נאכט, האבן זיך יידן פאַרשפּארט אין זייערע וווינונגען, אָנגעצונדן די יום־כפור ליכט, און מיט טרויע־ריקע שטילע געוויינען האט יעדער פאר זיך אָנגעהויבן זאגן „כל־

נדריי״, דא האבן די דייטשע מערדער אנגעהויבן אויפרייסן שטוב נאך שטוב, ראַבירט און מערדערלעך געשלאגן.

ווען מיר זענען אזוי געזעסן ביי אונז אין שטוב פארשפארטע, ארום דעם טויטן קערפער פון אונזער ברודער ברוך, וועלכע איז געשטארבן ערב יום־הכפור 4 א זייגער, האבן מיר געהערט א שטארק קלאַפּן אין דער טיר וואס איז ארויס אויף דער קאָשציושקי גאַס, מיר האבן זיך נישט געמאַכט הערנדיק. ווען דאס קלאַפּן איז געווארן שטארקער און מיר האבן געזען אז זיי רייסן אויף די טיר, בין איך צוגעגאנגען און נישט מאכן זיך וויסנדיק, האב איך געפרעגט: ווער איז? דא האב איך דערהערט דאס מערדערישע קול „אויפמאַכן״!

ווען איך האב נאר געעפנט די טיר, זענען אריין צוויי דייטשן מיט די רעוואָלווערן אין די הענט. מיר זענען אלע געבליבן טויט־דערשראקן. מיך האבן זיי געגעבן א שטארקן וואָרף, פון וואס איך בין געפאלן מיטן קאָפּ אויפן ראַנד פון טיש, ווו איך האב באקומען א שטארקן קלאַפּ. די עלטערן האבן געמאכט א געוואַלט און אָנגעוויזן די דייטשן אז עס ליגט א טויטער. זיי האבן אָפּגעדעקט דעם טויטן; גערייסן נעמען מיין פאטער א ליכט און מיטגיין מיט זיי אויפן ערשטן שטאָק, זאגנדיק, אז זיי זוכן ברויט, זוכנדיק א קורצע צייט, זענען זיי אראָפּגעקומען און אוועק.

## די ערשטע קרבנות

די מענטשן האבן זיך ביסלעכוויז צוגעוווינט צו דער לאגע, אדורכגעקומען מיט די מחשבות, וואס קען מען טאָן. דערווייל האבן די דייטשן אויפגעבראכן הערשעלע שיינוואַלדס מיל, עס האט זיך באלד געשאפן א ריי פון דער פוילישער באפעלקערונג און די דייטשן האבן אָנגעהויבן טיילן מעל. ווען די יידן אין שטאט, וואס האבן שוין אויך געפילט א מאַנגעל אין לעבענס־מיטל, האבן זיך דערוווּסט, האבן זיי געשיקט די יינגערע מיידלעך, אפשר וועלן

זיי אויך קענען באקומען א ביסל מעל, ווייל לעבנס־מיטל איז שוין דאמאלס געווען זייער שווער צו באקומען.

ביי דער מיל איז געשטאנען א גרויסע ריי פון קריסטן און צווישן זיי עטלעכע יידישע מיידלעך. די דייטשן האבן געטיילט מעל. ווען עס איז צוגעקומען די ריי פון חעלקין (יודאַשקיס פלעמעניצע), האבן די קריסטן זי אָנגעהויבן אַרויס־שטופן און איינער האט געזאגט אז זי איז א יידישע, ווען דער דייטש. האט דאס דערהערט, האט ער זי ארויסגעשלעפט פון דער ריי, קאַלטבלוטיק ארויסגענומען דעם רעוואָלווער און געשאסן אין איר. צר האט איר געטראפן אין פוס, עס איז באלד געווארן א בהלה, אלע יידישע מיידלעך וואס זענען דארט געווען, זענען אין גרויס פחד אנטלאָפן א היים, מיטנעמענדיק די ראַנירטע—חעלקין.

דעם זעלבן טאג, מיטאג צייט, האבן די דייטשן אויפגעבראכן דאס שפייז־געוועלב פון מרדכי שטולמאַן, אָנגעהויבן ראבירן דאס מעל און פארטיילן עס צווישן דער פוילישער באפעלקערונג וואס האבן באלד געשאפן א ריי, נישט צולאזנדיק אפילו קיין ייד.

ווען די דייטשן האבן געטיילט דאס מעל, פון שטולמאַנס געשעפט, איז צוגעגאנגען מרדכי ליבער, (וואס האט אלע יאָרן געארבעט ביי שטולמאַנען אלס טרעגער) און געבעטן א ביסל מעל פאר זיינע הונגעריקע קינדער, האט דאן דער דייטש ארויסגע־נומען דעם רעוואָלווער אויסגעשאסן און געטראפן אין בויך פון דעם יידישן טרעגער. פאר וואס? פארן האבן די העזה צו בעטן מעל, וואס די דייטשע מערדער ראַבירן פון א יידיש געוועלב.

אָפטועדיק די מערדערישע ארבעט, איז דער דייטש, וואס האט דערשאסן דעם יידישן טרעגער, געשטאנען גלייכגילטיק און ווייטער געטיילט מעל די קריסטן.

א גוססדיקן האט מען אים שנעל געפירט אין שפיטאָל און אויפן וועג צום שפיטאָל, איז ער אין שווערע ליידן געשטארבן.

נאך די צוויי שוידערלעכע מאָרדן, האט א פחד ארומגענומען די בילגורייער יידן, מען האט אנגעהויבן זען אז די דייטשע מער־דער גרייטן זיך צו פארניכטן די יידן.

קיין ייד האט מען נישט געזען אין גאס, מען איז געזעסן פארמאכט אין די שטיבער. מורא׳האבנדיק ארויסצוגיין אויף דער ליכטיקער שיין און אלץ האט אויסגעזען ווי אָפגעשטארבן.

מאנטיק, דעם 25 סעפטעמבער. צומארגנס נאך דעם מאָרד, האבן די דייטשן ווייטער געכאַפּט יידן אויף ארבעט, עס האט זיך שוין קיינער נישט באהאלטן, די מורא איז געווען זייער גרויס. מען האט שוין געזען צו וואס די מערדער זענען פעיק.

עס האבן אנגעהויבן ארומגיין קלאנגען אז עס וועט ארייג־קומען די רויטע־ארמיי, אבער צוליב די דערשלאגנקייט אין וועל־כער די יידן האבן זיך געפונען, האט מען זיך נישט געקענט גלייבן אז אזעלכעס קען געשען. אבער עס האט זיך באלד געלאזט מערקן, מען האט געזען אז די דייטשע אַמטן ליקווידירן זיך, דאס מיליטער פארלאזט לאנגזאַם די שטאט.

מיטוואך, דעם 27 סעפּ. (י״ד תשרי, ערב סוכות), די יידן ווייסנדיק אז די דייטשן פארלאזן די שטאט, האט מען מורא געהאט זיי זאלן נישט פּאָגראמירן, יעדער איז געלעגן באהאלטן מיט פחד צוהערנדיק צו יעדער באוועגונג.

ביינאכט האבן די דייטשן פארלאזן די שטאט. א גאנצע נאכט איז די שטאט געווען אָן וועלכער עס איז השגחה. אבער די יידן אין שטאט האבן זיך געפילט א ביסל פריילעכער, מען האט שוין געוווסט אויף זיכער, אז עס דארף אריינקומען די רויטע־אַרמיי.

דאנערשטיק, דעם 28 סעפטעמבער. (ט״ו תשרי, א׳ דסוכות), איז אריין אין שטאט א פוילישע מיליטער־אָפּטיילונג. עס איז פאר־געקומען א שיסעריי צווישן זיי מיט די לעצטע דייטשע פּאַטראָלן פון וואס איין דייטשער זעלנער איז שווער ראַנירט געוואָרן, עס

איז גראד אדורכגעגאנגען צוויי בילגורייער יידן, דוד ברענער און יהושע האָף, זעענדיק ווי דער ראַנירטער דייטשער זעלנער וואַלגערט זיך אין שמערצן אויף דער ערד, האבן זיי אים גענומען און אראָפּ־געטראגן אין שפּיטאָל.

נאך דער שיסעריי וואס עס איז פארגעקומען, איז באלד פון דער בריק־גאַס אָנגעקומען א דייטשע מאַשין־געווער מיט עטלעכע זעלנער, זיי זענען פארפאָרן אין דער יידישער געגנט. און געכאַפּט עטלעכע יידן, אונטער דער באשולדיקונג, אז די יידן האבן געשאסן אויף דעם דייטשן פּאַטראל.

עס האט נישט געהאלפן קיין שום טענות, זיי האבן געוואלט די יידן שיסן, פלוצים איז געשען ממש א נס. די פוילישע זעלנער האבן זיך ווידער באַוויזן, ווען די דייטשן האבן דאס דער־זען, האבן זיי געלאזט שטיין די יידן און גענומען זיך יאָגן נאך די פוילישע זעלנער, ווען די יידן האבן געזען אז די דייטשן זענען אוועק, זענען זיי זיך אלע צעלאפן.

א גאַנצע נאכט זענען די יידן געלעגן אין גרויס פּחד פאר־שפּאַרט אין זייערע וווינונגען, צוהערנדיק זיך צו יעדער באוועגונג.

פרייטיק. דעם 29 סעפּטעמבער. (ט״ז תשרי, ב׳ דסוכות), 4 פארטאג, האט זיך דערהערט א רעש פון פּאָרנדיקע טאַנקן, א גרויסע אימה איז באפאלן די יידן, זאלן די דייטשן האבן צוריק־געקומען? אבער עפּעס א געפיל האט געזאגט אז נישט, און אין שטאט האט געשטראמט מיליטער אָן אויפהער.

יידן האבן זיך נישט געקאנט באהערשן, מען האט ארויס־געשיקט קליינוואַרג זען וואס עס הערט זיך? באלד זענען זיי גע־קומען מיט דער בשורה, די רויטע־אַרמיי איז דא.

די ידיעה האט זיך בליץ־שנעל צעטראגן איבער דער גאנצער שטאט, די יידן זענען ארויס מיט שמחה אין גאַס, און געשריגן יידן, מיר זענען געראַטעוועט.

אויף אלע מלוכה בנינים, האבן געפלאטערט רויטע פענער, די יידן האבן פריי אָפּגעעטעמט נאך די שרעקלעכע איבערלעבונג מיט די דייטשן. עס האט זיך באלד געשאפן א פּאָלקס־מיליץ, וועלכע האט איינגעפירט ארדענונג אין שטאט.

די שמחה האט אבער לאנג נישט געדויערט. קלאנגען זענען ארומגעגאנגען אז די רויטע־ארמיי וועט פארלאזן די שטאט. עס האט זיך געפונען יידן וואס האבן אפילו געפרעגט הויכע מיליטער־לייט, וועגן די קלאַנגען וואס גיין ארום אין שטאט. האבן זיי געענטפערט: „ווו די רויטע־אַרמיי שטעלט א פוס, גייט זי נישט צוריק״. און דאס איז פאר די יידן געווען א טרייסט.

דינסטיק, דעם 3 אקטאבער, (כ׳ תשרי, ד׳ דחוהמ״פ), האט זיך שוין געלאזט מערקן, אז די רויטע־אַרמיי פארלאזט די שטאט. א מרא־שחורה האט זיך צעשפרייט איבער די יידישע הייזער און געמאכט צערינען יעדער האפענונג.

אויף די גאַסן זענען געשטאנען יידן פאר׳צער׳טע, אין רעד־לעך, די איינציקע פראַגע איז געווען, וואס טוט מען? ווו גייט מען?

9 פרי האט א רוסישער קאָמאַנדיר געמאלדן, אז די רויטע־אַרמיי פארלאָזט די שטאט, ווער עס וויל קען מיטגיין, עס וועט געגעבן ווערן יעדן אלע מעגלעכקייטן.

עס האט זיך געשאפן אַן אומבאשרייבלעכע פּאַניק. יונג און אַלט, מענער, פרויען און קינדער האבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צום מיט־מאַרש, וואס האט זיך באלד נאך מיטאג אָנגעהויבן.

אין דרויסן איז געפאלן א דראָבנע רעגנדל, ווער מיט פעקלעך אויף די פלייצעס, די פרויען מיט קליינע קינדער אויף וועגענער. עס איז שווער צו באשרייבען דאס בילד ווען די פורן האבן גערירט פון אָרט, די געוויינען ביים געזעגענען פון קינדער מיט עלטערן, עלטערן מיט קינדער, מענער מיט פרויען, פרויען מיט מענער, האבן די הימלען געריסן און א רעגן האט אנגעהויבן גיסן אלע מאָל שטארקער.

א גרויסער עולם איז אַראָפּ צו דער קאָלייקע, וואס האט געפירט די מענטשן קיין זווערזשיניעץ. עלטערן זענען געבליבן ווי פארשטיינערט ווען דער פייף פון דער קאָלייקע האט אָפּגעשניטן פון זיי זייערע נאָענטסטע אויף אייביק.

נישט קוקנדיק אויף דעם שטארקן רעגן, זענען מענטשן א גאנצע נאכט געפארן מיט וועגענער צו דער באַן קיין זווערזשיניעץ. די יידן זענען אנטלאפן אין גרויס בהלה, מורא האבנדיק פארן מארגנדיקן טאג, ווען די רויטע־אַרמיי וועט פארלאזן די שטאט.

מענטשן זענען ארומגעגאנגען און געשלאגן זיך מיט דער דעה, יאָ פאָרן — נישט פאָרן? קיינער האט אויף דער פראגע קיין ענטפער נישט געקאנט געבן. מענטשן האבן נאך געדענקט דאס לויפן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, געווען נע־ונד, היימלאזע.

מיטוואך, דעם 4 אָקטאבער (כ״א תשרי הושענה רבה). מען שמועסט אין שטאט, אז עס גייט שוין אָפּ צום לעצטן מאָל די קאָלייקע. עס ווערט א בהלה אין שטאט, א סך מענטשן וואס האבן געהאט רעזיגנירט פון פאָרן, ווערן מיטגעריסן מיטן שטראָם, מען לאזט אַלץ שטיין, מען פּאַקט איין דאס נויטיקסטע און מען לויפט צו דער קאָלייקע.

ביי דער קאָלייקע איז פול, יעדער פארנעמט א פלאַץ מיט זיין ביסל אָרעמקייט, צווישן די מענטשן הערשט א טויט־שטילקייט, פון אלע זייטן הערט מען שטיל וויינען. דאס געזעגענען זיך, שנייט דאס האַרץ, אַלץ שטייט און ווישט די אויגן, וועלכע גיסן ווי א נישט אויסשעפּנדיקער קוואַל.

עס דערהערט זיך א פייף פון דעם שווער סאָפּענדיקן לאָ־קאָמאָטיוו וועלכער מישט זיך אויס מיט די מענטשלעכע געוויינען. די קאָלייקע רירט פון אָרט, פּאָכענדיקע טיכלעך באווייזן זיך פון אלע פענצטער, טאַטע, מאַמע, קרובים און באקאנטע,

באגלייטן מיט זייערע בליקן דעם לויפנדיקן צוג וואס פירט אוועק זייערע טייערע אין אַן ענדלאָזן וועג.

דאס איז טאקע געווען דער לעצטער צוג. די רויטע־אַרמיי פארלאָזן אלע וואגאנען מיט דעם לאָקאָמאָטיוו אויף דער גרויסער באַן און אלץ פארלאָזט זווערזשיניעץ.

און איידער וואס ווען, האט זיך די עוואַקואציע פון דער רויטער־אַרמיי געענדיקט. יידן זענען געבליבן אין פחד, ווארטנ־דיק אויף דעם מארגנדיקן טאג, וואס דארף אריינברענגען די מערדערלעכע דייטשע־אַרמיי.

שבת, דעם 7 אָקטאבער, איז די דייטשע אַרמיי אריין קיין בילגוריי, באלד מיט זייער אריינקומען אין שטאט, האבן זיי אנ־געווארפן א פחד אויף דער יידישער באפעלקערונג, מען האט קיין ייד אויף דער גאס נישט געזען. דעם זעלבן טאג נאך האבן די דייטשן ארויסגעגעבן א באפעל אז יידן זאלן זיך שטעלן אויף ארבעט, אויף וואס די דייטשע־אַרמיי דארף האבן.

אפשר אין דאס נאך געווען ווייניק, האבן זיי ארויפגעלייגט א גרויסע געלד קאָנטריבוציע אויף דער יידישער באַפעלקע־רונג, און בכדי זיי זאלן זיין זיכער, אז די יידן זאלן די קאָנט־ריבוציע באצאלן, האבן די גענומען אלס עירוב׳ניקעס, עטלעכע אנגעזעענע יידן פון שטאט.

עס האט נישט געהאלפן קיין שום טענות, זיי האבן די יידן מערדערלעך געשלאגן, נישט האבנדיק קיין ברירה, האבן די יידן געשאפן דאס געלד און איינגעצאלט, דאמאלס האבן די דייט־שע מערדער די יידישע עירוב׳ניקעס באפרייט, דערביי האבן זיי יחזקאל קאַנדעל אזוי מערדערלעך צעשלאָגן, אז ער איז שפעטער געלעגן עטלעכע חדשים קראַנק.

נאך דער מעשה, האבן די יידן שוין געזען וואס עס דער־

וואַרט זיי אונטער דער דייטשער־אָקופּאַציע, צו זיין אויסגעשטעלט יעדער מינוט אין סכנות־נפשות.

יידן האבן אָנגעהויבן זוכן עצות, מען איז ארייגעפארן קיין טאַרנאָגראָד, זיך אריבערגעשמוגלט קיין שיניאַווע, וואס דארט איז שוין געווען די סאָוויעטישע־מאַכט.

די ערשטע צייטן איז די גרענעץ געווען כמעט אָפן, פיעל מענטשן זענען טאקע דאמאלס אריבער און זיך געראטעוועט. אבער שפעטער איז די גרענעץ געווארן געשלאסן און דאס אריבערגיין איז געווארן אוממעגלעך. עס איז געווען א סכנה צו ווערן דערשאסןביים אריבערגיין די גרענעץ, אדער ארייגצופאלן אין ארוסישער תפיסה.

און אָט אזוי איז טאקע א גרויסער טייל בילגורייער יידן געבליבן אונטער דער מערדערלעכער לאַפּע פון די דייטשע הענקער.

עטלעכע טעג שפעטער, האבן די דייטשע מערדער ארעס־טירט דוד ברענער, וועלכער האט אראָפּגעטראגן דעם פארוואונדעטן דייטשן זעלנער אין שפיטאל, וואס איז געטראפן געווארן פון פוי־לישן פאַטראל ווען די דייטשן זענען אוועק — מיט דער באשולדיגונג, אז טאקע ער, דוד ברענער, האט געשאסן דעם דייטשן זעלנער.

עס האבן זיך באלד געמאלדן קריסטלעכע „עדות" וואס האבן באשטעטיקט די אינסצעניזירטע שולד. עס האט נישט גע־האלפן קיין שום געוויינען אפילו די אינטערווענץ פון שטאטישן גלח, און די דייטשע רוצחים האבן דעם אומשולדיקן דוד ברענער פאר'משפט צום טויט.

עטלעכע טעג האבן די דייטשע סאַדיסטן געפייניגט דעם אומשולדיקן קרבן. צום סוף האבן זיי אים כמעט א טויטן, ארויס־געפירט אויף די פעלדער און דערשאסן.

נאך דעם שרעקלעכן מאָרד, האבן פיעל מענטשן, נישט

קוקנדיק אויף דער געפאַר וואס עס דראָט ביים אריבערגיין די גרענעץ, פארלאזן די שטאט.

א. קראנענבערג



פון רעכטס אויף לינקס, משולם האניגבוים (אומגעקומען). יעקב סטעמפעלט פרוי. שמעון בוכבינדער. רייזל סטעמפעל, (לעבן אין ישראל). לאה־טשע גאלדבארד (אומגעקומען). לוי שיינוואלד, באלטשע גרינאפל (לעבן אין ישראל). נחמיה לאנג (אומגעקומען). שלום גרינאפל (לעבט אין ישראל).

ישראל גייסט

# בילגורייער יידן אונטער דער אקופּאציע־מאכט

עס האט זיך אָנגעהויבן שיטן א וועלט מיט פאראָרדנונגען פאר יידן, בכדי אָפּצושיידן און אויסטיילן זיי פון דער ארומיקער פּוי־לישער באפעלקערונג.

ענדע 1939, איז אין בילגוריי געשאפן געווארן דער יידן־ראַט, פון פאלגנדע פּערזאָנען: חיים מרדכי הירשנהארן, פּרעזעס, הלל יאַנאָווער, יצחק מאיר וואַרשאַוויאַק, יחזקאל קאַנדל, יוסף ראפּאפּארט, שמואל ארבעספעלד, שמעון בין, זעליג ראזנבערג (לייטער פון מאַגאזין) און אנדערע.

זייער אויפגאבע איז געווען, צוצושטעלן ארבעטס־מענטשן פאר דער דייטשער־מאַכט, ווי: בויען שאָסייען. אויפן זאַמד האט מען געבויט אפעלד־שפּיטאל פאר דער ווער־מאַכט, אויך צו דער באַן קיין זוועזשיניעץ צום פארלאדן און אויסלאדן די סחורות: צעמענט, שטיינער, קוילן, האלץ און אנדערע זאַכן.

צווישן אנדערע איז דורכן יידן־ראַט, בשותפות מיט דער דייטשער מאכט, געשאפן געווארן א יידישע ארדענונגס־דינסט, פון פאלגנדע פּערזאנען: יעקב טאבער, משה בלייכמאן, משה פאנצער־מאן, סיני שפּער, באלעק עטנבערג, משה שוואנענפעלד, יעקב אלענדער און אנדערע. די ארבעט פון זיי איז באשטאנען, צוצו־שטעלן די ארבעטער פאר דער דייטשער־מאכט, און אויך צוצו־העלפן ביי פארשידענע אויסזידלונגען.

אין אַפּריל 1940, האט די דייטשע מאכט ארויסגעגעבן א באפעל, אז יעדער ייד פון 14 יאָר אָן מוז טראָגן א לענטע

מיט א בלויען „מגן־דוד" אויף דער רעכטער האנד, בכדי יעדער זאל דערקענען אז דאס איז א ייד.

יידן האבן זיך צוגעוווינט צו די צרות. דער יידן־ראַט האָט די גאנצע צייט צוגעשטעלט דער דייטשער־מאכט מענטשן צו פאר־שידענע ארבעטן.

## בילגורייער יידן אין ארבעטס־לאגערן

ערב שבועות 1940 האט דער דייטשער קרייז־הויפטמאן (סטאַראָסטי), געמאלדן דעם יידן־ראַט, אז אלע יידן פון 17 יאָר און עלטער, דארפן זיך צושטעלן אויפן פלאַץ קעגן איבער דער סטאַ־ראסטווע. אין קעגנפאל, וועט מען ווערן שטרענג באשטראפט. עס איז ארומגעגאנגען קלאנגען, אז פון דארט וועט ווערן אויס־געקליבן מענטשן צו שיקן אין פארשידענע ארבעטס־לאַגערן.

און אין דעם זעלבן טאג האט זיך א גרויסער טייל פון די בילגורייער יידן צוגעשטעלט אויף דעם אנגעוויזענעם אָרט. אבער א טייל האבן זיך אויסבאהאלטן אין פארשידענע ערטער און זיך נישט צוגעשטעלט.

עס איז אָנגעקומען די געסטאַפּאָ מיטן קרייז־הויפטמאַן, מען האט אויסגעשטעלט דעם עולם אין צוויי שורות, זיי האבן אנגעהויבן אויסקלויבן מענטשן, אבער קיינער האט נישט געוווסט, וועלכע ריי וועט ווערן אוועקגעשיקט און וועלכע וועט איבערבלייבן? די יידן האבן געוואלט דערקענען אין די בליקן פון די געסטאַפּאָ, דער עולם איז געלאפן צעטומלט פון איין ריי צו דער צווייטער, נישט וויסנדיק ווו עס איז בעסער צו שטיין.

צום סוף האבן זיי אויסגעקליבן א צאָל יונגע, געזונטע, מענטשן. די פארשטייער פון יידן־ראַט האבן געמאכט א רשימה פון אלע אויסגעקליבענע און מען האט זיי געמאלדן, אז מארגן, דעם ערשטן טאג שבועות, פאר מיטאג מוזן זיי אלע זיין ביי דער קאָלייקע, מיטנעמענדיק מלבושים און עסן אויף 1 טאג.

די אויסגעקליבענע זענען געווען: גייסט ישראל, ישעיהו־נטע, מרדכי און שמואל וואַגנער, שמואל זיסמאַן, בער יאַנאווער, דער טויבער יענקל, בצלאל, מיכאל, און מאיר אָבליגענהאַרץ, פּאַרצעלאַן פּסח, נטע, יוסף און לייבל קליינמינץ, ברוך ווערמוט, יונה שמירער, הערשל שולמנס איידעם, יוסף הירשנהאָרן, שלמה זילבערליכט, טריב זעליג (פון טאַרנאָגראַד), משה־חנה שולדינער, דודיש עטני־בערג, שלמה דאַרנבוסט, צבי, משה און יצחק בריליאַנטשטיין, דוד בערלינערמאַן, יצחק און לייביש ווידערפּעלץ, זעליג בערגשטיין יצחק גערדאכט, מיכאל אָליווע, שלעכטערמאַן פּיוול, בערגער אליעזר און אַנדערע.

צומאָרגנס, דעם ערשטן טאָג שבועות, האָבן זיך אַלע אויס־געקליבענע, צוגעשטעלט צו דער קאַלייקע. די בילגורייער קריסטן אויף די קאַלייקע־אַרבעטער זענען געשטאַנען און געקוקט מיט צופרידנהייט.

דער עולם איז אַריין אין די וואַגאָנען, און אָפּגעפאָרן קיין זווערזשיניעץ, ווי מיר זענען איבערגעזעסן אין דער ברייטער באַן. דעם גאַנצן וועג זענען מיר געווען אין אַ גוטער שטימונג, נישט וויסנדיק וואָס עס דערוואַרט אונז.

עס איז אינטערעסאַנט צו דערמאָנען, אַז צווישן אונז איז געווען מרדכי באַסעוויץ פון מיידאַן, האָט ער אָפּגעהיט בערך 6 חדשים אין לאַגער, קיין טריפות נישט געגעסן, נאָר געלעבט מיט ברויט און וואַסער.

פאַרנאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין ווערבקאָוויצע, דאָס געפינט זיך צווישן הרוביעשאָוו און טושעווצע. דאָרט האָבן אונז אָפּגעוואַרט דייטשע זעלבסט־שוץ, דאָס זענען געווען פאָלקס־דייטשן, זיי האָבן אויף זייער געוויסן, פאַרשידענע מיאוסע אַרבעטן אין די לאַגערן, און ביי פאַרשידענע יידן־אויסראָטונגען (אַקציעס).

מען האָט אונז אָנגעהויבן יאָגן צו פוס אין די זאַמדן, פיעל

זענען אפגעשטאנען, אוועקוואַרפנדיק די זאַכן, בכדי צו גיין פאָראויס, נישט צו קריגן געשלאָגן.

מיר זענען אנגעקומען קיין טורקאָוויץ. ווי עס איז געווען עטלעכע הייזער־בלאָקן פון א קינדער־היים פאר קריסטלעכע יתומים. דעם גאנצן עולם האט מען אריינגעפירט אין א ליידיק הויז. און מען האט אונז באלד געהייסן ברענגען ברעטער מיט שטרוי, כדי מאַכן פאר זיך נאַרעס צום שלאָפן.

עס איז אנגעקומען אן ס.ס. מאַן, וואס האט זיך פארגעש־טעלט אלס שעף פון לאַגער און ער האט באשטימט נטע קליינמינץ אלס יידן־שעף, וואס זיין אויפגאבע איז געווען צו פארזארגן די העפטלינגעס מיט לעבנס־מיטל.

צו מארגנס האבן מיר אליין ארומגעצוימט דעם לאַגער־שטח מיט שטעכל־דראָט, עס איז אוועקגעשטעלט געווארן א וואַך פון פאלקס־דייטשן מיט געווער, אונז צו היטן. נאך דעם זעלבן טאג, האט מען אונז געפירט צו דער ארבעט, וואס איז באשטאנען פון פארטיפערן און פארברייטערן אַן אריינלויף אין דעם טייך „הוטשוואַ" וואס געפונט זיך ביי טישאָוועץ.

די ארבעט איז געווען א געפערלעך שווערע און שעדלעכע, מיר האבן געארבעט באָרוועס, שטייענדיק ביז דער העלפט אין וואסער וואס איז געווען פול מיט פיאַווקעס, וועלכע האבן זיך געזעצט אויף די פוס און געצאַפּט דאס בלוט. די היצן זענען גע־ווען נישט צום דערטראגן, דאך האבן מיר קיין טרונק־וואסער נישט באקומען און מיר האבן געטרונקען דאס שעדלעכע וואסער.

די אונזשיניערן און אויפזעער ביי דער ארבעט, זענען געווען קריסטן, יתומים, וואס זענען דערצויגן געווארן אין דער קינדער־היים, זיי האבן זיך צו אונז באצויגן זייער סאַדיסטיש און אונז מערדערלעך געשלאָגן.

די גאנצע צייט האבן די יידן אין בילגוריי געשטורעמט דעם

יידן־ראַט, כדי זיך צו דערוויסן, וואס עס הערט זיך מיט די אוועק־געשיקטע? עס איז טאקע אין אגעוויסן טאג געקומען א פאר־שטייער פון בילגורייער יידן־ראט קיין טורקעוויץ.

אין צווישן־צייט, איז אין בילגוריי פאָרגעקומען א כאַפונג, עס זענען אנגעקומען מאשינען מיט ס.ס. מען האט געכאפט יידן, זיי פארלאָדן אויף די מאשינען און אוועקגעפירט קיין בעלזעץ ביי טאָמאשאָוו־לובעלסקי, ווי מען האט געבויט מיליטערישע פאר־פעסטונגען. צווישן די געכאפטע איז געווען מיין פאטער הערשל גייסט מיט מיין ברודער שלמה. די ארבעט האט זיך דארט געצויגן ביז שפעט אין ווינטער. א קליינע טייל האט מען באפרייט. די גרעסערע טייל האט מען אוועקגעשיקט אין דער שטיין־האקעריי קיין כראבי־ראָווקע, ביי קראקע. נאך א לענגערע צייט, האט מען זיי באפרייט און אלע זענען געקומען א היים צופוס.



פון רעכטס אויף לינקס, אסתר ריצער, חייה שפירא, טילע הארמאן, ריקל שפירא און באשע שפירא (אלע אומגעקומען).

אין צווישנצייט איז דער לאַגער געווארן פארגרעסערט, מען האט געבראכט א טראנספּאָרט יידן פון טאָמאשאָוו-מאַזאָוויעצקי.

אין האַרבסט 1940, ווערט די ארבעט איבערגעריסן און מיר ווערן איבערגעשיקט קיין טישאָווצע צו העלפן אין דער ארבעט, וואס איז באשטאנען פון פארטיפערן דעם טייך „הוטשוואַ" וואס האט געמוזט ווערן פארענדיקט ביז ווינטער. כמעט אלע יידן פון לאגער זענען געווען פון ווארשא און לאדז.

ווען עס איז צוגעפאלן דער ווינטער האט מען דעם לאַגער אויפגעלעזן און אלע יידן באפרייט. צוריקקומענדיק קיין בילגוריי, האט מען כסדר געמוזט גיין ארבעטן צו די דייטשן אויף שווערע ארבעט ווי, בויען, פארלאדן און האַקן האלץ.

אין אַפּריל 1941, איז פארגעקומען די ערשטע אויסזידלונג פון בילגוריי, מען האט 800 יידן אוועקגעשיקט קיין גאָריי, צווישן זיי מיין פעטער אליהו גאלדבערג מיט זיין פאמיליע. נאך א קורצער צייט זענען ביסלעכווייז כמעט אלע צוריקגעקומען.

עס איז נישט געווען קיין איין רוייקער טאג, אלע מאל זענען אנגעקומען מאשינען מיט ס.ס. און מען האט אנגעהויבן כאַפּן יידן אויף פארשידענע ארבעטן, מען האט זיך באהאלטן, אבער די מערדער האבן זיי געפונען אין די שטיבער און נאך גוט צעשלאגן.

עס איז ארויס א פאראָרדנונג, אז יידן טארן נישט גיין אויסער דער שטאט, דער ערשטער קרבן איז געווען ישראל פלאָץ, ווען ער איז געגאנגען אין א דארף קויפן א ביסל קארטאפל, פאר זיין הונגעריקער משפחה, צוריקגייענדיק מיטן ביסל שפייז האבן אים דייטשן געטראפן און דערשאסן.

אין א געוויסן טאג האט די געסטאַפּא געשיקט רופן הלל יאַנאָווער און שמעון בין, און דאס וואס מען האט זיי דארט פארהאלטן ביז שפעט, האט אַרויסגערופן א פארדאכט, ווייל מען פלעגט זיי קיינמאל נישט האלטן אזוי לאנג, די יידן אין שטאט האט א מרה-

שחורה ארומגעגומען, טראכטנדיק, מן־הסתם רוקט זיך שוין עפעס אָן, ביינאכט האט מען זיי ארויסגעפירט אונטערן וואלד און ביידע דערשאסן.

אלס יידן עלטסטער איז געווארן באשטימט הערש זילבערבערג.

## די ערשטע פארניכטונגס־אקציע אין בילגורייַ

מאי 1942, עס איז ארומגעגאנגען קלאַנגען, אז דער יידנראַט דארף צושטעלן א געוויסע צאָל יידן אויף איבערצוזידלן קיין אוקראַינע. יעדער האט אָנגעהויבן לויפן צום יידנראַט בעטן מען זאל אים נישט ארייַנשטעלן אין דער רשימה, מען האט געהאט א פאר־געפיל, אז עס איז נישט אזוי פראָסט, עס איז ארומגעגאנגען קלאנגען אז דאס יידנטום ווערט אויסגעראָטן. עס זענען אויך ארומגעגאנגען קלאנגען, ווער עס וועט ארבעטן ביי א דייטשער פלאַצאָווקע, וועט קענען בלייבן, אזוי, אז מענטשן האבן אנגעהויבן צאלן גרויסע סומעס געלד פאר שאַפן אן ארבעטס־פלאַץ.

דער יידנראַט האט זיך קיין עצה נישט געקענט געבן, ער האט דעם אָנגעוויזענעם קאָנטיגענט געמוזט צו שטעלן, זיי האבן געמאכט בסוד סודות א רשימה, און אין דעם לעצטן טאג האבן זיי די אנגעוויזענע מודיע געווען, אז זיי מוזן זיך צו שטעלן צו דער קאָלייקע מיטן גאנצן באַגאַזש, און אלע האבן זיך צוגעשטעלט, צווישן זיי בין איך געווען מיט מיין גאנצער משפחה, זיסמאן מיט זיין משפחה און אנדערע.

עס איז כדאי צו באמערקן, ווען מען האט געבראכט די וועגענער און דער גאנצער עולם איז אָפגעפירט געווארן קיין זווערזשיניעץ צו דער באַן, זענען אָנגעקומען אלע שעפן און זייערע ארבעטער ארויסגענומען, מיין פאטער איז צוגעגאנגען צו שלמה שטענדער, אים געזאגט ער זאל אראָפגיין, האט ער געענטפערט, וואס טויג מיר דער עסק, נאך אמאל שלעפן, איך וועל פארן קיין אוקראַינע, נעמען א שטיקל ערד און ארבעטן.

אלע ארבעטער וואס די שעפן האבן זיי ארויסגענומען, זענען באלד געגאנגען צו זייערע ארבעטן, זייערע פרויען מיט די קינדער האבן זיך אומבאמערקט אוועקגע׳גנב׳ט פון טראַנספּאָרט.

באלד ביים אויפלאָדן דעם עולם אין די וואַגאָנעס, האט מען שוין געזען אז עס איז שלעכט. אז מען האט די יידן אָפּ־גענארט, ווייל אלע מיטגענומענע זאכן האט מען צוגענומען.

נאך דער ערשטער אַקציע, וואס מען האט אוועקגעפירט עטלעכע הונדערט משפחות, האט אין בילגוריי געהערשט א טויט־שטילקייט. מענטשן וואס האבן נישט געהאט קיין אַרבעטס־פּלעצער, האבן זיך מיט אלע מיטלען געשאפן, רעכנענדיק, אז דער ארבעטס־מענטש, האט גרעסער שאַנסן צו בלייבן לעבן.

מיט א צייט שפעטער, זענען אין מיטן טאג פארפארן מאַ־שינען מיט ס.ס. און זיי האבן אנגעהויבן כאַפּן יידן אין דעם טויטן־לאַגער מיידאַנעק, צווישן די געכאַפּטע איז געווען, יצחק־מאיר וואַר־שאַוויאק, בער יאנאווער, אפילו מענטשן וואס האבן געארבעט אין דער יידישער פּאָליציי, ווי, באָלעק עטנבערג, טוביה קאנדל, משה בלייכמאן און אנדערע.

ענדע אָקטאבער 1942, איז ארומגעגאנגען קלאַנגען, אז עס גרייט זיך א פרישע אַקציע, און אז אין געטאָ וועט מען איבערלאזן נאר פאכמענער.

דער יידנראַט, וואס אין שפּיץ איז געשטאנען, הערש זיל־בערבערג האט צוגעגרייט א ליסטע פון 70 פאכמענער, וואס זיי דארפן איבערגעלאזט ווערן אין געטא, די מענטשן זענען געווען: טאָדרעס לאַנג מיטביידע זון און פרוי, אייזיק רענער מיט פרוי און קינדער, שלום פּאָרצעלאן, הערשעלע שולמאנס 4 זון, הערש טאָרם (קראסעס איידעם), פנחס פארשטענדיק מיט א זון, דוד לאַקס (משה שטריקנדרייערס זון), שלמה זילבערליכט מיט דער פרוי, דוד בענדלער מיט דער פרוי און קינדער, אהרן האָרנפעלד,

ביינֿיש אדלער מיט דער פרוי, אברהם יאנאוועה מיט דער פרוי, משה ליכטענפעלד, משה בוים, פישל קאנדל, חיים האכנערס א זון, שמואל זיסמאן, לייזער פרוכדלענדער, פסח (דער פראמפאָלער סטאלער) און אנדערע.

מענטשן האבן אנגעהויבן לויפן צום יידנראט, בעטן מען זאל זיי אריינשטעלן אין דער רשימה פון ארבעטער, נישט האבנ־דיק קיין אויסוועג. האבן זיי צוגעזאגט, לסוף, איז די רשימה גע־בליבן ווי זי איז געווען. עס איז געווארן א גרויסע בהלה, מענטשן וואס זענען נישט געווען אין דער רשימה, האבן זייערע ווערט־זאכן אריינגעטראגן צווישן די מענטשן וואס זענען אין דער רשימה.

זונטיק פארנאכט, דעם 1 נאוועמבער 1942, האט דער יידנ־ראַט מודיע געווען, אז אלע, וואס פיגורירן אין דער רשימה, זאלן נאך די נאכט אריין אין געטאָ, וואס איז באשטאנען פון די הייזער פון: אלעזר קאנדל, יאנטשע קאנטאר און הערש פאַנצערמאן, אלע אין דער 3 מאי גאס.

עס איז געווארן א געפערלעכע בהלה אין שטאט, מען האט שוין געזען אז עס דערנענטערט זיך דער סוף. די מענטשן וואס זענען געווען אין דער רשימה, האבן אנגעהויבן אריינטראגן זייער לעצטע זאכן אין געטא.

האַרצרייסנדע סצענעס זענען פארגעקומען ביים געזעגע־נען זיך פון מענער מיט פרויען, עלטערן מיט קינדער, ווייל די דייטשע מערדער האבן ספעציעל אָפגעטיילט פאמיליעס און ווען עס איז צוגעפאלן די נאכט, איז אלץ געווען ווי אָפגעשטארבן, די יידן זענען געלעגן אין זייערע שטובער אין גרויס פחד, ווארטנ־דיק וואס דער מארגנדיקער טאג וועט ברענגען.

א סך מענטשן וואס זענען נישט געווען אין דער רשימה, האבן זיך אריינגע׳גנב׳עט אין געטאָ, זיך באהאלטן אין פארשידענע לעכער, בוידעמער און קעמערלעך.

# די צווייטע פארניכטונגס־אקציע אין בילגורייַ

דעם 2 נאָוועמבער 1942 פארטאג, האט מען געהערט א שיסעריי פון אלע זייטן שטאט. איך בין ארויס פון שטוב און געלאפן לענג אויס דער 3־טער מאַי גאס אראפּ צו דער קאַלייקע, דארט האב איך זיך באהאלטן צווישן דעם געהילץ וואס איז געלעגן צום פאַרלאדן.



אויף א חתונה אין בילגורייַ; וואלף בוים (לעבט אין בראזיל), ישראל האניגספעלד (לעבט אין ישראל). אלע איבריקע (אומגעקומען).

ליגנדיק א שטיקל צייט, האבן מיך קריסטלעכע ארבעטער געפונען, זיי האבן מיר געדראָט אז זיי גייען רופן די דייטשן, איך בין פון דארט ארויס און געלאפן מיט די פעלדער. איך בין אריין אין א אָפּגענעם תבואה־שייער, דארט האב איך געטראפן ליגן אין גרויס שרעק מרדכי שאַרפמאנס 2 קינדער, וואס האבן זיך דארט אויסבאהאלטן. איך האב דארט נישט געקענט פארבלייבן, ווייל עס איז געווען אַן אָפן אָרט.

די גאנצע צייט האט זיך געהערט דאס שיסן אָן אויפהער, איך בין ארויס פון שייער, און אויפגעריסן א פענצטער אין די פריש אויפגעבויטע באראקן נאכן סקאַרב און זיך אויסבאהאלטן דארט ביז עס איז געווארן טונקל. אין דער גאנ־

צער צייט האב איך געהערט דאס שיסן אונטער מיינע פלייצעס, די דייטשע מערדער האבן זיך געיאָגט נאך די יידן, ווי נאך ווילדע הונט. איך בין ארויס פון באַראַק און בין צוגעגאנגען צו מיין באקאנטע קריסטן פּאָלאָוואַ, האט זי מיר דערציילט, אז די דייטשע מערדער זענען געגאנגען פון שטוב צו שטוב און געשאָסן, זיי האבן צו־זאמענגעיאָגט אלע יידן צו בירך הירשמאַן אויפן פּלאַץ, און פון דארט האט מען זיי ארויפגעפירט אין די באַראַקן וואס זענען געווען אויפגעשטעלט אויפן אלטן בית־הקברות נעבן לייזער מיצנער.

פירנדיק די יידן איבער דער שטאט, האבן די דייטשע מער־דער געהאלטן אין איין שיסן אין זיי, די גאנצע שטאט איז געווען פול באלייגט מיט טויטע, אין די רינשטאָקן איז געפלאסן דאס בלוט ווי אין א שחט־הויז.

אזוי ווי איך האב זיך נישט געהאט געזעגנט מיט מיינע עלטערן, האב איך באשטימט זיך צוצושטעלן אליין, טראכטענדיק, וואס עס וועט זיין מיט אלע וועט זיין מיט מיר.

צוקומענדיק צום אריינגאנג פון באַראַק, איז געשטאנען א דייטשע וואַך, אויף דער פראגע ווו איך בין געווען א גאנצן טאג, האב איך געענטפערט, אז איך האב געארבעט, ער האט מיר נישט געגלויבט, אבער דאָך מיך אריינגעלאזט.

אריינקומענדיק אין באראק, האב איך צווישן אנדערע גע־טראפן מיין מוטער און שוועסטער, שלום ראָפּער, יוסף מוינעס, יונה ראָפּער מיט דער פרוי און קינדער, אייזיק שפּער, וואָלף בענדלער, אפרים צימרינג מיט דער פאמיליע און אנדערע, א גרויסער טייל יידן זענען געפאלן ביים אנטלויפן. מיין מוטער האט מיר דער־ציילט, אז מיין פאטער האט מען דערשאסן אין דעם זעלבן טאג, זי האט געהאלטן פאר אן עולה וואס איך האב זיך צוגעשטעלט. אין דער צייט ווען אנדערע אנטלויפן, פון די דאזיקע ווערטער האב איך באקומען לעבנס־מוט און איך האב באשלאסן, אז ביי דער ערשטער געלעגנהייט, וועל איך זען זיך צו באפרייען פון די דייטשע לאַפּעס. אבער דערווייל האט דער הונגער און דאָרשט זייער געמוטשעט.

צו מארגנס דעם 3־טן נאָוועמבער נאך מיטאג, זענען די באַראַקן געווארן באוואכט דורך ליטווינער, אָנגעטון אין א ספּעציעלן

שוואַרצן אוניפאָרם, מיט א דייטשער אָפּצייכנונג. זיי האבן מיטגע־האָלפן פארניכטן דאס יידנטום.

מיר ווערן אלע ארויסגעטריבן פון די באראקן, נעבן שלמה ישראל שטאָל ווערן מיר אויסגעשטעלט אין שורות און דא הייבט זיך אָן דער טרויעריקער טויטן־מאַרש פון די בילגורייער איבער־געבליבענע יידן. געטריבן צו פוס צו דער באַן קיין זווערזשיניעץ.

פירנדיק דעם עולם, האלטן די ליטווינער אין איין שיסן אין זיי, פון וועלכע עס האלט אין איין פאלן, צווישן זיי אויך מיין מוטער ע״ה אויף דער טארנאָגראדער גאס.

דער עולם זייענדיק זייער דורשטיק, האבן זיי אוועקגעגעבן דאס געלט די ליטווינער, בכדי זיי זאלן זיי וואסער ברענגען, די ליטווינער באקומענדיק דאס געלט, האבן געהאלטן אין איין שיסן אין די מענטשן, זאגנדיק דערביי, „איר וועט אלע דערשאסן ווערן, עס איז א שאָד דאס וואסער״.

איך האַלט זיך צוזאמען מיט וואלף בענדלער און אייזיק שפער, ווייל מיר האבן באשטימט, ביי דער ערשטער געלעגנהייט צו אנטלויפן, אבער ווי מיר האבן געזען איז דאס אנטלויפן געווען אוממעגלעך, ערשטנס, איז דער וועג געווען ווייט פון וואלד און צווייטנס, ווער עס איז נאר ארויס פון דער שורה און געפּרוווט אנטלויפן, איז דערשאָסן געווארן דורך די ליטווינער.

גייענדיק, זענען אלע מאל געפאלן מענטשן מאַכטלאָז, צווישן זיי שלום ראָפּער און יוסף מוינעס. זיי האבן נישט געקאנט מיט־מאַכן דעם שרעקלעכן טויטן־מאַרש, איך האב זיי ארויפגענומען אויף מיינע פלייצעס און מיט די לעצטע כוחות זיי געטראגן, ווי ווייט איך האב נאר געקאנט.

פארנאכט, ווען מיר זענען געווען נאָנט קיין זווערזשיניעץ, האבן די ליטווינער אויפגעהערט צו שיסן אין עולם, און ווען עס איז אָנגעפארן עטלעכע פויערישע פורן, האבן זיי די אָפּגעשטא־נענע מענטשן אויפגעזעצט.

דערנענטערנדיק זיך צו זווערזשיניעץ, איז שוין געווען גוט פינסטער, צוקומענדיק צום אָפּנויג, בין איך לאַנגזאם ארויס פון דעם עולם און געגאנגען מיטן וועג אויף לינקס.

אָפּגייענדיק בערך 100 מעטער, האב איך אין דער פינצטער באמערקט. גייענדיק אַ פּרוי מיט אַ קינד. איך האב געוואלט דורך איר פאַרביי גיין, אבער פּלוצים האב איך באמערקט אין דער פּרוי אז דאס איז מיין קוזינע גיטל גאלדבערג מיט איר קליינעם ברו־דער ישכר־בער, זי איז געווען געטראפן פון אַ קויל.

גייענדיק, אָן אַ וווהין, הונגעריקע פאַרפרוירינע, זענען מיר אנגעקומען אויף אַ פעלד, אין מיטן איז געווען אַ פויערישער תבואה־שייער. מיר זענען אריין אינווייניק, געלייגט זיך אויף דעם אויסגעשיטן כעמישן־מיסט און אוועקגעפאלן אין אַ טיפן שלאָף.

ווען מיר האבן זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען טאָג, מיר האבן געזען אז דא איז אַ דאָרף. ווען מיר זענען ארויס פון שייער, אָפּגייענדיק עטלעכע טריט, האבן אונז צוויי פויערים געכאַפּט. זיי האבן ביי אונז צוגענומען די לעצטע גראשנס, אונז צוגעבונדן מיט שטריק איינעם צום צווייטן. עס האט נישט געהאלפן דאס וויינען און בעטן זיי זאלן רחמנות האבן, אונז שענקען דאס לעבן, זיי האבן געלאַכט און געזאגט, „אָצעקאַלישטשע איז טראַנספּאָרטו״ און זיי האבן אונז אָפּגעפירט אין דער דארפישער תפיסה.

נאך מיטאג האבן אונז די פויערים געבראכט צו דער באַן און איבערגעגעבן דער דייטשער וואַך, זיי האבן אויפגעמאכט דעם טויער און מיט שטארקע קלעפּ אונז אריינגעווארפן צווישן עולם.

אריינקומענדיק אין דעם זאַמל־פונקט, האב איך געטראפן מיין יינגערע שוועסטער גיטל מיט מיין יינגסטן ברודער אברהם־משה. מיין קוזינע חיה גאלדבערג, האט מיר דערציילט, אז אויך זיי זענען נעכטן אנטלאפן, זיי האבן ארומגעבלאנקעט אַ גאנצע נאכט אין וואַלד, פויערים האבן זיי געכאַפּט און געברענגט צום זאַמל־פונקט, צווישן די אנטלאפענע איז אויך געווען חנה בער־לינערמאן (קאָפּל ביילע־גיטלס אַ טאכטער), אויך זי האבן די פויערים געכאַפּט און באלד ביים ברענגען צום זאַמל־פונקט, האבן זי די דייטשן געשאסן.

אין דעם זאמל־פונקט ביי דער באַן, איז געווען עטלעכע טויזנט מאַן, צוזאמענגענומען פון: בילגוריי, טארנאָגראד, פראמפּאָל, גאָריי, קרעשעוו און נאך, די מענטשן זענען געלעגן אין די זאַמדן פארוואונדערטע, פאר׳חלש׳טע, פארפייניקטע, פון הונגער און קעלט.

מיטוואך דעם 4־טן נאָוועמבער 1942 נאכמיטאג, ווערן צו־
געברענגט ליידיקע פראַכט־וואַגאנען און עס הייבט זיך אָן דאס
פאַרלאָדן די מענטשן.

ביי דער לענג פון די וואַגאנען, שטייען אויסגעשטעלט די
דייטשע מערדער מיט שטעקנס אין די הענט און ביים אריינלויפן
אין וואַגאָן קריגט יעדער געשלאגן ביז בלוט. ווען עס ווערט גאר
פול דער ערשטער וואַגאָן, ווערט ער פאַרקלאפּט און מען נעמט
לאָדן דעם צווייטן און אזוי כסדר.

איך בין אריין אין א וואַגאן וואס דארט האבן זיך געוואַל־
גערט אויף דעם פּאָל א סך קליינע קינדער האַלב־טויטע און טויטע,
די דייטשע מערדער האבן אָנגעפּאַקט אזוי פיל מענטשן אז מען
איז געשטאנען אויף די קינדער.

אָפּשטייענדיק אין די פאַרקלאפּטע וואגאנען ווו עס איז
קיין לופט נישט געווען צום אָטעמען און דער דאָרשט האט גע־
פפרלעך געפייניקט, זענען צוגעקומען די ליטווינער פון דער וואַך,
אויפגעמאכט די טיר און געהייסן זיך געבן געלט. ווען זיי ברענ־
גען וואַסער. מענטשן האבן פון זיך אַלץ אַראָפּגעגעבן בכדי צו
באקומען א ביסל וואסער. צום ערשט האבן זיי געברענגט וואַסער,
שפּעטער האבן זיי דאס געלט צוגענומען און קיין וואסער נישט
געברענגט, זאגנדיק, „אין בעלזשעץ וועט איר שוין באקומען וואסער”.

איך געדענק א פאַל, פּנחס צימרינג האט געהאט ביי זיך
א סומע געלט, און נישט ווילנדיק עס ארויסגעבן די ליטווינער,
האט ער עס פאַרשטעקט אין וואַגאָן.

שטייענדיק פארמאכט אין די וואגאנען, האט מען צווישן
זיך גערעדט: קען זיין אז יינגע. געזונטע מענטשן זאל מען ארויס־
נעמען און שיקן אין דייטשע פאבריקן אויף ארבעט. ווי מען רעדט
אזוי, גיט זיך די טיר פון אונזער וואגאן אַן עפן אויף און עס קומט
א באפעל „אלע מענער ארויס”. מענטשן זענען ווי פון א שיכרות
אויפגעשטאנען, אז אָט זענען מיר געהא׳פן. אבער באלד האבן
מיר דערשפּירט די קלעפּ פון די דייטשע מערדער וואס זענען
געשטאנען איבער דער לענג פון די וואַגאנען וואס אויף זיי איז
געווען אויפגעשריבן „בעלזשעץ”. מען האט אונז אלע אריינגעפּאַקט
צווישן דערוואקסענע און דעם וואגאן פארקלאַפּט.

אין וואגאן טרעף איך ווידער בילגורייער יידן, צווישן זיי יוסף שמירער, משה טויטמאן, אייזיק שפער, וואלף בענדלער און אנדערע, דא האבן מיר באשטימט צו שפרונגען פון צוג.

## איך שפרונג פון צוג

באלד האט דער צוג געריקט פון אָרט, יוסף שמירער דאַווענט מנחה מיט מנין, ער זאגט, עס זענען דאָ מענטשן וואס ווילן שפרונגען פון לויפנדיקן צוג, זאל מען זאגן קדישה מיט מנין.

באלד נאך קדישה האבן מיר זיך באַראטן ווער עס זאל שפרונגען דער ערשטער, ווייל נאך דעם קליינעם פענצטערל וואס מיר האבן אויסגעבראָכן, האט נאר געקאנט שפרונגען איין פערזאָן, ווי איך האב געזען האבן בענדלער און שפער נישט געהאט קיין חשק צו שפרונגען פון די ערשטע.

נישט טראַכטענדיק קיין סך, האב איך זיך אָנגעכאפט אין דעם אויסגעהאַקטן לאָך, זיי האבן מיך אונטערגעהויבן, איך בין ארויס מיט די פוס צום ערשט, שפעטער ארויס מיטן גאנצן גוף, הענגענדיק אויף די הענט אין דעם לויפענדיקן צוג, די וועכטער וואס זענען געזעסן אויף די דעכער, עפענען א פייער פון מאַשין־געווער, אבער א וועג אויף צוריק אריין איז נישט געווען און איך האב נישט געוואלט, בעסער צו פאַלן אונטער די רעדער פון צוג, איידער צו ווערן פארברענט אין די גאז־קאמערן אין בעלזשעץ, איך האב זיך נאכגעלאזט, פון שטארקן אימפעט בין איך געווען ווי צוגעקלעפט צום וואנט פון וואגאָן און איך בין אראָפגעשפרונגען.

אראָפשפרונגענדיק, האב איך זיך צוגעדרוקט צו דער זייט פון די שינעס און דאס שטארקע פייער וואס די וועכטער האבן אויף מיר געעפנט, האט מיך אויסגעמיטן.

ווען דער צוג איז פארביי, שטיי איך גלייך אויף און לויף אריין אין דעם דערנעבנדיקן וואלד, אבער איך האב באלד חרטה געהאט וואס איך בין געשפרונגען, זעענדיק אז איך בין איינער אליין (שפער און בענדלער זענען נישט געשפרונגען), ווען אלע מיינע טייערע גייען צום אומקום.

זייענדיק אליין און נישט קענענדיק דאס וואלד, האב איך געציטערט פאר מיין אייגענעם שאָטן.

ליגענדיק ביינאכט אליין אין וואַלד, האָב איך פּלוצים באַמערקט פון דערווייטנס זיך עפּעס באַוועגן, איך האָב דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין דער ערד, מען זאָל מיך נישט באַמערקן.

איך האָב באַלד געזען ווי עס דערנענטערט זיך צו מיר אַ מענטש מיט וואָנסעס, אין גאַנצן ענלעך צו אַ קריסט. איך האָב געמיינט אַז איך בין שוין פאַרלאָרן. אויפהייבנדיק לאַנגזאַם דעם קאָפּ, האָב איך באַמערקט ווי ער שלעפּט נאָך אַ פוס. עס האָט זיך באַלד אַרויסגעוויזן אַז ער איז אַ ייד, שלמה פייל (אשר פיילס אַ זון) און אויך ער איז געשפּרונגען פון צוג. ער איז געוואָרן געטראָפן פון אַ מערדערישע קויל אין פוס.

איך האָב געהאַט מיט אים גרויסע צרות. איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס אים צו באַנדאַזשירן די וווּנד, איך האָב אָפּגעריסן אַ טייל פון מיין אונטער־וועש און אים באַנדאַזשירט.



חיה'לע גרינבוים, געפאלן אלס קראנקן-שוועסטער אין דער רוסישער ארמיי

ער האָט מיר דערציילט, אַז אַרויסשפּרונגענדיק פון וואַגאָן האָט ער דאָרט איבערגעלאָזט זיין רעקל מיטן געלד, מען זאָל עס אים נאָכוואַרפן, אָבער ער האָט עס נישט געפונען און כאָטש איך האָב געהאַט ווייניק געלט, דאָך האָב איך אים אַ טייל געגעבן.

מיר האבן באשטימט צו נעכטיקן אין וואלד. ביינאכט זאל ער אריינגיין צו א נאָענטן פויער און בעטן עפעס עסן. אָפגייענ־דיק א שטיקל וועג, האבן מיר באמערקט א שיין פון ליכט, ער איז דארט אריין, ווארטענדיק א שטיקל צייט און ער איז נישט ארויסגעקומען, דא האב איך געמיינט אז אויך אים האב איך פארלוירן, אבער ער איז צו מיר צו און דערציילט אז מען האט אים דארט געגעבן אָפצועסן און פאר מיר האט ער גארנישט געבי־ראכט, נישט וועלנדיק זאגן אז עס איז ווער נאך דא.

איך בין אויך אריין צו א פויער און געבעטן עפעס עסן, האט ער מיר געזאגט אז עס איז יעצט געווען איינער פון אייערע און מיר האבן אים געגעבן, אבער מער האבן מיר נישט. ארויס־גייענדיק האב איך באמערקט א טאָפּ מיט קאַרטאפל אין די שאָלן, איך האב גענומען עטלעכע און בין אוועק.

צוריקקומענדיק צו פיילן, זענען מיר אריין אין וואַלד, און זיך געלייגט שלאָפן. אויפשטייענדיק אין דער פרי, האבן מיר באמערקט א פויעריש הייזל מיט א ברונעם, מיר האבן זיך אָנגע־טרונקען, שפעטער זענען מיר צו צום פענצטער און געפרעגט ביי דער אלטער פרוי וואס איז געווען אין שטוב, ווו מיר געפו־נען זיך? זי האט אונז געזאגט אז מיר זענען נאָענט צום שאָסיי, מיר זאלן אכטונג געבן, ווייל דא פאָרן כסדר דייטשן.

שלמה פייל האט מיך צוגערעדט אז מיר זאלן גיין צו זיינע באקאנטע קריסטן נעבן פראַמפּאָל, דארט וועלן מיר קענען אדורכ־לעבן די קריג. איך בין אויף דעם נישט איינגעגאנגען, וויסענדיק אז אין בילגורייער געטאָ זענען דא 70 יידישע ארבעטער. אפשר וועט מיר געלונגען דורך וועלכן וועג זיך דארט אריינצובאקומען.

צומארגנס דאנערשטיק דעם 5־טן נאוועמבער. האבן מיר זיך געלאזט גיין מיטן וואלד קיין בילגוריי, ווייל אויפן וועג זענען כסדר געפארן דייטשן. אויך פאָלאַקן האבן כסדר געזוכט יידן, בכדי זיי אויסצוליפערן אין די דייטשע הענט.

מיר האבן זיך ארומגעבלאנקעט אין די וועלדער ביז זונטיק דעם 8־טן נאוועמבער, קיין עסן האבן מיר נישט געהאט. מיר האבן זיך דערנערט פון פארשידענע וואַלד־געוויקסן. צוקומענדיק צום פאַרנעסוווקער באַרג, ווו עס איז נישט דא אין די זייטן קיין וואלד,

זענען מיר געווען געצוואונגען צו גיין מיטן אפענעם שאָסיי. דא האבן מיר זיך צעשיידט, ער גייט מיטן וועג קיין פראַמפּאָל און איך לאָז זיך ווייטער קיין בילגוריי.

אראפגייענדיק פון באַרג, טרעף איך זיך אָן אויף צוויי פּאָליאַקן אויף ראָווערן, זיי פאַרהאַלטן און פרעגן מיך ווו אהין איך גיי, צי איך בין אנטלאפן פון טראנספּאָרט, און הייסן מיר גיין צוריק.

איך האב זיי געבעטן אז זיי זאלן מיך אָפּלאָזן, אבער זיי האבן מיר געהייסן גיין אויף צוריק, דערביי האט מיר איינער געגעבן אַ שטויס מיטן ראָווער אז איך בין אומגעפאלן. איך בין גלייך אויפגע־שטאנען און נישט קלערנדיק קיין סך, האב איך אנגעהויבן לויפן אויף די צעאַקערטע פעלדער.

אָפּלויפנדיק אַ שטיקל וועג האב איך זיך אומגעקוקט צי זיי יאגן מיך נישט נאָך, האב איך באמערקט ווי עס פאָרט אָן אַ מאשין מיט ליטווינער און זיי האבן זיי אָפּגעשטעלט, ווייזנדיק אז דא איז יעצט אנטלאפן אַ ייד, די ליטווינער האבן געמאכט מיט דער האנט, ווי מען זאגט אַמאָל, זאל ער לויפן, ער איז סיי ווי סיי אָן אונזעריקער.

אנקומענדיק אויף די „ראַפּעס", פאר בילגוריי, האב איך געטראָפן אין וואלד אלימלך ווינטרויב, ער האט זיך איינער אליין ארומגע־בלאנקעט אין די בילגורייער וועלדער, איך האב אים מיטגערופען, אפשר וועלן מיר זיך קענען אריינבאקומען אין געטא, האט ער נישט געוואלט און מער האב איך אים נישט געזען.

זונטיק פארנאכט בין איך אָנגעקומען אָן אויסגעווייקטער פון רעגן דורך דעם גאָש־געסל, איך בין אריין אין אַ יידישער וווינונג אז מען זאל מיך נישט באמערקן, איך האב זיך דארט איבערגעטאָן און דורך יחזקאל ארבעספעלדס געסל בין איך אריין אין דער „3־טער מאי" גאס, דא האב איך געטראפן שמואל זיסמאַן, איך האב אים גע־בעטן אז ער זאל מיר העלפן זיך אויסצובאהאַלטן, ער האט מיר אנ־געוויזן אַ פּלאַץ ביי שלום ראָפּער אויפן בוידעם פון דער לודאָווניע, ער האָט מיר אויך צוגעזאגט, אז אויב עס וועט נאר מעגלעך זיין וועט ער מיר העלפן אויך מיט עסן.

איך בין גלייך ארויף אויף דעם בוידעם, כ'האב דארט געטראפן בעט־געוואנט, און זיך אוועקגעלייגט אָפּרוען פארשפּארנדיק דעם אריינגאַנג.

איך בין געלעגן אין גרויס פּחד און האב נישט געקענט איינשלאפן,

יעדער באוועגונג פונם שטרוי וואס האט זיך געפונען אויפן בוידעם, האט מיך באומרואיקט.

ליגנדיק אַ שטיקל צייט, האב איך געהערט אַ שטאַרקע שיסעריי אויף דער 3־טער מאַי גאַס, איך קוק ארויס פון אַ שפּאַרע, זע איך ווי די פּוילישע פּאָליציי שיסט אויפן לײדיקן פּלאַץ וואס האט זיך געפונען נאך די צימרינג׳ס, דארט האבן זיך געהאט באהאלטן עטלעכע יידן. איך האב געהערט ווי זיי האבן געזאגט אויף פויליש: „ווו האבן זיי זיך דא אזוי פיעל גענומען״? צווישן דער פּאָליציי איז געווען גזשיבעק, דער פאליציאנט פון פארן קריג אין בילגוריי.

ליגנדיק אַ צייט אויפן בוידעם, האט דער הונגער אנגעהויבן מוטשען, פלעג איך פארטאג אַראָפּ פון מיין באהעלטעניש און אריין אין די ארומיקע פארלאָזענע יידישע הייזער און דארט צוזאמענקלויבן פארשידענע איבערבלייבעכץ ווי: פארטרוקנטע מייערן, באַראַקעס, ציבעלעס און קאַרטאָפעל, און פון דעם האב איך זיך דערנערט אַ שטיקל צייט.

פיעל מאל זוכנדיק אין די יידישע הייזער, האב איך אנגעטראפן אויף יידן באַהאַלטן אין פארשידענע לעכער, איינמאל האב איך זיך טאקע אנגעטראפן אויף פנחס צימרינגס צוויי קינדער, וועלכע זענען געווען אויסבאהאלטן אין הויז ביי זייער זיידן הערש יוסף צימרינג.

אַ געוויסן טאג ליגנדיק אויפן בוידעם, האט זיך מיר אויסגעדאכט אז איך הער מענטשלעכע טריט, איך בין לאַנגזאַם צוגעגאנגען צו דער שפּאַרע, האב איך געזען מיין מומע רחל׳ע (אליהו גאלדבערג׳ס פרוי), איך האב זי שטילערהייט גערופן, זי איז אין גרויס שרעק צוגעקומען, זי האט מיר דערציילט, אז זי מיט אירע 2 קינדער באהאלטן זיך אויס אויף אַ בוידעם ביי שלמה ליכט־ציערס (בענדלער) קינדער, זיי זענען דארט 19 מענטשן.

ליגנדיק ביינאכט אַ שלאָפלאזער דערהער איך טריט פון די דייטשע פּאַטראָלן, וואס גייען פארביי דעם קעלער, רעדן צווישן זיך: „היער אין קיינע יודן, היער איז אונזער ביער לאגער״, ווען זיי זענען פארביי איז מיר געוואָרן אַ ביסל לייכטער אויף דער נשמה, עס איז זיי זיכער נישט איינגעפאַלן, אז פון אויבן אויף זייער ביער־לאגער, זאלן זיך אויסבאַהאַלטן יידן.

שבת דעם 14.11.1942, גאנץ פרי, הער איך ווי אונטער מיינע פלייצעס, אויף דער 3־טער מאַי גאַס, לויפן פארביי מענטשן, איך קוק

דורך דער שפּאַרע, זע איך מיין ברודער שלמה, איך גיב א געשריי: „שלמה!" ער קוקט זיך אים, ער ווייסט אבער נישט פון וואנען דאס קול קומט און ער לויפט ווייטער, איך זע ווי ער לויפט צום געטאָ, איך לויף גלייך אַראָפּ פון מיין באַהעלטעניש און לויף אויך צום געטאָ, צוקומענדיק צום געטאָ, טרעף איך דעם טויער געשלאסן. איך גיב אים אַ רוף, עפנט ער מיר דעם טויער, ווען איך בין אריין האבן מיר זיך צעקושט, איך האב אים געזאגט ווו איך געפון זיך, אויב מען וועט אים פון דער געטא ארויסיאָגן, זאל ער ויסן ווו אהין צו קומען.

אין געטאָ איז געווען אַ דאָקטאָר אַ יידיש־דייטשער פליט געקומען פון טאַרנאָגראַד, ער האט אונז בײדע און נאך אנדערע ארויסגעיאגט פון געטאָ, און מיר האבן זיך געטראָפן אויפן בוידעם פון דער לאַדאָוור־ניע, ער האט מיר דערציילט, אז ער איז געווען אין בונקער פון מענדל הורביץ, ביי אליעזר טייער אין הויף, ווו עס געפונען זיך איבער 70 יידן און דארט האט ער נישט געקאנט זיין, מיר האבן בײדע גוט פאַרשפּאַרט די טיר פון בוידעם, עס זאל קיינער נישט קענען אריין. דער אָנגעגרייטער עסן־זאַפּאַס האט זיך אונז געענדיקט און עס הויבן זיך אָן די טעג פון הונגער.

ליגנדיק אזוי, האב איך באשלאסן אראפצוגיין אין געטאָ ווי איך האב געהאט באַקאַנטע: אברהם יאנאוועד און משה ליכטנפעלד, אפשר וועלן זיי אונז עפּעס קענען העלפן מיט עסן.

פאַרטאָג האב איך זיך אראָפּגעכאַפּט פון בוידעם, די דייטשע נאכט־וואַך האט שוין געהאט פאַרלאָזט די גאסן און די פוילישע באפעלקערונג איז נאך געשלאָפן, אזוי, אז עס איז נישט געווען באַ־דראָט זיך צו ווייזן אין גאַס.

ווען איך בין געקומען אין געטאָ בין איך אריין צו אברהם יאַנאָ־ווער, ער האט מיר גלייך געגעבן אַ פּעקל מיט עסן און ער האט מיך געבעטן, אז איך זאל צו מיר אויפן בוידעם ארויפנעמען זיין יינגסטן ברודער מאיר, וואס ליגט באַהאַלטן ביי אים אין שטוב אין געטאָ, און איז געווען אויסגעשטעלט יעדער מינוט אויפן טויט, ער וויל אים מאכן לעגאל אין די נאנטסטע טעג, וואס דאס קומט אָן מיט גרויס שוועריקייטן.

איך בין דערויף איינגעגאנגען, און טאקע צומארגנס פרי האב איך אים מיטגענומען אויפן בוידעם פון דער לאַדאָווניע, דא האט זיך שוין פאר מיר געשטעלט די אויפגאבע צו שאפן עסן פאר 3 פערזאן

און טאקע יעדן טאג בין איך געגאנגען אין געטאָ נאך עסן.

אַ געוויסן שבת, האט זיך אים פארבענקט צו גיין צו זיין ברודער אברהם אין געטאָ, איך האב אים קוים דאפון אויפגעהאלטן ביז נאך מיטאָג, איך האב געוואלט זען דורך די שפּאַרעס פון בוידעם, צי עס געפונען זיך נישט אין גאַס דייטשע פּאַטראָלן. פאַרנאַכט האב איך פארזיכטיג אויפגעעפנט די טיר און אים ארויסגעלאזט אויף דער גאַס.

איך האב געזען ווו ער גייט צו צום טויער פון געטאָ און קלאַפּט אָן, איך באמערק אז דארט קומט עפּעס פּאָר און טאקע אין א ווײלע ארום האבן זיך דערהערט עטלעכע שאָסן.

צומארגנס בין איך געוווירער געווארן, אז ווען ער איז צוגעקומען צום געטאָ, האבן זיך צוליב אַ צופאַל געפונען דארט געסטאַפּאָ־לייט, וועלכע האבן אים מיט נאך עטלעכע מאַן געטראָפן אין געטאָ, זיי האבן זיי ארויסגעפירט אויף די פעלדער און דערשאָסן.

אַ געוויסע נאכט נאך צוועלף האבן מיר געהערט מענטשלעכע טריט אין הויף פון אליעזר טייער און גלייך הערן מיר אַ געשריי „הערויס!", מיר זענען ביידע געבליבן טויט דערשראקן, און אין דער זעלבער מינוט הערן מיר ווי מען קלאַפּט אין טיר פון בוידעם און מען שרייט: „מאַך אויף"! איך האב זיך גלייך געכאַפּט אז דאס איז ווער פון בונקער.

איך האב פארזיכטיג אויפגעמאַכט די טיר און אים אריינגענומען, עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז דאס איז געווען אברהם הורביץ (מנדל הורביץ'ס זון), וואס פלעגט יעדן נאכט נעמען וואסער פארן בונקער, ביי שלום ראפּערס ברונעם.

באלד האט זיך געהערט אַ שטארקע אויפרייס, מיר הערן ווי עס לויפט ווער אונטער דער וואנט פון דער לאַדאָווניע און עס יאגט ווער נאך אים מיט אַ געשריי, „האַלט"! און עס הערט זיך אַ שיסעריי.

צו מארגנס האבן מיר זיך דערוויסט, אז דאס איז געווען יאַטשע וויינטרויבס אַ יינגל און צוליב דער פינצטערניש האט זיך אים איינ־געגעבן צו אנטלויפן, אבער אין אַ פּאָר טעג שפּעטער איז ער געפאַלן אויף די פעלדער ארום בילגוריי.

זייענדיק צוזאמען מיט אברהם הורביץ, האט ער געזאגט, אז אין בונקער האט זיך געפונען אַ גרויסער זאַפּאַס עסן און מיר האבן באַ־שלאסן, אז מיר ביידע זאלן פארטאג אַראָפּ אין בונקער און צוזאמענ־נעמען דאס עסן.

אַ גאנצע נאכט זענען מיר שוין נישט געשלאפן, פארטאג זענען

מיר פארזיכטיג אַראָפּ פון בוידעם און דורך שלום ראפערס הויף זענען מיר אריין צו אליעזר טייער. אַ שוידערלעך בילד האט זיך פאר אונז אנטפלעקט, דער גאנצער הויף פון אליעזר טייער איז געווען פול מיט טויטע, מענער, פרויען און קליינע קינדער, עס האט אויסגעזען פונקט ווי אַ שלאכט־פעלד.

אַ שרעקלעכן איינדרוק האט אויף מיר געמאכט ווען אברהם הורביץ איז צוגעלאפן און געכאפט דאס פוטערנע־היטל, וואס איז געווען פון זיין פאטער, ער האט עס געדרוקט צו זיך מיט טרערן און געזאגט: דאס איז מיין איינציקער אָנדענק פון מיין גאנצער משפחה.

צוקומענדיק צום קעלער האבן מיר געטראפן אַלץ אויסגעמישט מיט ערד און בלוט, אויף דער ערד האט זיך געוואלגערט צעריסן געלד, וואס די אומשולדיקע קרבנות האבן אין די לעצטע מינוטן צעריסן, בכדי עס זאל נישט אריינפאלן אין די רוצחישע הענט.

מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ פארלאזן מיר הונגעריקע, פארצווייפלטע, דעם בונקער, מיר פאַלן אריין אין יאוש, זעענדיק ווי די דייטשע מערדער מיט זייערע פוילישע צוהעלפער, גייען ארום מיט העק און אייזן און ליקווידירן בונקער נאך בונקער, בכדי צו באקומען 2 קילא צוקער.

צו מארגנס נאך דער שחיטה, האב איך געהערט, ווען עס איז פארבייגעגאנגען דער חזיר־הענדלער שוויערשטש און האט געזאגט „זיכער איז דא געפאלן ישראל". — ער פלעגט מיר כסדר העלפן מיט עסן.

מיר באשטימען אז איך מיט אברהם הורביץ זאלן גיין אין געטאָ, רעדן מיט הערש זילבערבערג, ער זאל זען מען זאל אים צושרייבן צו בלייבן לעגאַל אין געטאָ. עטלעכע טעג שפעטער איז ער טאקע געווארן צו געשריבן אין געטא און איך מיט מיין ברודער בלייבן ווייטער הונגעריקע אויפן בוידעם.

אַ געוויסן טאג איז געקומען פון די וועלדער חיים בראנדווין (ישעיה׳לעס א זון) אין געטאָ, אבער דארט האט ער זיך נישט געקאנט אויפהאלטן, ווייל כמעט יעדער טאג איז געקומען אין געטא געסטאַפּאָ, עס האט אים ווער געזאגט אז מיר באהאלטן זיך אויס אויף דעם בוידעם פון דער לאַדאווניע און אין אַ געוויסן פארנאכט איז ער צו אונז געקומען. כאטש מיר האבן געהאט וויניג עסן וואס מיר פלעגן באקומען פון געטא, דאך האבן מיר זיך מיט אים געטיילט.

דער דייטשער אפּאָסטראָפֿוס איבער די יידישע פאַרמעגנס, האָט צוזאַמענגעפירט דאָס גאַנצע פאַרמעגן פון די יידן, ווי: מעבל, מאַשינען, כּלים און דאָס אויסגעשטעלט ביי דער וואַנט פון דער לאַדאָוורניע, ווי מיר זענען געלעגן באַהאַלטן. יעדער אונזער באַוועגונג איז געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן. דאָרט פלעגן זיך צוזאַמענקומען די פּויערים פון די דערפער, אָפּקויפן דאָס פאַרמעגן פון די אויסגעמאָרדעטע בילגורייער יידן.

מען האָט אַמאָל געברענגט אַ לאַדונג מיט מעבל, האָב איך געהערט ווי די פּויערים דערציילן צווישן זיך מיט שׂמחה, אַז אַ וואַקרוקנדיק אַ שאַפע אין הויז פון אַנטשל שור, האָבן זיי דאָרט אַנגעטראָפן אויף יידן, ווי: דוד זאַקמאַן, הענעך שיער און אַנדערע, מען האָט זיי אַראָפּגעפירט אויפן בית הקברות און דאָרט דערשאָסן.

אַ צווייט מאָל האָב איך געהערט ווי דאָרפישע פאַרמאַנעס האָבן דערציילט, אַז אין אַ הויז נאָך נטע קראַנענבערג האָט מען געפונען איינעם פון די מיצנערס משפּחה, די פּאָליאַקן האָבן אים איבערגעגעבן די דייטשן, זיי האָבן אים אַראָפּגעפירט אויפן בית־הקברות און דאָרט דערשאָסן.

ליגענדיק אויפן בוידעם האָב איך געזען דורך די שפּאַרעס ווי דער געסטאַפּאָוויעץ מאַיעווסקי האָט געפירט נטע קראַנענבערג, זיין פרוי רחל'טשע און טאָכטער, אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך געזען ווי נטע קראַנענבערג, וואָס איז געווען דערשעפּט פון גיין איז ער אַנידערגעפאַלן, דער געסטאַפּאָוויעץ האָט אים געטון עטלעכע שטויס מיטן פוס און נאָכהער אים געשאָסן אויפן אָרט. אַביסל ווייטער האָט מען געשאָסן זיין פרוי.

מיין זיידע שמואל בלאַנדער האָט זיך אויסבאַהאַלטן עטלעכע וואָכן אין די קאַמערן וואָס זענען געבליבן אויף זיין הויף. אַ געוויסע נאַכט האָט אים די זשאַנדאַרמעריע געפונען אין בעט און אים דערשאָסן.

מיין פעטער אליהו גאָלדבערג, איז אַ שטיק צייט געווען אויסבאַהאַלטן ביים מעכאַניקער סאָלסקי, די דייטשן האָבן אים געפונען און דערשאָסן.

אַ שוידערלעך בילד האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיינע אויגן, גייענדיק פאַרטאָג אין געטאָ דורך יחזקאל קאַנדל, זענען פיל טויטע אין גאַנצן נאַקעט געלעגן צוואָרפן איבערן גאַנצן הויף.

ווי איך בין שפעטער געוואויר געוואָרן, האָבן די דייטשן מיט דער הילף פון דער פּוילישער אונטער־וועלט אויפגעדעקט דעם בעסטן מאַסקירטן בונקער, דאָרט איז געווען אויסבאַהאַלטן: יחזקאל קאַנדל מיט דער פאַמיליע, אַברהם טאַבער מיטן איידעם און זיין גאַנצער משפּחה, מלכּה קאַרנבליט און אַנדערע.

נאָך אַ שרעקלעך בילד, ליגנדיק אויפן בוידעם, הער איך אַ שטאַר־קע באַוועגונג אין גאַס, ווען איך בין צו צו די שפּאַרעס, האָב איך געזען ווי דייטשן מיט דעם פּוילישע אונטער־וועלטניק קולאַשע, מיט נאָך פּויערים מיט אייזן און העק זענען אַריין אין הויף פון די בענד־לערס, איך טרעט נישט אָפּ פון דער שפּאַרע, איך וויל זען וואָס עס וועט זיין דער סוף, ווייל דאָרט באַהאַלט זיך אויס מיין מומע רחל׳ע גאָלדבערג מיט די קינדער און אַנדערע צוזאַמען 19 מענטשן, שטיי־ענדיק ווי צוגעשמידט צו דער שפּאַרע, הער איך ווי עס קראַכן ברע־טער, און נישט וואַרטנדיק לאַנג זע איך ווי מען פירט אַרויס מיין מומען מיט די קינדער און די אַנדערע, מען האָט זיי אַלע אַראָפּגעפירט אויפן בית־הקברות און דאָרט דערשאָסן.



בערל שוץ און יצחק בעכער אין בילגורייער וואַלד

חיים בראַנדווייַן האָט אונז דערציילט אַז אין וואַלד איז אוממעג־לעך צו זיין, די פּויערים לויערן אויף יעדן ייד, די גאַנצע גרופּע מיט וועלכער ער איז געווען, האָבן די פּויערים אומגעבראַכט, נאָר ער איינער איז געבליבן לעבן מיר הייבן אָן זוכן וועגן, ווי אַזוי זיך אַריינצובאַקומען אין געטאָ.

זונטיק דעם 4־טן יאנואר 1942, בין איך צום צווייטן מאל געגאנגען אין געטא, איך האב זיך באהאלטן אין אַ קאַמער צווישן האָלץ. אברהם יאנאווער האט מיר באדארפט מודיע זיין, ווען הערש זילבערבערג וועט קומען אין געטא, בכדי איך זאל מיט אים רעדן.

פלוצים איז אין געטא געווארן אַ בהלה, מען האט אנגעהויבן צווישן זיך רעדן, אז מען האט געטראפן דאס באהעלטעניש אויפן בוידעם ביי שלום ראַפער. מען האט אַראָפּגעפירט מיין ברודער שלמה מיט חיים בראנדוויין, חיים בראנדוויין איז געלונגען צו אַנטלויפן, מיין ברודער האט מען אראפגעפירט אויפן בית־הקברות און אים דארט דערשאסן.

מיט דעם האבן זיך געענדיקט די לעצטע בונקערס אין בילגוריי.

דערהערנדיק די דאזיקע געשיכטע האב איך זיך אין גאנצן צוזאַמענגעבראכן און בין שוין אויף דעם פלאַץ מער נישט צוריקגעגאנגען.

מיט הערש זילבערבערג האב איך שוין נישט גערעדט, עס האט מיט אים גערעדט אברהם יאַנאָווער, און ער האט אים צוגעזאגט דעם ענין צו ערליידיקן און בכדי צו ווערן לעגאַל אין געטאָ האט מען גע־מוזט האבן אַ בילד, דאריבער האב איך זיך צו מארגנס אָפּגעראזירט פשוט זיך איינגעשטעלט און געגאנגען זיך מאכן אַ בילד צום פאָ־טאָגראַפיסט וואס האט געוווינט אין הויז פון די צימרינגס.

צוריקקומענדיק אין געטאָ האב איך דאס בילד איבערגעגעבן הערש זילבערבערג און גלייך צו מארגנס האב איך שוין געהאט דעם אויסווייז אלס ארבעטס־מאַן אין בילגורייער געטאָ.

## די ליקווידאציע פון געטאָ

די לעצטע טעג וואס איך בין געווען אין געטאָ, האט מען כסדר גערעדט, אז די דייטשן גרייטן זיך צו ליקווידירן דאס געטאָ.

פרייטיק דעם 10־טן יאנואר 1943 פאַרטאָג, האבן די געסטאַפּאָ און זשאַנדארמעריע ארומגערינגלט דאָס געטאָ, ליגנדיק נאך אויף די געלעגערס, האט מען געהערט דאס קלאַפּן אין די לאָדן, „אויפש־טיין"! „קאָנטראָל"! — דא האבן די מענטשן צווישן זיך באַלד גע־זאגט, עס איז געקומען דער סוף.

ווען די מענטשן האבן זיך אנגעטון, איז אין דרויסן נאך געווען

גוט פינצטער. און אַלץ איז ארויס אין הויף, עס איז באלד געקומען אַ באפעל פון דער געסטאַפּאָ, אז מ׳זאל זיך אויסשטעלן, יונגע מענער באזונדער, עלטערע, פרויען און קינדער באַזונדער.

ווען עס איז געווארן אַ ביסל ליכטיקער, איז געקומען אַ באַפעל צו דער יינגערער גרופּע וואס איז באשטאַנען פון: ישראל גייסט, שמואל זיסמאן, אברהם יאַנאָווער, בייניש אדלער, שלמה זילבערליכט, בינים שולמאן, משה ליכטענפעלד, דוד בענדלער, אהרן הארנפעלד, פנחס פארשטענדיק, שלום פאַרצעלאן, אליעזר שוחט׳ס 2 זון, אברהם הורביץ, דוד לאַקס, בעריש לאנג, משה בוים און פישל קאנדל, אז זיי זאלן אַפּמארשירן, ארויס פון טויער.

און בכדי צו פארענדיקן די אָנגעפאנגענע אַרבעט, האבן זיי דארט איבערגעלאזט: נחמן רענער, לייזער פרוכטלענדער און נחמיה לאַנג.

ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווסט זענען נחמן רענער און לייזער פרוכטלענדער אנטלאפן אין וואלד און נחמיה לאַנג איז אנטלאפן צו אַ באקאנטן קריסט, וועלכער האט אים געדארפן אויס־באהאלטן, נאכן צונעמען ביי אים דאס געלט האט ער אים פאר׳סמ׳ט.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האבן מיר געהערט אַ שטארקע שי־סעריי, מיר האבן באלד פארשטאנען, אז אלע איבערגעבליבענע דארט, זענען אומגעבראכט געווארן.

אנקומענדיק אין דער בילגורייער תפיסה, האט די געסטאַפּאָ גע־פאדערט, אז יעדער זאל אָפּגעבן דאס געלט און אנדערע ווערט־זאכן וואס יעדער האט, אַ געוויסן סכום האבן זיי יעדן איבערגעלאזט, זיי האבן אונז געזאגט אז מיר ווערן איבערגעפירט אין אַ לאגער. זיי האבן זייער געפייניקט פישל קאנדל ער זאל אויסגעבן ווי עס געפינט זיך דאס גאלד פון יידנראַט.

מענטשן וועלכע האבן געהאט ביי זיך געלט, זענען ארויס אין בית־שימוש און דארט עס ארייגעווארפן, בכדי עס זאל נישט אריינ־פאלן אין די רוצחישע הענט.

זייענדיק אין תפיסה איז צו אונז אריינגעקומען אַ מענטש זייער אַ הויכער פשוט אַ ריז, מיטן נאמען פינקאָווסקי, ער איז געווען אנגעטון אין אַ ס. ס. אוניפאָרם און פרעגט, ווו זענען אונזערע פרויען און די געפעק? עס האט אים ווער געענטפערט, אז אלץ איז געבליבן

אין געטאָ. ער האָט מער נישט געלאָזט פייניקן פּישל קאַנדל, טענה׳־דיק אַז דאָס געלט וואָס די געסטאַפּאָ האָט אונז איבערגעלאָזט, זאָלן מיר אים אוועקגעבן, און דערפאַר וועלן מיר באַקומען עסן אין לאַגער. ער האָט גענומען 2 מענטשען זיי זאָלן מיט אים פאָרן אין געטאָ ברענגען פון דאָרט קאָלדרעס.

צוקומענדיק צום געטאָ, האָבן מיר געזען, ווי אַלע דאָרט איבער־געבליבענע, ליגן טויט צעוואָרפן אויפן גאַנצן הויף. מיר האָבן באַקו־מען אַביסל צעריסענע קאָלדרעס און אוועק צוריק אין תפיסה.

פאַרנאַכט איז דער זעלבער ס. ס. מאַן געקומען מיט אַ לאַסט־מאַשין וואָס איז געבליבן שטיין פאַרן טויער.

ער איז געשטאַנען מיטן רעוואָלווער אין האַנט. מען האָט איינ־ציקווייז אַרויסגעלאָזט פון תפיסה און ווער עס איז אים נישט געפעלן האָט ער גלייך דערשאָסן. צווישן די געפאַלענע איז געווען פּנחס פאַר־שטענדיק און דוד לאַקס.

שוין זייענדיק פאַרלאָדן אין מאַשין, האָט דער מערדער פּינקאָווסקי באַפוילן אַז מען זאָל אַראָפּשלעפּן די שטיוול פון די דערשאָסענע, איז אַראָפּ דער לעצטער מיכאל אַ פּראַמפּאָלער, אַזוי ווי ער האָט נישט באַוויזן שנעל אַראָפּצושלעפּן די שטיוול פון די טויטע, האָט ער אויך אים דערשאָסן.

דער מערדער האָט זיך מיט דעם נישט באַגנוגנט און ווייטער געפאָדערט אַז מען זאָל אַראָפּשלעפּן די שטיוול, עס איז אַראָפּ איינער, און שנעל אויסגעטאָן די שטיוול פון די טויטע און זיי געגעבן דעם מערדער פּינקאָווסקי און מיר זענען אָפּגעפאָרן אין דער ריכטונג פון זאַמאָשטש.

שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אויפן אָרט, מיר זענען געבליבן שטיין נעבן אַ שטאַל פון פערד, דאָס איז געווען דער וווין־אָרט פון די לאַגער־מענטשן.

## פאַהר און רייט-שולע פאַר ס. ס. יאַנאָוויצע

עפנדיק די טיר האָט זיך באַמערקט ווו מענטשן ליגן אין שרעקלעכע באַדינגונגען אויף דער פּאָדלאָגע, עס האָט אַרויסגעזעצט אַ שטיקענ־דער ריח פון דער פערד־שטאַל.

אין דער זעלבער שטאַל איז געווען אָפּגעטיילט אַ שטיקל פּלאַץ

און דארט איז געווען די קוך. ער האט באַלד געגעבן אַ באפעל אז מען זאל פאר אונז אָפּקאָכן אַ זופּ, וועלכע מיר הונגעריקע האבן גע־געסן מיט גרויס אפעטיט.

ער האט געהייסן אלע קראנקע זיי זאלן אונז אָפּטרעטן זייערע פלעצער און זיי זאלן אריין אין פאדערשטן טייל פון שטאַל.

מיר האבן זיך צוזאמענגערעדט מיט די געזונטע יידן פון לאגער, וואס כמעט אלע זענען געווען זאַמאָשטשער, די ארבעט איז באשטאַנען פון בויען אַ רייט־שולע פאר ס. ס. דער ארכיטעקט איז געווען אַ זאַ־מאָשטשער ייד, ברוינשטיין, און אַ טשעכישער ייד באַש.

אַ געוויסן אוונט האט דער מערדער אויפגעמאכט די טיר פון דער שטאַל און אריינגעשאָסן, טרעפנדיק אהרן האַרנפעלד, וועלכער איז געפאלן טויט אויפן אָרט.

פון צייט צו צייט האט די אָנפירערשאַפט געמוזט ארויסגעבן מענטשן צום שיסן און דער זאמאשטשער פּראָכאַווניע.

און טאקע אין אזא קאָנטיגענט ווי מען האט עס גערופן איז אריינ־געפאלן די בילגורייער יידן אליעזר שוחט׳ס 2 זון און יעקב רענער.

פירנדיק זיי צום שיסן, זענען זיי אין מיטן וועג אַראָפּגעשפּרונגען פון מאַשין און זענען צוריקגעקומען אין לאגער און זיך דארט אויס־באהאלטן. פאר אַ גרויסער געלט־סומע האט דער טשעכישער ייד באַש אויסגע׳פּועלט ביים מערדער פינקאָווסקי אז מ׳זאל זיי לאזן אין לאגער.

אויך צווישן די בילגורייער יידן אין לאַגער איז געווען טיפוס־פאַלן, וואס אמיינסטן זענען געשאָסן געוואָרן, און אייזיק רענער וואס איז אויך געווען קראנק אויף טיפוס איז געלונגען מען זאל אים נישט שיסן, און אין עטלעכע טעג שפּעטער איז ער געשטאָרבן.

מאי 1943 האט מען ליקווידירט דעם לאגער אין יאַנאָוויצע, גאַנץ פרי האט מען אונז איבערגעפירט צופיס אין אַ צווייטן לאַגער „לופט־וואַפע" אין זאַמאָשטש און פון דאָרט האט מען אונז מיט נאָך יידן פון דעם לאַגער פאַרלאָדן אין לאַסט־מאַשינען, אַנגעפּאַקט ווי די הערינג באַוואַכט אויף יעדער מאַשין מיט עטלעכע ס. ס. לייט, אויפן וועג איז איין מאַשין קאַליע געוואָרן, האט מען די מענטשן פון דער מאַשין אריינגעשטיפּט אין די אנדערע מאַשינען, 2 מענטשן האבן זיי אַראָפּ־גענומען צום פאַררעכטן די מאַשין, און דער נאָך זיי דערשאָסן.

אנקומענדיק פארן טויער זען מיר אַ גרויסע שילד מיט אַן אויפ־שריפט: ארבעטס־לאַגער מיידאַנעק „ארבייט מאַכט פריי".

אַריינקומענדיק אין טויער האבן מיר דערזען מענטשן האַלב־טויטע, געקליידערט אין די לאַגער־קליידער (מיט פּאַסן) ביי פארשיי־דענע אַרבעטן.

מען האָט אונז אויסגעלאָדן פון די מאַשינען און אונז צוגעפירט צו אַ באַראַק, ווו יעדער איינער מוז אריינגיין דורך אַ רייע, עס שטייט אַן ס. ס. מאַן און רופט אויס: „געלט, גאָלד, אוהר און רינגען, אלעס וועקלייגן". דארט האט יעדער איינער געמוזט זיך אויסטאָן אויפהויבן די הענט, און די פוס עפענען דאס מויל, אזוי האבן זיי קאָנטראָלירט צי מען האט נישט נאָקעטערהייט עפעס פארשטעקט און פון דאָרט איז מען אריין אין אַ דערנעבן באַראַק ווי עס איז געווען די באָד און די גאַז־קאַמער.

מיר זענען אריין אין באָד אין גרויס פּחד, מורא'האבנדיק פאר דער אָפּנאַרעריי, וואס מיר האבן געזען ביז יעצט, עס זאל נישט זיין אנשטאָט דער באָד, דער גאַז־קאַמער.

עס איז געווען דארט פריזירער וועלכע האבן יעדן אָפּגעראַזירט אויף יעדן פלאַץ, נאכן אָפּוואַשן זיך, האט יעדער באקומען די ספּעצ־יעלע און פּאסן קליידער און האָלצערנע שיך.

אין די בלאקן איז אויך געשטאַנען בענקלעך, אבער עס איז נישט געווען דערלויבט אויף זיי צו זיצן.

נאכן אָפּעסן מיטאג, האט מען אונז ארויסגעיאגט אין הויף מאכן מיליטערישע־איבונגען, ביטער איז געווען צו דעם, וועלכער איז נישט געגאנגען מיטן ריכטיגן פוס. איך האב בעסער געוואלט גיין ארבעטן, איידער אריינצופאלן אויף אַגאנצן טאג אויף אזעלכע „איבונגען" אין טאקע אויף צומאָרגנס בין איך געוואָרן צוגעטיילט אויף ארבעט, די ארבעט איז געווען, ביים בויען אַ וועג אין לאגער, פון אלטע שטיי־נער, פון רואינירטע יידישע הייזער אין לובלין.

די ארבייט איז באַשטאַנען, פון אָט וואס: איך מיט נאך איינעם האבן געמוזט אָנשיטן מיט די הענט צעהאקטע שטיינער אויף אַ טראגע און לויפן מיט דעם אויף אַ צווייטן פלאַץ, אזוי ווי מיר האבן נישט געקאנט לויפן און די האָלץ־שיך, הער איך אַ רוף פון דעם אויפזער, „קאָם היער"! „ביק דיך" איך בין געבליבן שטיין, נישט ווי־

סנדיק וואס ער מיינט, דא האט ער צוגערופן זיינעם אַ מיטארבעטער, יענער האט גענומען מיין קאָפּ צווישן זיינע פיס, און דער אויפזעער האט מיר דערלאנגט מיט אַ שטעקן פון אונטן, ווען איך האב אנגעהויבן שרייען, האב איך באַקומען נאך מער, פון וואס סימנים זענען מיר גע־בליבן ביזן היינטיקן טאג.

נאך דעם בלוטיקן שפּאס האבן זיי צוריקגעשיקט צו דער ארבייט.

אָפּזייענדיק עטלעכע טעג, האב איך זיך געטראפן מיט יצחק מאיר וואַרשאַוויאַק און פייוול זיסקרויט (רבקה׳לע מאיר גרינערס אַ זון) מען האט זיי אין יאר 1942 געכאפּט קיין מיידאַנעק. יצחק מאיר ווארשאוו־יאַק האט אויסגעזען זייער שלעכט, ער האט מיר דערציילט, אז ער איז נאר וואס ארויס פון שפיטאל, ער האט זיך אָפּגעפרוירן די פינגער פון די פיס, אבער ער גייט ווייטער אין שפיטאל, ער ווייסט אז ער וועט פון דארט שוין נישט ארויס.

איך האב דארט געטראפן נאך בילגורייער יינגלעך וועלכע מען האט צוזאמען מיט וואַרשאַוויאַקן געכאַפּט קיין מיידאַנעק, זיי האבן כסדר געהאלפן אונזערע בילגורייער מיט וואס זיי האבן נאר געקאנט.

במשך פון דער צייט האבן מיר צוגעזען זייער שוידערלעכע מעשים פון די דייטשע מערדער, זיי האבן גענומען מענטשן און גע־האנגען אין מיטן פּלאַץ, דערביי צונויפגעזאמלט אלע לאגער מענטשן אויפן אָרט פון דער רוצחישער עגזעקוציע.

יעדן טאג ביים אַפּעל, האט געפעלט מענטשן, נאכן זוכן, האט מען זיי געפונען הענגענדיק ביי זייערע בעטן, און טויטערהייט האט מען זיי געבראכט צום אַפּעל.

איינמאל, איז אין דרויסן געווען אַ גרויסער רעגן, האט צום אַפּעל געפעלט 1 מענטש, זענען מיר אזוי געשטאנען אונטערן רעגן לאנגע שעה׳ן, נאך לאנגע זוכענישן האט מען אים געפונען אַ דערטרונקענעם אין בית־הכסא.

אָפּזייענדיק איין חודש, האט זיך געהערט קלאַנגען אז מען וועט איבערפירן געזונטע מענטשן אין דייטשע פאַבריקן אויף אַרבעט, יעדער האט געטראכט, זאל זיין וואס עס וויל, אַבי ארויס פון דעם גיהנום.

יעדן טאג צוריק גייענדיק פון דער ארבעט, האט מען געברענגט עטלעכע טויטע וואס זענען געפאלן פון די מערדערישע קלעפּ.

עס האט זיך אנגעהויבן אַן ענין מיט אינטערזוכונגען פון דאקטוי־רים, און רשימות, איך בין אריין צווישן די געזונטע.

פון מיידאנעק, זענען מיר געגאנגען צו פוס בערך אַ האלבע שעה מיטן שאָסיי וואס פירט קיין לובלין. צוקומענדיק צו דער באַן, זענען שוין פאר אונז געווען אָנגעגרייט וואָגאָנען, מיר זענען געוואָרן פאַר־לאָדן, און די וואגאנען פארקלאַפּט.

דאס פארן איז געווען זייער לאַנגווייליג, צו מאָרגנס פרי זענען מיר אָנגעקומען אויף אַ סטאַציע, די וואַגאָנען ווערן אויפגעעפנט און מען הייסט אונז אלע ארויסגיין.

ארויסגייענדיק פון די וואַגאָנען האט מען געזען פאר זיך אַ גרויסע שולד אויפגעשריבן „האַסאַג־סקאַרזשיסקאָ". עס האט אונז באלד איבערגענומען די „ווערק־שוץ" און בכדי אָפּצושרעקן דעם עולם, זענען גלייך דערשאסן געווארן עטלעכע מענטשן. מען האט אונז אויסגעשטעלט אין רייען און אָפּגעפירט אין דער פאַבריק. וווּ מיר זענען געווארן איינגעטיילט צו פארשידענע ארבעטן.

עס האבן זיך דארט געפונען פאלגנדע בילגורייער יידן: גייסט ישראל, זיסמאן שמואל, אדלער בייניש, זילבערליכט שלמה, בענדלער דוד, שוולמאן בונים און אנדערע.

די ארבעט איז געווען אין אַ געווער־פאבריק, מען האט געארבעט אין שיכטן, 2 וואכן בייטאג און 2 וואכן ביינאכט. מיר האבן דארט געארבעט ביז מאי 1944. ווען די רוסן זענען צוגעקומען צו דער ווייסל ביי ווארשא, האבן די דייטשן אנגעהויבן ארויספירן די מאשינען קיין דייטשלאַנד, און אַ טייל קיין טשענסטאָכאָוו, איך מיט שמואל זיסמאן זענען אריינגעפאלן צווישן די קיין טשענסטעכאָוו, און דארט האבן מיר ווייטער געארבעט ביי דער זעלבער ארבעט.

15.1.1945 האב איך געארבעט אין דער טאג־שיכט, איז אין דער פאבריק געווארן אַ גרויסע בהלה, מיר האבן שוין געהערט אז די רוסן זענען שוין האַרט ביי דער שטאט, אבער די דייטשע מייסטערס האבן אונז כסדר געיאגט ווי פריער, מיר האבן שוין געהערט אז די מענטשן וואס דארפן קומען צו דער נאַכט־שיכט ווערן אוועקגעשיקט. און שמואל זיסמאן וואס האט געארבעט אין דער נאכט־שיכט, איז געווארן אוועקגעשיקט.

ארום 3 אַ זייגער נאָך מיטאג, האבן מיר שוין געזען ווי די מייס־טער ווערן געלם ביסלעכווייז.

זעענדיק אז די רוסן זענען שוין אונטער די פּלייצעס, האט מען אנגעהויבן טראכטן וועגן שאַפן עפּעס אַ באהעלטעניש, בכדי נישט ווערן מיטגעשלעפּט מיט די דייטשן.

דער גאנצער עולם האט זיך פאַרשטעקט אין פארשידענע ערטער, און אויפן גאנצן פאבריקס־בנין האט מען שוין קיין דייטשן נישט געזען.

איך האב זיך אויסבאהאלטן מיט אַ גרויסן טייל יידן אין אַ קעלער פון פאבריק, אָפּליגנדיק א לאנגע צייט, האבן מיר געהערט ווי עס פלאצן די שויבן פון גאַנצן בנין, און מיר האבן געהערט די טאָנאַציעס פון באמבארדיר־עראָפּלאנען, וואס באמבארדירן און באשיסן כסדר אָן אויפהער.

ליגנדיק אזוי אין גרויס פחד, הערן מיר מענטשלעכע קולות „ארויס!", „ארויס!", „די רוסן זענען דאָ"! די מענטשן זענען ארויס ווי משוגענע פון קעלער, דא האבן אונז באגעגנט די פּוילישע פייער־לעשער און געזאגט צו אונז: „איר זענט באַפרייט, די דייטשן זענען אוועק!"

דער גאנצער עולם איז ארויס אויף דער גאס. איינער איז געפאלן אויפן צווייטן, זיך געקושט און געוויינט פאר פרייד, דא האבן מיר זיך ארומגעקוקט, און געזען אז מיר זענען געבליבן עלנד, פארשניטן פון אלע אונזערע נאנטע.

איך בין ארויס פון לאגער און איך מיט עטלעכע חברים פון לאגער, האבן זיך באַזעצט אין טשענסטאָכאָוו, אָפּזייענדיק דארט אַ האלב יאר, בין איך אריבער קיין וורצלאוו און פון דארט בין איך געקומען קיין ישראל, ווי איך האב געטראָפן שמואל זיסמאן.

---

י. ח. קראנענבערג

# ייד, ווען דו וועסט אמאל וועלן וויסן

ייד, ווען דו וועסט אמאל וועלן וויסן,
דיין פאלקס־געשיכטע און זיינע ליידן,
נישט צו קיין ביכער זאלסטו זיך ווענדן,
און נישט צו קיין רעפעראטן זאלסטו זיך צוהערן.
אין די פעלדער פון אייראָפּאַ און אין פוילנס וועלדער גיי!
הער זיך איין צום גראזן־ציטער
און צום סודות׳דיקן בוימער־שמועס שטעל אויף דיין אויער.
אין יעדער רויז פלאַטערט א מוטער־האַרץ,
און אין די גרינע אָדערן־בלעטער רינט דיין שוועסטערס בלוט,
אין די גלאנציקע טוי־טראָפּנס — קינדער טרערן זענען זיי.
און וויים! דאס זענען דיינע עלטערן, נאָנטע און פריינט,
וואס דער אייראפּעאישער באָדן האט זיך מיט זייער בלוט אנגעטרונקען
און מיט זייערע אַש־ביינער האט זיך פוילנס ערד אנגעזעטיקט.
אונזערע נאָנטע זענען געווארן א טייל פון איר ערד.
און זי ווי א פּיאַווקע—האט אין זיך זייער בלוט און פלייש איינגעזויגט.
מיט אונזערע קינדערס בלוט און פלייש זענען אירע זאָמען באַפרוכפּערט.
און ווי א שוואַנגערע האט זי בליאונג ארויסגעגעבן,
מיט גרינס האט זי זיך באקליידט די מאמע ערד.
מיט בלומען און רויזן האט זי פארדעקט דעם קבר פון הבֶל איר זון.
און ווי א זיגער שטייט קַיִן דער לאנדס־מאן, וואס האט זיין באדן
מיט אונזער בלוט אנגעטרונקען.
און אנשטאט אים, זענען מיר, די געוועזענע באָדן־לאָזע ווי הבל,
געווארן די וואַנדערער.

ב. ווערמוט (אסטראליע)

# איך בין געבליבן לעבן בכדי צו נעמען נקמה

איך געפון זיך היינט אין אויסטראַליע, וואהין ס׳האט זיך צו מיר דערטראָגן דער רוף פון אונזערע איבערגעבליבענע יידן פון בילגוריי, וואס געפונען זיך אין ישראל, אז עס ווערט געשאפן דארט אַ בוך וועגן אונזער אלטער חיים און אומקום פון אונזערע טאטע, מאמע שוועסטער און ברודער. 10 יאהר האב איך געווארט מיט אַן אנגעווייטיקט האַרץ בכדי צו קענען פארעפנטליכן מיינע טרויעריקע זכרונות. עס האבן מיט מיר איבערגעלעבט מיינע צוויי שוואָגער בעני האָכמאַן מיט אַ יונגל און הערש זילבערפיין מיט זיין טאכטער ביי אַ געוויסן סקאַקאָ פון די באיארעס און איך האב גענומען אויף זיך דעם חוב פיל ווייניק איבערצוגעבן וועגן אומקום פון אונזער שטאָט בילגוריי.

איידער די דייטשע מערדער זענען אריין אין שטאט, האבן זיי די שטאט פאדברענט, און ביז היינט זענען אונזערע שטאטישע צע־שפרייט איבער דער גאנצער וועלט.

אין יאר 1940, האבן די דייטשן ארויסגעפירט 200 יידן אין אַן ארבעטס־לאגר טורקאוויץ און איך מיט מיין ברודער אליעזר צווישן, מיר זענען געווען אויף גרויסע צרות; מ׳האט גע׳הרג׳ט, געשלאגן, געאַרבעט זייער שווער, אפזייענדיק דארט 6 חדשים זענען מיר אלע באפרייט געווארן.

אבער מיט דעם איז נישט געענדיקט, די דייטשן דארפן פרישע יידן אין פארשידענע לאגערן, מען האט ווייטער געכאַפּט יידן, דאס־מאל בין איך געווען אויסבאהאלטן.

פארענדיקט מיט די קליינע לאגערן, האט זיך אנגעהויבן מיט די גרויסע לאגערן; די דייטשן האבן אין יאר 1941 אין איין טאג אין גאנץ פוילן געכאַפּט יידן קיין בעלזשיץ און דזיקווו, צו מאכן דארט פארטיפיקאציעס צום קריג מיט ראטנפארבאנד.

פון בילגוריי האט מען ארויסגעפירט ביי 600 יידן, אויפן וועג האט מען געשאסן קלמן בענדלער און אנדערע, און די דאזיקע לאגערן האבן די דייטשע מערדער אנגעהויבן מיט טויט־אורטיילן און אַ סך

בילגורייער יידן זענען דארט אומגעקומען, אבער מיר האבן נישט געגלויבט אז זיי זענען פעאיק אויף נאך ערגערס.

אין אנהויב יאר 1942 האבן די דייטשע מערדער גענומען צוגרייטן טויט־לאגערן, כאטש מיר זענען געווען נאנט צו בעלזשיץ, דאך האבן פון גאר נישט געוווסט.

אין אַ געוויסן טאג האט דער יידנראַט באקומען אַ באפעל פון לאנדס־ראט, צוצושטעלן אַ ליסטע מיט 1000 יידן פון בילגוריי, וואס מוזן זיך איבערטראגן אויף פעלד־ארבעט קיין אוקראינע. יעדער מעג מיטנעמען זיינע זאכן און 1500 זלאטעס.

מען האט אויסגעקליבן אלע עלטערע מענטשן און צווישן זיי מיין פאטער און מוטער, מיין ברודער אליעזר און מיין שוואגער הערש זילבערפיין, ער האט געפרעגט מיין פאטער צו ער זאל זיך צושטעלן, מיין פאטער האט אים געענטפערט, טו ווי דו פאַרשטייסט און ער האט זיך אויסבאהאלטן מיט זיין פאמיליע. אַ לאנגע צייט האט מען אים געזוכט פון יידנראט, אבער מיט דער צייט איז שטיל געווארן און מיר האבן באקומען ארבעט ביי די דייטשן אין וואלד.

אזוי האט דער דייטש אומגעברענגט 1000 יידן, וועלכע זענען כלומרשט געפארן קיין אוקראַינע אויף ארבעט. איך האב זיך געהאט אָפגערעדט מיט מיין פאטער און מוטער, אז אזוי ווי זיי וועלן נאר קומען אויפן אָרט זאלן זיי מיר שרייבן, צי די ארבעט אין פעלד איז נישט שווער, און צי מען קען זיך פון דער ארבעט אויסלעבן, וועל איך ביי דער צווייטער אויסזידלונג אריבערקומען מיט אונזערע משפחות. מיין ברודער אליעזר האבן זיי באפרייט, זיי האבן געדארפט האבן יינגע מענטשן צו פארשידענע ארבעטן.

אויך פון טארנאגראד און די ארומיקע שטעט האבן די דייטשן צוזאמענגעברענגט 1000 יידן קיין בילגוריי, און זיי אלע אוועקגעפירט, באלד אין דער זאמאשטשער גאַס האבן זיי אויסגעשאסן עטלעכע הונדערט יידן, מיט אַן אויסרייד, אז די יידן האבן געוואלט אנטלויפן.

די איבערגעבליבענע יידן אין שטאט, האבן זיך נישט געקענט גלייבן אז דאס איז אן אויסזידלונג צום פארניכטן, אין שטאט איז ארומגעגאנגען קלאנגען, אז עס איז געקומען בריוו פון פארשידענע מענטשן, ווען מען איז אבער געקומען צו די מענטשן האבן זיי געזאגט אז זיי האבן גארנישט באקומען, אבער יענקעלע מיימאנס פרוי זי

האט שוין יאָ באַקומען אַ קאָרעספּאָנדענץ, איז מען געגאַנגען צו איר, האָט זי געזאָגט, אַז זי האָט נאָך נישט, אַזוי איז אַלץ געווען אָפּ־געענדערט.

מען האָט זיך דערוואוסט אַז עס איז געקומען פון זווערזשיניעץ אַ פרוי וואָס איז אויך געווען אין טראַנספּאָרט. די פרוי איז געווען דבורה, הערשקע האַכמאַנס טאָכטער, זי האָט דערציילט, אַז אין זווערזשיניעץ האָבן די דייטשע־באַנדיטן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלץ וואָס איינער פאַרמאָגט, זאָל ער איבערגעבן זיי, און ביי וועמען מען וועט שפּעטער עפּעס געפינען וועט דער יעניקער ווערן דערשאָסן, די פּעקלעך זאָל מען אוועקלייגן אַלע אויף איין אָרט.



(פון רעכטס אויף לינקס). משה זילבערמאַן, בעלקע, שלמה זילבערמינץ, הערש יאַנאָווער. נטע קליינמינץ און טאָבערס אַן איניקל.

דער עולם האָט אַלץ אָפּגעגעבן און דערביי האָבן די דייטשן מערדערלעך געשלאָגן די יידן, דער פּינצטערער גורל איז געווען אַזוי גרויס, אין דער צייט ווען די דייטשע מערדער האָבן אָנגעהויבן זייער מערדערלעכע אַרבעט, איז געווען אַ געפערלעכער רעגן, פּשוט אַ מבול, מען האָט אַלע יידן אונטער קלעפּ פון ביקסן אַריינגעוואָרפן אין וואַגאָנען און פאַרשלאָסן.

זי האָט איבערגעגעבן, אַז איר איז געלונגען איבערצולאָזן איר

קליין קינד פון דער האַנט און אַרויסצובאַקומען זיך פון דאָרטן. אַבער ווי אונזערע ליבע זענען אוועק, האָט זי אויך נישט געוווּסט.

שפּעטער איז געקומען צו פאָרן אַ קאָנדוקטאָר, סאַדאָווסקיס אַן איידעם. האָט ער געזאָגט צו מיר: „ברוך, דו ווייסט, אַז אייערע ייִדן פירט מען קיין בעלזשעץ, דאָרט איז דאָ ברען־אויוונס, דאָרט ווערן זיי פאַרברענט". איך האָב אים געפרעגט פון וואַנען ער ווייסט עס, האָט ער מיר געענטפערט, אַז אַלס קאָנדוקטאָר איז ער שוין דאָרט געווען צוויי מאָל מיטן צוג.

איך האָב דאָס דערציילט שמואל אַרביספעלד און אַברהם לייכטער, האָבן זיי מיר געזאָגט, כ'זאָל עס נישט אַרויסבריינגען פון מויל, און ווייל דער קאָנדוקטאָר איז אַן אַנטיסעמיט, דערציילט ער אַזעלכע זאַכן.

אַ צייט שפּעטער האָט מען אין שעבערשין געכאַפּט ייִדן, מען האָט זיי פאַרלאָדן אין וואַגאָנען און אוועקגעפירט. זענען אַ סך מענטשן אַרויסגעשפּרונגען פון די וואַגאָנען און פון זיי איז מען געוווּיער געוואָרן אַז דער צוג איז געגאַנגען קיין בעלזשעץ. מיט צוויי טעג שפּעטער איז געקומען צוריק אַ ייִד פון בעלזשעץ, ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן אונטערן וואַגאָן מיט וועלכן מען האָט אים געבראַכט, ער האָט שוין אַלץ דערציילט און מען האָט שוין אָנגעהויבן גלייבן אין דעם גרויסן חורבן.

אין צווישן צייט, האָט די געסטאַפּאָ געטויט איר אַרבעט, מען האָט גענומען אומשולדיקע ייִדן, זיי אַרויסגעפירט אין ראַפּער וואַלד און זיי אויסגעשאָסן, צווישן זיי איז געווען: דוד שלאַפּראַק, לייביש גרינבוים, מאָטל הודיס טאָכטער און אַנדערע.

אַ העלדישקייט פון דער בילגורייער יוגנט האָט אַרויסגעוויזן מרדכי רענער (ישראל איצי רענערס זון), ווען די געסטאַפּאָ איז אים געקומען נעמען, האָט ער נישט געוואָלט גיין, ער האָט זיך מיט זיי געשלאָגן, ער האָט זיי גוט צ'הרג'ט ביז מען האָט אים גענומען, צום סוף האָבן זיי אים אַרויסגעפירט אין זעלבן וועלדל און דאָרט דער־שאָסן.

אַזוי האָט זיך געצויגן ביז דער גרויסער אַקציע, איך אַליין בין געווען אַרויסגעוויזן פון מיין וווינונג, איך האָב געמוזט וווינען אין געטאָ, אויף דער 3־טער מאַי גאַס אָדער ביי די ברוק, מיר האָט זיך

נישט געגליסט צו זיין אונטער אַ שלאָס, ווייל צו יעדער צייט ווען די דייטשע מערדער וועלן נאר וועלן, וועלן זיי מיך האבן, איך בין ארויס אויף די באַיאַרעס און זיך אויסבאַהאלטן אין מיין אייגן הויז מיט דער פרוי און קינדער מיט מיין שוועסטער און מיין שוואגער הערשעלע.

אַ געוויסן טאג האב איך דערהערט אַ שטארקע שיסעריי אין דער שטאָט, איך, הערשעלע און בעניע מיט איין יינגל זענען אריין אין דער מיל, די פרויען מיט די קינדער האט געהייסן, וועלן זיך אויס־באהאלטן אויפן בוידעם, אבער עס איז אזוי נישט געווען, דער פאָלקס־דייטש, וואס האט געהאט מיין מיל, האט זיי אלע ארויסגעטריבן און זיי זענען אוועק אין וואלד.



משה בוים אין דער צייט פון דער אקופאציע

משה בוים און פישל קאנדל האבן מיר דערציילט אז דעם טאג איז אין בילגוריי געווען געפערלעך, אין די גאסן האט זיך געגאסן בלוט ווי וואסער, אלע טויטע האט מען צוזאמענגעפירט אויף בירך הערשמאנס פלאַץ, מען האט דארט אויסגעגראבן אַ גרוב און מען האט זיי דארט געזאלט קובר זיין, פון די ערשטע וואס מען האט אריינגעווארפן אין גרוב איז געווען יעקעלע לייכטער, ער האט נאך געלעבט, ער האט זיך געבעטן, הייסט מיך דערשיסן, עס איז גלייך

צוגעקומען אַ מערדער און האָט געזאָגט „דער הונט איז נישט דער־שאָסן?" אַ שאָדע אַ קויל, אָבער ער האָט אים דערשאָסן.

עס איז באַלד אָנגעקומען דער בורמישטש און האָט געבעטן דעם לאַנד־ראַט, אַז מען זאָל אַלע קרבנות באַגראָבן אויפֿן בית־הקברות, צו דער אַרבעט האָט מען גענומען די ייִדן פֿון געטאָ, צווישן זיי משה בוים און פֿישל קאַנדל.

משה בוים און פֿישל קאַנדל, זענען אַנטלאָפֿן פֿון זאַמאַשטשער לאַגער און זענען געקומען צו אונז אין בונקער אויף די באַיאַרעס ביי אַ געוויסן סקאַקאַ, משה בוים איז געשטאָרבן אין בונקער ער האָט באַקומען אַ בלוט־אויסגוס (פֿון שווינזיכט), פּונקט ווען מען האָט אים געזאָלט קובר זיין, איז געוועזן אַן אַבלאַווע, ער איז געלעגן מיט אונז טויטער־הייט עטלעכע טעג, שפּעטער האָט מען אים קובר געווען.

פֿישל קאַנדל און זיין פֿעטער יעקל פּערלמוטער, זענען אַוועק קיין קאַפּראַניס נעבן פּראַמפּאָל, דאָרט איז געווען יעקל טאַבער מיט זיין משפּחה ביי אַ געוויסן יאַרמאָל, די לעצטע טעג זענען זיי אַלע אומגעקומען.

ליגנדיק די צוויי יאָר אין בונקער, האָט מען מיר אַלץ צוגעטראָגן, ווער עס איז געוואָרן דערשאָסן און אַז די צוהעלפֿער פֿון די דייטשע מערדער, זענען געווען דער גייאָווע בליכאָש, טאָמאַשעווסקי און דער הויפּט אויסוואָרף קאָלעשאַ.

דעם 22.7.1944 בין איך מיט מיינע צוויי שוואָגער געוואָרן באַ־פֿרייט פֿון בונקער, ווען איך בין צוגעקומען צו מיין אַלטער היים אויף די באַיאַרעס, האָב איך פֿון מיינע טייערע קיינעם נישט געטראָפֿן. די גוייִשע שכנים זענען געקומען אונז אָנקוקן, זיי האָבן מיר דער־ציילט ווו אַזוי מיין פֿרוי און 2 קינדער, שוועסטער און ברודער זענען דאָרט אומגעקומען.

קאָלעשאַ, האָט אויסגעפֿונען ווו זיי זענען אויסבאַהאַלטן, ער האָט צעוויסן געגעבן די זשאַנדאַרמעריע און 5 אַ זייגער פֿאַרטאָג, איז ער שוין געווען מיט זיי אויפֿן אָרט, ער איז גלייך אַרויף אויפֿן בוידעם און אָנגעהויבן זיי אַראָפּצוואַרפֿן און די דייטשן האָבן זיי אויסגעשאָסן און זענען אַוועקגעפֿאָרן, ער איז איבערגעבליבן, בכדי ער זאָל קענען זיי אָפּראַבירן, ער האָט פֿון זיי אַלץ אַראָפּגעצויגן ביז נאַקעט.

מיין ברודער לייזער האָט ער געפֿירט צום טייכל און אים דאָרט גע׳הרג׳ט.

דעם ערשטן טאג נאך מיין באפרייאונג, בין איך ארויף אויפן בילגורייער מאַרק וועלכער איז געווען ליידיק, כ׳האב ניט געזען נישט קיין יידן, נישט קיין גוים, אלץ איז געווען טויט. איך גיי און טראכט, צי וועמען גיי איך און ווער איז מיין? פלוצים קומט מיר אנטקעגן דער מערדער קאָלעשאַ, איך בין אויפגעשפרונגען ווי איך וואלט געש־טאַנען אויף ברענעדיקע קוילן, און עס האט מיך באהערשט דאס ווארט „נקמה״!

ער איז צו מיר צוגעקומען און געזאגט: „זיי נישט בייז אויף מיר, איך בין נישט שולדיג, די דייטשן האבן מיך געצוואונגען צו דעם״, איך האב אים דערוייל איבערגעלאזט און בין אוועק, אבער ער איז שוין נישט ארויס פון מיין געדאנק קיין איין מינוט. איך האב גע־טראכט ווי אזוי נעמט מען נקמה אין דעם מערדער פון אונזער טייערע און נאענטע.

איך האב אנגעהויבן טראכטן עפעס צו טון, איך בין אריין אין דער או. ב. (פוילישע זשאַנדערמעריע) און האב אלץ איבערגעגעבן ווער עס האט מיטגעהאלפן די דייטשן, דער הויפט פון די פארברע־כער, איז ביי מיר געווען קאָלעשאַ און בליכאַש, די זשאנדערמעריע האט עס זייער קאַלט אויפגענומען, יידן־פראגע איז ביי זיי נישט קיין סחורה, עס איז פארביי אַ צייט, בין איך ווייטער אריין צו דער זשאנדארמעריע, האב איך דארט געטראפן אַ צווייטן קאָמענדאַנט, אבער עס איז אויך גארנישט געווארן. איך האב זייער געליטן פון דעם, ווייל מיין איינציגער ציל פון איבערלעבן איז נאר געווען, צו נעמען נקמה פאר מיינע און אונזערע טייערע פארפייניקטע.

אין צווישנצייט האבן אנגעהויבן קומען בילגורייער יידן פון דער פוילישער ארמיי, אין אַ שיינעם טאג, איז אריין צו מיר אין דער וווינונג, ווי דער מאגיסטראט האט אונז אריין געזעצט אין הויז פון יאנטשעלע קאנטער, דער אריינגעקומענער איז געווען לעמל ווידערפעלץ (גדליהו גלעזערס אַ זון), מיר האבן זיך מיט אים זייער דערפרייט, ער האט זיך אנגעהויבן אויספרעגן אויף זיין פאמיליע און איך האב אים אויף אַלץ געענפערט.

פלוצים האט ער מיר געשטעלט אַ פראגע, וואס איך האב אים אויפן אָרט נישט געקענט געבן קיין ענטפער, די פראגע איז געווען: „פאַרוואָס האבן די דייטשן מיין באָבן דערשאסן און דיך געלאזט

לעבן״? אז מען וויל איז די פראַגע זייער נאַריש און אז מען טראַכט זיך גוט אריין איז זי נישט געווען אזוי נאַריש, איך אליין האָב זיך געפרעגט די פראַגע, איז דען נישט געווען פרומערע פון מיר? צי האָב איך געהאַט מער פאַרדינסטן ביי גאָט? ניין! — איך בין געבליבן לעבן נאָר דערפאַר, בכדי צו נעמען נקמה פאַר אונזערע טייערע און בעסטע און דאָס האָב איך געטון, איך האָב איינגעשטעלט מיין לעבן, אבי מקיים צו זיין דאָס וואָס אונזערע אומשולדיקע האָבן געבעטן די לעצטע מינוטן פאַר זייער אומקום.

עס האָט מיך נישט געלאָזט רוען, איך בין אריין צום דריטן מאָל אין דער זשאַנדאַרמעריע, איך האָב פונקט געטראָפן אַן אַרנטלעכן קאָמענדאַנט, איך האָב פאַר אים אנגעהויבן וויינען און אים אַלץ דער־ציילט, ער האָט מיר געגעבן זיין וואָרט, אַז עס וועט נישט לאַנג דויערן, וועט די זאַך ווערן דערליידיקט.

אין צווישנצייט איז קאָלעשאַ געוואָרן, איז ער אוועק אין דער פוילישער אַרמיי, אַ געוויסן טאָג איז ער אַ היימגעקומען אויף אַ יום־טוב, איז די זשאַנדאַרמעריע אריין צו אים אין שטוב און אים אַרעסטירט, מען האָט מיך געשיקט רופן און מיר איבערגעגעבן אַז קאָלעשאַ און בליכאַש זענען אַרעסטירט און די ספּראַווע איז אי־בערגעגעבן קיין זאַמאָשטש צום העכסטן־געריכט.

אין אַ צייט אַרום האָט מען מיך גערופן קיין זאַמאָשטש צו דער ספּראַווע. איך בין געשטאַנען מיט די מערדער אויג אויף אויג, כאָטש זיי האָבן געהאַט 2 באַוווּסטע לובלינער אַדוואָקאַטן און איך בין געווען אַליין, האָב איך זיך גוט געפילט, ווייל דאָס איז געווען מיין נקמה און איך בין זיי בייגעקומען.

3 מאָל איז די ספּראַווע פאָרגעקומען, איך האָב אַליין געקעמפט, בין געשטאַנען ווי אַ זעלנער אויף דער וואַך, איך האָב געזאָגט, איך מוז פאַרענפערן די פראַגע פון לעמל ווידערפעלץ.

און די פראַגע איז פאַרענטפערט געוואָרן, קאָלעשאַ, האָט באַקומען טויט־שטראָף און בליכאַש 12 יאָר תפיסה.

---

יונה חיים קראָנענבערג

# שבת אין בילגוריי

נישט נאר דיין שיינע לאנדשאפט, בילגאריי, האָט מיך אַנטציקט,
נישט נאר דיין פלאך לאנד, בערג און טאָלן האבן מיך באווירקט,
אויך נישט נאר דיינע שאָטנדיקע וועלדער, לאנקעס, וואסער־קוואלן
און טייכן.

איך האב דיך געליבט, אממייסטן, צוליב דיינע יידן:
סוחרים, קליינהענדלער און בעלי־מלאכות.
אך, ווו הארציק און פילבאר זענען זיי געוועזן, דיינע יידן!

פרייטיק־צו־נאכטס. אבסאלוטע רו באהערשט די שטאט,
פון אלע פענצטער לייכטן שבת־ליכט.
און אין די הייזער — א פייערלעכע שטילקייט.
די שכונה רוט איבעראַל.
ווו אַ קעניג אין זיין קעניגרייך נעמט אויף דער ייד דעם שבת,
ווי הארציק זאגט ער דעם „שלום עליכם",
מיט וועלכן ער נעמט אויף די שבת׳דיקע מלאכים.
און ווי באַ׳טעמ׳ט איז זיין זינגען „אשת חיל".
א הייליקע צופרידנהייט איז אויף אַלעמענס פנימער.

אלע וועלט־אוצרות קאנען נישט אָנזעטיקן דעם געלד־גייציקן,
קיין גרענעץ איז נישטא צום מענטשנס שטרעבן און חלומות,
און דאך איז פאראן מאמענטן,
ווען א רוייק־ווינקל, א פראָסט ווייס געדעקטער טיש,
אַ טרוקן שטיקל ברויט פון אייגענער מי,
א ווארעמער בליק פון אַ ליבע פאמיליע
און דאס איז גענוג.

שבת פארנאכט.
אויף די פריזבעס אין די זייטיקע גאַסן זיצן פרויען און שמועסן.
די עלטערע — אנגעזאָטלט די נעז מיט ברילן לייענען דעם
„צאינה וראינה".

די הויפט־גאַס וואס שנייד דורך ווי א חוט־השדרה די שטאָט,
איז פול מיט שפאצירנדע,

די גאנצע שטאָט שפאצירט.
עס שפאצירן פארלעך.
יינגעלייט מיט זייערע פרויען.
יינגע מאמעס מיט קליינע קינדער.
א מוטער פירט איר טעכטערל ביים הענטל, א פאטער זיין זון.
אָט שפאצירט אַ יונגע פרוי אין א ברייט קלייד.
אַ צארטע מידקייט איז אויף איר פנים אויסגעגאסן, אין די אויגן —
בושה.
אירע שווערע טריט ווי הארציק און ציטערדיק זענען זיי?

מיט דעם לעצטן זון־שטראל פארשווונדן די שבתדיקע מלאכים.
פון דעם רויטן מערב־האריזאנט שיקן זיי אָפּשיד די וואכנדיקע טעג,
וואס קומען נאך זיי.
א שטיל סענטימענטאל געזאַנג הערט זיך פון חסידים־שטיבל,
דאָ פראוועט מען ביי דער פארנאכטיקער טונקעלקייט דעם
„שלוש סעודות",
און מען זינגט צווישן אנדערע זמירות דעם מזמור „ידיד נפש,
אב הרחמן",
און די חסידישע מעלאדיע צעגיסט זיך דבקותדיק:
„נפשי חולת אהבתיך".
אמאל העכער, אמאל שטילער, גלייך זי קומט פון דער ווייטער
שטילקייט.
דאס איז א הארציקע אויסגוס־בענקשאפט צו עפעס וואס...
צו א געהיימניס וואס איז נישט צום אויסדרוקן גייט דאָס הארץ אויס...

און פלוצהינג. פון אלע הייזער הערט זיך אַ טיף־טרויעריק געזאנג:
— ג־א־ט פ־ר־ן א־ב־ר־ה־מ־ען, פ־ר־ן י־צ־ח־קן א־ר־ן י־ע־ק־בן,
ה־יי־ט ד־יי־ן ל־יי־ב פ־א־ל־ק י־ש־ר־א־ל א־ו־ן ד־יי־ן ל־ר־יי־ב...
ליכט צעצינדן זיך אין יידישע הייזער.
ביי די רויטע ליכט־פלאמען וואס בעלייכטן די באחנטע קינדערישע
פנימלעך, מאכן יידן הבדלות.

מיטן געזאנג פון „המבדיל" הויפט זיך אָן פון דאס ביי די שווערע הארפּאַשנע וואך.

ט׳ייער ביסטו מיר געוועזן, בילגאריי!
אין דעם פארנאכטיקן שפאציר אין דיינע גאסן,
ווען דער טוי ביי דער לבנה־שיין האט זיך געהויבן ווי אַ דינער פוך
פון גראז דעם נאסן,
דאס אויפטויכן פון דער זון־רויטקייט איבער דיינע וועלדער.
איך האב דיך געליבט, בילגאריי, איבער דיינע יידן
און געהאסט איבער דיינע קינ׳ס,
נאענט ביסטו מיר געוועזן, בילגאריי, און אויך גאנץ ווייט!

---



אויף א חתונה אין בילגוריי, וואלף בוים מיט דער פרוי (לעבן אין בראזיל). ישראל האניגספעלד (לעבט אין ישראל), אלע איבריקע (אומגעקומען).

אברהם יאנאווער

# בילגוריי ערב דעם חורבן

דעם 1־טן נאוועמבער 1942 איז מען שוין געווען כמעט ווי זיכער, אז אויך אין בילגוריי וועט פארקומען די אלגעמיינע אויס־זידלונג, — ווייל אין שעבערשין איז זי שוין געווען נאך מיט אַ חודש צוריק, — און בילגוריי וועט בלייבן „יידן־ריין״, דערקענט האט מען עס אין די פארברייטונגען וואס דער יודנראט האט געמאכט, ווירקלעך האט שוין דאמאלס נישט עקזיסטירט קיין יודנראַט, עס איז געווען איינער ה. ז. וועלכער האט זיך געשטעלט אונטערן נאמען פון יידנראַט און ער איז כסדר ארומגעפארן אויף אַ בריטשקע מיטן נאצישן אים געגעבענעם כבוד, יעדער וואס האט נאך געקענט אים · געבן עטלעכע זלאטעס פאר דער געסטאַפּאָ האט אים אנטקעגן געטראגן אַן אינטערטעניקן „גוט־מאָרגן;״, ווער עס האט נישט געהאט די מעגלעכקייטן צו געבן, און געמוזט זוכן קארטאפל־שאלן צום עסן דער האט זיך כסדר אויסבאהאלטן פאר די אויגן פון ה. ז., ווייל באלד האט ער אים אויסגעקליבן פאר אַ קרבן צו מיאוס׳ע און שווערע ארבעט.

ער פלעגט קיינמאל נישט דערציילן, וואס עס דארף פארקומען, ווי דער פריערדיקער יידנראַט פלעגט כסדר דערציילן, בכדי מען זאל זיך קענען אויסבאהאלטן, ער האט אלץ געמאכט קאנספעראטיוו און גענוי, דערפאר האָט טאקע פון אים שטארק געהאלטן דער קרייז־הויפטמאַן.

אין א געוויסן שבת איז דורך דער פארמיטלונג פון ה.:

אָנגעקומען א באפעל פון געסטאַפּאָ ארומצונעמען מיט שטעכל־דראָט די 3 הייזער פון אליעזר קאנדעל, יאנטשע קאנטאר און הערש פאנצערמאַן — אלע אויף דער „3־טער מאי״־גאס. זונטיק ביינאַכט האָבן שוין אלע פאררעגיסטרירטע 70 פאכמענער געמוזט שלאָפן אין געטאָ.

די פאראָרדענונג האט געמאכט קלאר פאר יעדן, אז עפעס שרעק־לעכעס גרייט זיך, כאטש ער האט פארזיכערט אז עס וועט גארנישט געשען, יעדער זאל בלייבן אין די שטיבן און שלאָפן אין דערהיים.

אין בילגורייַ האבן זיך דאמאלס געפונען בערך 3000 יידן, אַ סך זענען געווען צוגערייזטע פון יוזעפאוו, גארייַ, פראַמפּאָל און טאַרנאָ־גראָד, ווייל דארט איז שוין געווען יידן־ריין, די מערהייט פון די יידן האבן געוווינט אויף דער „3־טער מאַי״ גאס און אַ טייל אויף דער „לובלינער״ גאס (די ברוק)״.

אין דעם טאג זענען די יידן פון דער ברוק־גאס געקומען אויף דער ״3־טער מאי״ גאַס, זיך דערוויסן וועגן דער נייער פאראָרדענונג, מענטשן זענען געשטאנען אין „רעדלעך״ און גערעדט, ווען די בריט־שקע פון ה׳ ז. איז אנגעפארן זענען זיך די מענטשן צעלאפן, ווייל ער האט פארבאָטן זיך צו זאמלען אין גאַס, ער האט געזאגט, די געסטאַפּאָ קען מיינען אז מען גרייט אַן אויפשטאנד, ווי ער איז נאר אוועקגעפארן זענען שוין די יידן ווייטער געשטאנען אין גערעדט, וואס זאל מען טון? מען קען אים נישט גלויבן.

די שעה׳ן זענען געלאפן, ס׳איז צוגעפאלן דער אוונט, די „רעדלעך״ האבן זיך פארגרעסערט, שטילשווייגנדיק האט מען געקוקט ווי די ארבעטער טראגן אריין זייערע זאכן אין בלאָק, דארט וועלן זיי וווינען און בייטאג וועלן זיי ארבעטן אין ליפע וואגשאָל׳ס הויז.



פון רעכטס אויף לינקס: (אויבן) גולדה זאַבערמאַן, רייזל ווערמוט. (אונטן) רבקה זוסמאן, שרה׳טשע הארמאַן.

דער בלאק איז באשטימט געווארן פאר די נוצלעכע יידן, און ביי די אלע איבעריקע, האט מען אוועקגענומען דאס רעכט צו לעבן. מען האט זיך אריינגעצויגן אין בלאק צעבראכן און אומגליקלעך,

ווייל מען האט נישט דערלויבט אריינצוציִען אין בלאָק די פאמיליעס פון די פאכמענער, די געציילטע גליקלעכע זענען געווען: אייזיק רענער מיט דער גאנצער משפחה טודריס לאנג, דוד בענדלער, און הערש זילבערבערג מיט זיין פאמיליע איז געבליבן וווינען אין הויז פון ליפע וואגשאל.

אזוי האט אויסגעזען דער טאג, ערב דעם חורבן בילגורייִ, ווען די זון האט אראָפּגענידערט אונטער דעם סקעלעט פון דער אָפּגע־ברענטער שול, איז ה. ז. האַסטיק אנגעפארן, אריין צו זיך אין שטוב, זיך דארט אַ ביסל געזוימט און שנעל ארויס צום טויער פון בלאָק, אכטונג געבן, עס זאָל חס־וחלילה נישט אריין קיין „אומלעגאלע״ (נישט פאכמענער), ער האט זיך נישט פארלאזט אויף דער יידישער פּאָליציי, וועלכע האבן דאך אריינגעלאזן ביסלעך „אומלעגאלע״־יידן.

ער איז אריין און געזוכט אין גאנצן בלאָק, אבער דער בוי פון די הייזער איז געווען אזוי, אז דורך איין זייט זענען זיי ארויס און פון דער צווייטער זייט זענען זיי צוריק אריין.

דאָס געטאָ איז געווען פארמאכט מיט א טויער, אָבער נישט באַ־וואַכט, אַזוי, אז אלע יידן אין געטאָ האָבן זיך געקענט באַוועגן פריי אין דער גאנצער שטאָט, נאָר ביינאכט האָבן זיי געמוזט שלאָפן אין געטאָ. אזוי ארום האָט יעדער געהאט די מעגלעכקייט זיך צו פארשאפן פּראָדוקטן און פארשידענע נויטיקע זאכן. אין געטאָ זענען געווען 70 פאכמענער. אָבער דאָרט האָבן זיך אויך אויסבאהאלטן אויף די בוידעמער און קעלערס העכר 300 יידן. ביי יאנטשע קאנטאר אין הויף איז געווען אויסבאהאלטן 120 יידן.

ווען די זון איז פארשוווּנדן (אַ סך פון די בילגורייער יידן האבן זי שוין נישט געזען אויפגיין) און די טונקלקייט האט באהערשט די 3־טע מאַי־גאס, האבן אַ טייל יינגערע מענטשן איינצעלווייז פארלאזט די שטאט, נישט רעכנדיק זיך דערמיט, וואס העכער אַ יאר איז שוין געווען אַ געזעץ, אז טרעפנדיק אַ ייד אויסער דער שטאט, איז געוואָרן דערשאָסן. אַ טייל זענען געגאנגען אין וואַלד, אַ טייל זענען געגאנגען צו באקאנטע קריסטן אין פעלד, אבי נישט צו זיין אין שטאט. עלטערע יידן האבן געזאגט, עס איז אַ גאט זאַך און מען קען זיך נישט דערפון אויסבאַהאַלטן, אַסך האבן געבעטן, ס׳זאל שוין קומען אַן ענדע, צו זייערע ליידן. אזוי האבן די בילגורייער יידן געוואַרט מיט פחד אויפן מארגנדיקן טאג.

דער הימעל איז נאך געווען גאנץ טונקל ווען מען האט געהערט אַ שיסעריי פון אלע זייטן שטאָט, דער בלאק איז געווען געשלאסן, לעבן פלויט זענען געלעגן אלטע קעסטלעך, ברעטער און שטיינער, וועלכע האבן נאך נעכטן אוונט גענוצט פאר די „אומלעגאלע" אריינצוקומען אין בלאָק. אָט אויף אזא קעסטל בין איך ארויף, ארויס־געקוקט און געזען ווי הערשעלע מאלער׳ס איידעם אנטלויפט איבער די חורבות ערגעץ־ווו צו באקומען אַ באהעלטעניש, אבער ער איז נישט ווייט געלאפן, אַ קויל האט אים געטראפן, נאך פיל מענטשן זענען אנטלאפן און גלייך ביים אנהויב געפונען דעם טויט. עס איז שוין געווען זיכער אז די ליקווידאציע פון די בילגורייער יידן האט זיך אנגעהויבן.

עס האט זיך דערהערט אַ קלאַפן אין טויער פון בלאָק, איך האב אנגעהויבן זוכן אַ באהעלטעניש, ווייל ארויס פון בלאָק, האט געהייסן אריין אין אַ האגל פון קוילן, איך בין ארויף אויף די טרעפ פון פייוול פאַנצערמאנ׳ס הויז, וועלכע האבן געפירט אויפן בוידעם־שטיבל, פאר דער טיר פונם בוידעם־שטיבל איז געווען אנגעווארפן, קאסטעבעס, לאָפאַטעס, שטעקנס און סתם אלטע שטיקער האָלץ, עס איז אבער געווען אוממעגלעך ארונטער צו קריכן אינטער דעם האָלצוואַרג, דערווייל האבן די זשאנדאַרמעריע און שוץ־פאליציי אויפגעבראכן דעם טויער און ביז איך וואלט ארונטער אונטער דעם האָלץ, וואלטן זיי פריער אַרויפגעקומען אויף די טרעפ, און אזוי קלערנדיק, אפשר בעסער גיין מיט אלע יידן דערהער איך ווי מען רופט מיין נאמען, דאס איז געווען אביגדור פאַרשטענדיק — ער איז געווען אַ קירזשנער און געהערט צו די „לעגאלע" — ער ווייזט מיר, ווי אויבן איז דאָ אַ לאָך, ווו מען קען אריין אין בוידעם׳ל פון בוידעם־שטיבל, עס איז דארט שטארק ענג, זאגט ער, נאר וואס זאל מען טון, מען מוז זיך ראטעווען, זיין פאטער זאגט ער איז דא אונטן אין שטוב, און ער גייט אים ארויפרופן, און איך, זאל נישט לאזן פארמאכן דאס לאָך, ביז זיין פאטער קומט ארויף...

ביז איך האב ארויפגעקלעטערט צום לאָך, איז פינטשע פאר־שטענדיק שוין געשטאנען גרייט נאך מיר ארויפצוקלעטערן, זיין זון האט אים אונטערגעהויבן און ער איז אריין. מען האט פארשטעלט דאס לאָך מיט אַ לאָקשן־ברעט, מיט דער לינקער־זייט ארויס, בכדי מען זאל מיינען אז דאס לאָך איז אזוי פארקלאַפט פון לאַנג. דארט

האט זיך אויסבאהאלטן דער בעל־הבית פון דעם שטיבל מיט נאָך יידן, פרויען און קליינע קינדער בערך 40 מענטשן.

דאָס בוידעם׳ל איז געווען אזוי קליין און נידעריק, אז אין מיטן האט מען געקענט זיצן נאר איינגעבויגן און אין די זייטן האט מען געמוזט נאר ליגן און דערביי יעדעס מאל קריגן געשטאכן פון די טשוועקעס וואס האבן ארויסגעשטארט פון די שינדלען.

אונז די צוויי נייע, האט מען געגעבן דעם פלאַץ לעבן פאַציאָט, ווייל דארט האט מען געזען וואס עס קומט פאר אין דרויסן, יעדער האט נישט געוואלט זען דאס שרעקלעכע וואס קומט פאר. צווייטנס, עס איז דארט געווען אזוי ענג, אז איינער איז געלעגן אויפן צווייטן. ליגנדיק האבן מיר געהערט די שווערע טריט פון די זשאנדארמען אויף די טרעפּ, דאס קלאַפּן מיט די קאָלבעס אין די ווענט, אלע אויפן בוידעם האבן דעם אָטעם איינגעצויגן און אין טויט־שרעק געווארט, וואס דער גורל וועט ברענגען.



פון רעכטס אויף לינקס: (זיצן) חייה פאנצערמאַן, גאניק, פעסע ליכטענפעלד. (שטייען) משה ליכטענפעלד, א דאנציקער און יעקב טייער.

דער זאמל־פונקט (אומשלאג־פלאץ) פון די געכאפטע יידן אויסערן געטאָ איז געווען אויף בירך הירשמאנס פלאץ, קעגנאיבער ליפא וואַגשאָל. א סך מענטשן זענען דערשאָסן געוואָרן אין די שטיבער, אָדער ביים ווערן אנטלויפן. אויפן פלאץ האָט מען צוזאמענגעטריבן

אלע געכאפטע בילגורייער ייִדן, אויף וועלכע עס איז כסדר געפאלן א האגל פון קוילן. זייער פיל זענען אומגעקומען אויפן אָרט. אזוי האָט מען זיי דאָרט געהאלטן אין טויט־שרעק ביז פארנאכט.

די זשאנדארמעריע און שוץ־פאליציי, וועלכע האבן געהיטן די יידן, האבן כסדר חוזק געמאכט, אלע מאל האבן זיי ארויסגערופן אַ ייִד און געהייסן אים מאכן קונצן אדער ער זאל זיך אויסטון די שיך, ווייזן, אויב ער האט דארט נישט באהאלטן קיין געלד, און ביים איינבויגן זיך אויסצוטון די שיך האבן זיי אים געשאסן פון אונטן, אזוי האבן זיי אויך געמאַכט מיט פרויען.

די גאַנצע שטאט האט אויסגעזען ווי אַ שעכטהויז, ארום און ארום טויטע, אין דער „3־טער מאַי"־גאס, איז נישט געווען קיין איין שטוב ווי עס זאל נישט זיין עטלעכע קרבנות, אויפן גאַס, אויפן ברוק, אומעטום, איז געווען פארגאסן יידיש בלוט, דאבײַ האבן די רוצחים געלאכט ווען זיי האבן געשאסן אַ ייִד.

ווען עס איז געקומען צו פארן צום זאמעל־פונקט דער סטאַ־ראסטע מיטן שעף פון דער געסטאַפאָ, האבן זיי אויפגעהערט צו שיסן אין די מענטשן, עס האט זיך נאר געהערט שאסן פון ווייטענס אין די יידישע שטיבער. דער סטאראסטע האט די „לעגאלע" ארײַנ־געשיקט צוריק אין בלאָק.

פארנאכט האָט מען זיי אוועקגעפירט אין פערד־שטאַלן, וואָס זענען געמאכט געוואָרן אויפן אלטן בית־הקברות, דאָרט האָט מען זיי מוראדיק געפייניקט אָן עסן און טרינקען. דינסטיק גאנץ פרי האָט מען די בילגורייער יידן אָפּגעפירט צו־פוס, אונטער א שיסעריי פון קוילן, קיין זווערזשיניעץ צו דער באן און פון דאָרט אָפּגעשיקט קיין בעל־זשעץ.

אין עטלעכע טעג ארום איז דורך מסירה געכאַפּט געוואָרן בערך 80 יידן, וועלכע זענען געווען אויסבאהאלטן ביי יאנטשע קאנטאָר אין הויף. מען האָט זיי דאָרט אלע אויסגעשאָסן און צוזאמענגעוואָרפן אין א קופּע אין מיטן הויף. דאס געטאָ האָט זיך נאָך געהאלטן אן ערך 10 וואָכן, שפּעטער האָט מען אלע איבערגעפירט קיין זאַמאָשטש און פון דאָרט קיין מיידאנעק.

די געסטאפּאָ האט ארויסגענומען עטלעכע יידן פון די „לעגאלע" זיי זאלן גראָבן אַ מאסן־קבר אויף ברוך הירשמאנס פלאץ, אבער מען איז באַלד געקומען פון שטאט־ראט מיט קריסטלעכע ארבעטער

וועלכע האבן, די ארבעט געטון מיט פרייד, ערשטנס, צו באגראבן יידן, צווייטנס, ביי יעדער קרבן האבן זיי עפעס געפונען, ווען נישט קיין געלט, איז געווען אַ זייגערל, א גאלדערנער צאָן א.ד.ג. עס האָט באלד נישט געפעלט קיין פּאַליאַקן וועלכע זענען געווארן בעלי־בתים פון יידישן ארעמען איבערבלייבעכץ, זיי זענען געגאנגען פון שטוב צו שטוב און האבן ארויסגעטראגן אַלץ וואס מען האט נאר געקענט טראגן.

דער בוידעם ווי קליין ער איז געווען, איז ער געווען פול מיט פּחד, עס האט אויסגעזען, ווי מען זיצט נישט אויף אַ בוידעם, נאר אין אַ היים פון מורא, פון אלע זייטן ארום, האט אונז געפּרעסט אַ שרעק, פון די שאָסן און זייערע עכאָס.

אויסער דעם שטענדיקן פּחד, איז געווען שווערע מאמענטן וועלכע האבן באדראט די באהעלטעניש. גלייך נאך אונזער ארויפקור־מען אויפן בוידעם, האט פינטשע פארשטענדיק געזען דורך די שפּארעס, ווי אַ שוץ־פּאַליציאַנט שלאגט זיין טאכטער (וועלכע איז געשטאנען אויפן פלאץ ביי ברוך הירשמאן) איבערן קאָפּ, בעת זי האט זיך איינגעבויגן, האט אַ צווייטער איר געצילט מיטן רעוואלווער אין קאַרק, גלייך מיטן פאלן פון שאָס, האט פינטשע פארשטענדיק פארגעסן אז ער זיצט געפּרעסט אין מורא, האט פארלענגערט דעם שאָס מיט אַ געשריי. פייוול פאַנצערמאן האט אים שטיל געזאגט: פינטשע, דו מאַכסט אומגליקלעך אזוי פיל קינדער! און דערביי אים פארשטאפּט דאס מויל מיט אַ מאַנאַרקע.

עס פלעגט טרעפן ביינאכט אז אַ קינד האט אנגעהויבן וויינען ווען ס'האבן זיך געהערט פון דערווייטנס טריט פון אַ פּאַטראָל ס'איז געשען אַ נס, וואס זייערע שווערע טריט האבן פארטויבט דעם קינדס געוויין. אזעלכע צרות האבן כסדר נישט געפעלט, אמאל האט זיך אַ ייד דערוווסט וועגן דעם בוידעם און האט אויך געוואלט אז מען זאל אים ארויפנעמען, אבער קיין פלאַץ איז נישט געווען, עס איז געקומען צו קריגערייען.

פון טאג צו טאג זענען צוגעקומען מענטשן, ווער עס האט זיך נאר דערוווסט פון בוידעם איז געקומען, אזוי האט זיך שוין געפונען אויפן בוידעם 60 נפשות.

איינמאל איז געקומען אַ ייד און פארלאנגט אז מען זאל אים ארויפלאזן אויפן בוידעם, נאר אזוי ווי דער בוידעם איז געווען

איבערפולט מיט מענטשן, האט מען אים נישט געקאָנט ארויפנעמען דאן האט ער געזאגט: „איר מעגט לעבן און איך נישט״? און איז אוועק.

באלד נאך דעם געשעעניש מיטן ייד, האב איך באשלאסן צו פארלאזן דעם בוידעם. איך האב געטראכט, ווי עס זאל נישט זיין, איז דער בוידעם שוין צו פיל באַקאַנט.

מיט עטלעכע שעה שפעטער נאך מיין פארלאזן דעם בוידעם, זענען געקומען געסטאַפּא, גלייך צוגעגאנגען אויפן אָרט, אויפגע־האַקט דאָס לאָך מיטן פארשטעלטן לאָקשן־ברעט, אלע ארויסגענומען אויפן הויף פון בלאָק און דאָרט אויסגעשאסן.



**אן אקציע אויפן בית-הקברות**

אין הויף פון ר׳ אליעזר שניידער אויף דער קאשציושקע גאַס, אונטער דער דירה פון יעקעלע מיידאנער, האָט זיך געפונען אַ קעלער. קיין טרעפּ איז דארט קיינמאל נישט געווען. עס איז דאָרט קיינער קיינמאל נישט אריינגעגאנגען, אויסער קעץ מיט מייז וואס האבן

בסדר געמאכט זייערע ווילדע געשרייען. נישט איינמאל פלעגט מען זאגן: „ר׳ אליעזר פארוואס פארשיט איר נישט דעם קעלער?" האט ער געענטפערט: „עס מאכט נישט. אז ער איז דא, זאל ער זיין" פונקט ווי ער וואלט געפילט, אז אין דעם צעבראכענעם פינצטערן גרוב, וועלן זיך דארפן אויסבאהאלטן העכער 50 בילגארייער יידן קנאפע 2 חדשים, נאך דער לעצטער אקציע.

ווען ר׳ מענדל הורוויץ איז אדורכגעגאנגען דורכן קעלער, האט ער זיך אביסל אפגעשטעלט, און א טראכט געטון און דאן גע־זאגט: „גוט, דא וועט מען זיך בעהאלטן!"

ער האט באלד פארשטעלט דעם ארייגאנג מיט אלטע ברעטער און שטיינער. און פון אויבן פון דער פאדלאגע האט ער אפגעריסן א ברעט און געמאכט אן ארייגאנג. ער האט דארט אריינגענומען איבער 50 מענטשן, דערונטער פרויען מיט קינדער. קנאפע 2 חדשים האבן זיך אזוי געמוטשעט די מענטשן.

דער יונגסטער זון פון ר׳ מענדל הורוויץ איז דאן אלט געווען 12 יאר. ער איז געווען לויפער און שפייז־ברענגער. ער איז כסדר געווען אין דרויסן. יעדער נאכט פלעגט ער קומען און אריינברענגען 2 זעק מיט ברויט, און געפרייט זיך מיט די באהאלטענע; געהאלפן ארויסגיסן די עמערס מיט שמוץ, וואס האבן זיך אנגעזאמלט במשך פון גאנצן טאג. אזוי האט ער יעדער נאכט אפגעארבעט ביז שפעט. ער האט צוריק געלייגט דאס ברעט פון דער פאדלאגע; פארשיט עס מיטן אנגעווארפענעם שטרוי וואס איז איבערגעבליבן פון די רויבער, נאכן אויסרויבן די יידישע הייזער.

סוף חודש דעצעמבער, ווען די לופט איז שוין געווען פראסטיק, האבן די יידן אין קעלער דאס ברעט געעפנט, בכדי עס זאל אריין אביסל פרישע לופט; זענען פארביי געגאנגען 2 דייטשע זשאנדארמען, וועלכע האבן פאטרולירט די 3־טע מאי גאס. עס איז זיי אויסגעקומען פארדעכ־טיקט. זיי האבן געוווסט, אז דא האבן אמאל געוווינט יידן, און איצט איז שוין קיין יידן דא נישט פאראנען. אויב אזוי פון וואנען נעמט זיך דא אזא שלעכטע לופט? זיי זענען צוגעגאנגען נאענטער, און אויפגעוועקט 2 קריסטן, וואס האבן טאקע געוווינט אין הויז פון ר׳ אליעזר שניידער.

זיי זענען צוגעגאנגען צו דער חורבה און געהייסן אויפקנעמען די ברעטער מיט די שטיינער וואס ר׳ מענדל הורוויץ האט אנגעלייגט. דא האט זיך פאר זיי אנטפלעקט א פינצטערער גרוב, פון וועלכן

מען האָט געהערט נאָר: „שמע ישראל! שמע ישראל!"
די ווילדע געשרייען פון די דייטשע מערדער: „„הערויס יודן!"
האָבן זיך אויסגעמישט מיט די שמע ישראל געשרייען. קיינער איז פון קעלער נישט ארויס, ביז א האנט־גראנאט האָט געמאכט אן ענדע צו די שמע ישראל געשרייען, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון קעלער. און אפילו די, וואָס זענען ארויס, זענען ווייט נישט געלאָפן, ווייל די דייטשע רוצחישע קוילן האָבן זיי געטראָפן.

און מיט דעם איז בילגאריי געבליבן יידן־ריין.

---



בעריש מיצנער מיט זיין פרוי מאשי און זיין פאמיליע. פון רעכטס אויף לינקס: (שטייען) שרה, נעכע, פרימעס, פסח ווייצמאן מיט אַ קינד. (זיצן) הערש זאַטלמאַן, זיין פרוי הענע מיט 2 קינדער. (אונטן) חנה און שמואל־לייב.

## שמואל זוסמאן

# מיין איבערלעבן די קריג

באלד מיטן אריינקומען פון די דייטשן, האָט זיך אָנגעהויבן פאר די בילגורייער יידן די שרעקלעכע פרשה פון יסורים און פיין, מיט כאַפּן אויף ארבעט, שלאָגן אכזריותדיק ביי דער ארבעט, ארויפלייגן כסדר געלט־קאָנטריבוציעס און דאָס כאַפּן פארמעגלעכע יידן — און דורך גרויליקע פיין זיי צווינגען צו ברענגען אויסקויף־געלט.

די ערשטע דעפּאָרטאציע פון די בילגורייער יידן איז פאָרגעקומען אין אַפּריל 1941 ; מ'האָט געצוואונגען 800 יידן ארויסצופאָרן קיין גארי. די דאָזיקע צוואנג־דעפּאָרטאציע האָט נישט געהאט קיין שום ספּעצ־יעלן צוועק. עס איז נאָר געווען א דייטש־בעסטיאליש מיטל צו טע־ראָריזירן יידן. אין א קורצער צייט ארום, זענען אלע יידן געווען צוריק אין בילגוריי.

דער יידנראָט אין בילגוריי איז אויך געווען אַ סאציאלע אינסטי־טוציע, ער האט געשאפן אַ ביליקע קוך, וואס איז געווען אין הויז פון אליעזר טייער און דער לייטער איז געווען נחום וואגנער, זיי פלעגן באזארגען ברויט־קאַרטן און אויך געבן געלט־שטיצע.

יעדער בילגורייער ייד האט געקאָנט באקומען אַ ביליק מיטאג, וואס אין יענער צייט איז עס געווען אַ וויכטיקע זאַך און ווער עס האט נישט געקאנט באַצאלן, האט עס באקומען אומזיסט. אויף פסח זענען אלע יידן געווארן באזארגט מיט מצות.

נחום וואגנער, פארנדיק קיין שעברשין קויפן שפּייז פאר דער קוך, איז דארט געכאפּט געווארן אין אַן אקציע און אוועקגעשיקט געווארן קיין בעלזשעץ. דאס זענען מיר געוויזער געווארען פון אַ פרוי וואס איז ארויסגעשפרונגען פון צוג, אין וועלכן מען האט געפירט נחום וואַגנער.

דער יודנראט האָט מיט מסירת־נפש אָפּגעשריען אלע שלעכטע גזירות, וואָס האבן זיך כסדר געשיט אויף די קעפּ פון די בילגורייער יידן, פארשטענדלעך פאר גרויסע סומעס געלט. צו דעם צוועק איז אויך אויסגענוצט געוואָרן די פּראָטעקציע פון געוועזענעם וויצע־

סטאַראָסטע, באַרשטש, וועלכער האָט פאַרנומען אַן אַנגעזעען אָרט ביי דער דייטשער מאַכט.

מיט דער האָפענונג אפשר וועט מען דאָך איבערלעבן די שרעק־לעכע צייט. דערוויל האָט מען דערשאָסן דעם יודענראַט־זרעזעס הלל יאַנאָווער. אויף זיין אָרט איז נאָמינירט געוואָרן הערש זילבער־בערג אלס יודען־עלטסטער.

די צווייטע דעפּאָרטאַציע איז פאָרגעקומען זומער־צייט 1942, דאַן איז שוין געווען דער טויטן־לאַגער בעלזשעץ. מען האט פאַרזיכערט די יידן, אז מען פירט זיי אויף אַרבעט קיין אוקראַינע. יעדער האָט געדאַרפט מיטנעמען מיט זיך 400 זלאָטעס. מען האָט געבראַכט פורן פון די אַרומיקע דערפער, אויפגעזעצט די אומגליקלעכע יידן און זיי אָפּגעפירט קיין זווערזשיניעץ, דאָרט זענען שוין געווען צוגעגרייט וואַגאָנעס, אין וועלכע מען האָט אַריינגעפּאַקט די מענטשן און זיי אָפּגעשיקט אין טויטן־לאַגער. פאַרן „איינוואַגאָנירן" זענען די אומ־גליקלעכע דורכגעגאַנגען פאַרשידענע עינויים.

נאָכדעם איז געווען א קליינע אָטעם־פויזע. יעדער האָט געלעבט



א בילגורייער ייד אין דער צייט פון דער אקופאציע (אומגעקומען)

ביי דער לעצטער אקציע האָט מען צוזאמענגענומען די בילגאָר־ייער יידן געפיינִיקטע און אויסגעמוטשעטע, האַלב־טויטע, און גע־פירט זיי צו פיס צו דער באַן סטאַציע קיין זווערשיניעץ. אויפן וועג

האָט אַן ס.ס.־מאַן אַרויסגעריסן דאָס קליינע קינד ביי שאָשע שלעכטער־מאַן, וועלכע האָט עס געטראָגן אויף דער האַנט; גענומען עס ביי די פיסלעך און מיטן קינד געקלאַפּט איבער די קעפּ פון די האַלב־טויטע גייענדיקע מתים, און געשריגן: „יידן, שנעלער!״

א געוויסן זונטיק האָט א ס. ס.מאַן צוזאַמענגענומען 13 קליינע קינדער, זיי אַרויפגעפירט אויפן פּלאַץ פון ברוך הערשמאַן, לעבן ישעיהו נטע׳ס פּלימפּ, און זיי דאָרט גענומען אויסשיסן. אין מיטן דער גרויליקער אַרבעט, האָט אים אויסגעפעלט קוילן; האָט ער 3 קינדערלעך אַריינגעבערענגט אין געטאָ, און געהייסן זיי גוט היטן. ער איז שנעל געלאָפן ברענגען קוילן. צוריקקומענדיק מיט די קוילן, האָט ער גענומען די 3 קינדערלעך און זיי דערשאָסן.

נאָך דער זעלבער אַקציע פון חשון 1942, האָבן זיי איבערגעלאָזט פאַכלייט, מיט זייערע פרויען און קינדער; זיי אַריינגעפירט צוריק אין געטאָ, פון געטאָ האָבן זיי גענומען אַלע מענער; אָפּגעפירט זיי אין טורמע, און די פרויען מיט די קינדער איבערגעלאָזט אין געטאָ. באַלד איז געקומען א ס.ס.־מאַן, וועלכער האָט געפרעגט, ווו זיי האָבן די געפעק. זיי האָבן געענטפערט, אז זיי האָבן אַלץ איבערגעלאָזט אין געטאָ. זיי האָבן באַלד געבערענגט א מאַשין, מיטגענומען עטלעכע יידן, און געפאָרן אין געטאָ נאָך די געפעק. צוריקקומענדיק צו דער געטאָ, האָבן זיי געזען ווי אַלע פרויען מיט די קינדער ליגן אויסגעשאָסן, און אַנגעוואָרפן אויף א קופע אין געטאָ־הויף. שפּעטער האָט מען די אַלע פאַכלייט אַריבערגעפירט קיין זאַמאַשטש.

אַזוי אַרום איז אָפּגעמעקט געוואָרן די יידישע קהלה אין בילגאָריי, וואָס האָט געהאַט אונטער זיך א געשיכטע פון עטלעכע הונדערט יאָר.

---

הערש טאַרם (קראַסעס איידעם) ער איז געווען אין געטאָ, האָט געהאַט באַהאַלטן זיינע 2 קינדער ביי אליעזר קאַנדל אין הויז, ווען ער איז געווען ביי דער אַרבעט האָט מען זיינע קינדער געכאַפּט, מען האָט זיי געפרעגט ווער זיי זענען, האָבן זיי אויס געזאָגט, און ווען הערש טאַרם איז געקומען פון דער אַרבעט האָבן די דייטשן זיי אַלע 3 דערשאָסן.

---

נאָך דער לעצטער ליקווידאַציע איז אַריינגעקומען דער פאַלקס־

דייטש מאַיעווסקי אין געטאָ, און געוויזן מיט פרייד דאס געלד וואס ער האט צוגענומען ביי די דערמארדעטע יידן.

---

די באשפייזונג אין געטא אויף אַ גאנצן חודש איז באשטאנען פון: 1 קילא ברויט, 15 דעקא צוקער, אביסל מאַרמאַלאַד און 10 דעקא האָניג.

---

אין די בילגורייער וועלדער איז געווען אַ גרופע פאַרטיזאַנער פון: איציק פארצעלאן, סיני שפער, אליעזר שוחט׳ס אַ זון, נטע קליינמינץ, חיים פיינערס זון שלמה און יוסף הירשענהארן, זיי פלעגן כסדר קומען ביינאכט אין געטא און גערופן די יוגנט אין די וועלדער.

אַמאל האט איציק גייענדיק פון וואלד, אָנגעטראפן דייטשן, עס איז פארגעקומען אַ שיסעריי צווישן אים מיט זיי, ער האט זיך צוריק־געצויגן ביזן וואלד און דארט איז ער געטראפן געווארן דורך אַ דייטשער קויל און געפאלן טויט.



יוסף הירשענהארן

יוסף הירנשענהארן האבן אמאל פויערים געכאפט און אים דעם קאָפּ געשפאלטן, נישט האבנדיק קיין מעדיצינישע־הילף, האט זיך אים דארט ווערעם געשאפן און ארומבלאנקענדיק זיך אין די וועלדער, איז ער געשטארבן.

נאך שווערע מי איז געלונגען אויסצו־פועל'ן ביי דער געסטאפא איבערצולאזן משה קארנבליט אלס ארבעטסמאַן אין געטא, איבער־געבנדיק אים די ידיעה, האט ער זיך זייער געפרייט, די דייטשן זענ־דיק אים אַ צופרידענעם, האבן אים אויפן ארט געשאסן.

---

האַניע ראזנבוים האבן די דייטשן צוגעבונדן צו אַ פערד און זי געשלעפט איבער דער גאנצער שטאט וואס זי איז אין שווערעליידן געשטאָרבן.

---

פישל שולמאן זייענדיק אַ מאלער, האט ער כסדר געארבעט ביי די דייטשן, און צוליב דעם פלעגט ער האבן באקאנטשאפט מיט זיי, דאס האט אים געגעבן די מעגליכקייט אויסצונוצן זיין פראַ־טעקציע ביי פארשידענע גזירות אויף די פארפייניקטע יידן. עס זענען געווען פאַלן וואס עס איז געווען באַדראָט מיט טויט־שטראָף, ער אבער האט אויף דעם אלעמען נישט געקוקט, ער האט זיין לעבן איינגעשטעלט אבי יענעם צו ראטעווען.

---



אברהם רובינשטיינס פאמיליע (אומגעקומען), די טאכטער חנה טארם מיט א זון (לעבן אין ישראל).

